# די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור

## אַן אַריינפיר אין פילאָמיטאָלאָגיע

פון

ל. לעהרער

פאַרלאַג „מתנות“
באַם שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט
ניו יאָרק, 1926.

# אינהאַלט

# הקדמה

דער געדאַנק אַז ליטעראַטור איז אַ דערשיינונג וואָס פאָדערט אַ וויסנשאַפטלאַכע אויספאָרשונג כדי זי צו דערקלערן, איז פאַרשטייט זיך קיין נייעס ניט. אָבער ביז איצט איז די אויספאָרשונג געווען על פי רוב פאַרבונדן מיט פילאָזאָפיע, אַנטראָפּאָלאָגיע אָדער קולטור געשיכטע און סאָציאָלאָגיע. אין פילאָזאָפיע איז ליטעראַטור באַהאַנדלט געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע קונסטן, ווי אַן עסטעטישע דערשיינונג. ממילא האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן און געענדיקט מיט אַ פילאָזאָפיע פון עסטעטיק. אין דער דאָזיקער ספערע איז מען אָפט דערגאַנגען צו אַזעלכע אַבסטראַקציעס, אַז די קאָנקרעטע קונסט דערשיינונגען האָבן זיך שוין באַלד אין גאַנצן ניט אַרויסגעזען. וואָרים אפילו אין טאָג־טעגלאַכע שמועסן איבער קונסט, ווען מען פאַרלאָזט דאָס קאָנקרעטע קונסט־פעלד און מען הייבט אָן צו רעדן וועגן שיינקייט בכלל, דעמאָלט ווערט מען ניט ווילנדיק אַראָפּגעפירט פון וועג. מען קען אַרויסזאָגן טיפע געדאַנקען, אָדער צונויפשטעלן אינטערעסאַנטע השערות וועגן אינטערעסאַנטע עניינים, אָדער מען קען שאַפן פיינע און קיילאַכיקע אַפאָריזמען, אָבער דאָס קאָנקרעטע בילד, ליד אָדער די סטאַטוע — ווי אַ דערשיינונג וואָס לעבט און ווירקט — ווערט דערמיט ניט קלאָרער אָדער נענטער.

אין קולטור אַנטראָפּאָלאָגיע איז מען, ווי באַקאַנט, דערהויפּט פאַרינטערעסירט אין דער פראַגע וועגן אָפּשטאַם. וואָס האָבן מענטשן געשאַפן פריער, פּאָעזיע אָדער פּראָזע? איז די באַלאַדע געבוירן געוואָרן פאַר דער ליריק, אָדער פאַרקערט? פון וואַנען האָט זיך גענומען די צויבער־מעשה? די דראַמע? דאָס ליד? דער דאָזיקער צוטריט צו ליטעראַטור איז בלי ספק געוואַלטיק וויכטיק, די פאַרדינסטן פון די פאָרשונגען אויף אָט דעם פעלד — וואו עס איז אויך געבוירן געוואָרן די פאָלקלאָריסטישע וויסנשאַפט — זענען אומגעהייער גרויסע. זיי רירן אָבער אָן בלויז איין זייט פון דער

פראגע, די רעוואָלוציאָניסטישע זייט. כדי צו האָבן אַ גרינדלאַכע פאַרשטענדעניש פאַר ליטעראַטור, איז טאַקע אוממעגלאַך צו איג־נאָרירן די פּראָבלעמען מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך אין פאַר־שונגען איבער קונסט־אַנטוויקלונג. דאָס אַלץ איז אָבער ניט גענוג ווען מיר ווילן אויפנעמען דעם פולען זינען פון אַ קונסט־ווערק פון דער איצטיקער צייט, וואָס האָט אויך איר באַזונדערן וויקונגס־קרייז אין אירע גאַנץ באַזונדערע שייכות'ן.

דאָס לעצטע געהערט אייגענטלאַך דער סאָציאָלאָגיע, אָדער דער אַזוי גערופענער סאָציאָלאָגישער קריטיק. די ווירקונגען פון סאָציאַלן לעבן, פון עקאָנאָמישע באַדינגונגען, פון געזעלשאַפטלאַכע פילאָזאָפיעס, לעבנס־שטייגער, רעליגיע, א. א. וו. אויף ליטעראַטור זענען זייער וויכטיק און אָנזעעוודיק. צו באַטראַכטן ליטעראַטור פון דער סאָציאָלאָגישער זייט איז דעריבער אַן ענין וואָס האָט גע־וואַלטיק גרויסע פאַרדינסטן. דאָך בלייבט נאָך איבער אַ גרויס פעלד פאַר ריין פּסיכאָלאָגישע פאָרשונגען וואו עס איז ביז איצט ווייניק וואָס געטאָן געוואָרן.

נעמט למשל אַזאַ דערשיינונג ווי רעליגיע. ווען מיר וועלן שוין ווּיסן אויף קלאָר פון וואַנען רעליגיע שטאַמט און וואָסער פלאַץ זי פאַרנעמט איצט אין לעבן, וועט נאָך אַלץ בלייבן די גרויסע פראַגע: וואָסערע פאַקטאָרן אין דער מענטשלאַכער פּסיכיק טרייבן אונז אין רעליגיעזע ריכטונגען? דאָס זעלביקע איז אמת בנוגע לי־טעראַטור. וועלכע ספּעציעלע מאָמענטן אין אונזער גייסטיק לעבן מאַכן מעגלאַך דאָס ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפן און געניסן? איינס פון די וויכטיקסטע אויפגאַבע פונ'ם דאָזיקן בוך איז צו פּרו־בירן געבן אַן ענטפער אויף אָט דער פראַגע.

מיר געפינען ביי יעדן מענטשן אַ טענדענץ איבערצוגעבן זיינע איבערלעבונגען אין דער פאָרם פון אָרגאַניזירטע גאַנצקייטן מיט אַן אָנהויב, אַ קלימאַקס און אַ סוף, דאָס וואָס מען רופט „מעשות", אַ חוץ דעם איז פאַראַן אַ גרויס פאַרגעניגן אין שאַפן און הערן, אָדער לייענען, מעשות. כדי צו אַנאַליזירן די דאָזיקע אַלגעמיינע טענדענץ, איז נייטיק געווען צו געפינען אַ וואָרט וואָס זאָל זי באַצייכענען, לויט דער עצה פונ'ם פילאָלאָג יהודה יאפע, האָב איך

אַנגענומען דאָס וואָרט „פּ י ל אָ מ י ט י ע" (פּילאָ — ליבע, מיטאָס — מעשה) וואָס דריקט אויס די פאַרשידענע זייטן פון דער אַנגעוויזענער טענדענץ. פון דעם האָב איך גענומען דאָס אייגנ־שאַפט וואָרט „פילאָמיטיש" און דאָס הויפּט וואָרט „פילאָמיטאָ־לאָגיע" צו באַצייכענען די וויסנשאַפט, אָדער דעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון פילאָמיטישע דערשיינונגען. דאָס לעצטע איז ניט קיין צו גליקלאַכער איינפאַל, ווייל די אַנדערע העלפט פונ׳ם וואָרט, — „מיטאלאגיע", — האט גאָר אַן אַנדער טייטש און קען אפשר אַרויסרופן טעות׳ן. מיר דוכט אָבער אַז דאָס וואָס „פילאמיטאָ־לאָגיע" ווערט געשריבן ווי איין וואָרט ווערט שוין דערמיט שווערער עס צו פאַרבייטן מיט „מיטאָלאָגיע", יעדנפאַלס איז דאָס געווען דער בעסטער אויסוועג וואָס איך האָב פאַר זיך געזען.

האַלטן מיר שוין בא שפּראַכלאַכע שוועריקייטן אין כדאי אָנצואווייזן אַז דער נאָמען פונ׳ם בוך — „די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור" — גיט ניט גאַנץ פּינקטלאַך איבער דעם אינהאַלט. עס וואָלט אייגנטלאַך געדאַרפט הייסן „די פסיכאָלאָגיע פון פילאָ־מיטיע", וואָס ליטעראַטור איז בלויז איר רייפסטע פרוכט. עס וועט אָבער זיין פאַרשטענדלאַך פאַר יעדן אַז עס איז ניט ראַטזאַם צו באַנוצן אַ ניי־געשאַפן וואָרט אין סאַמע אויבן־אָן. איך טרייסט זיך בלויז דערמיט וואָס ליטעראַטור גופא ווערט דאָ גענוג אָנגערירט, אַזוי אַז דער נאָמען איז דאָך ניט אויס׳ן וועג. פונדעסטוועגן כדי אין גאַנצן צו באַרואיקן מיין געוויסן האָב איך אָוועקגעשטעלט אינ׳ם אונטער־קעפּל דעם פולן צוועק פונ׳ם ווערק: אַן אַריינפיר אין פילאָמיטאָלאָגיע.

ווי געזאָגט בין איך דאָ פאַרינטערעסירט דערהויפּט אין פּסי־כאָלאָגישע גרונד־פרינציפּן אויף וויפיל זיי האָבן אַ שייכות צו מעשות בכלל און צו ליטעראַטור בפרט. פון דעם שטאַנדפּונקט איז פאַרשטייט זיך, נייטיק געווען איך זאָל אָפּגעבען אַ סך פּלאַץ קלאָר צו מאַכען ריין פּסיכאָלאָגישע פראַגן. מען דאַרף דעריבער ניט האַלטן אַז דאָס אָפטע פאַנאַנדער קלייבן זיך אין פּסיכישע דערשיינונגען איז אַן אָפּנייגונג פון דער הויפט טעמע. עס וואָלט אַנדערש פּשוט אוממעגלאַך געווען אַריינצופירן דעם לייענער אין דער פילאָמיטאָלאָגישער וועלט.

זאָל דאָס, אגב אורחא, אויך דינען ווי אַן ענטפער צו די וואָס וועלן אפשר זיך דארפן אָנשטרענגען צו פארשטיין, ספּעציעל, דאָס צווייטע און דריטע קאַפּיטל. איך האָב זיך מיט אַלע כחות גע־פּלייסט אויסצומיידן אומנייטיקע שוועריקייטן, ווייל דאָס פארגע־ניגן פארשטאַנען צו ווערן איז בּאַ מיר צו גרויס איך זאָל זיך דערפון קענען אָפּזאָגן, שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם אומזין צו שרייבן פאַר זיך אַליין וועגן אַזעלכע ענינים. אָבער אַ מענטש וואָס די באַהאַנדלטע טעמע איז אים אין גאַנצן פרעמד, וועט זיך ניט קענען גלייך פילן היימיש אין דער דאַזיקער וועלט. די שוועריקייטן שטאַמען דעמאָלט ניט פון דער האַרבקייט פונ׳ם ענין, נאָר פון דער פרעמדקייט פונ׳ם לייענער. דאָס קען אָבער באַזייטיקט ווערן מיט דער הילף פון אַ ביסל אָנשטרענגונג.

זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן אַז טיילן פונ׳ם זעקסטן און אכטן קאַפּיטל זענען שוין פריער פאַרעפנטלאַכט געוואָרן. דאָס זעקסטע קאַפּיטל איז געבויט אויף מיין אַרטיקל „פּסיכאָאַנאַליז און קונסט" („דאָס נייע לעבן", ניו יאָרק, יולי־אויגוסט 1923). אין אכטן קאַפּיטל באַנוץ איך זיך מיט צוויי פריער־דערשינענע אַרטיקלען („טעאַליט", ניו יאָרק, יאַנואַר 1924 און „מערב", לאָס אַנדזשעלעס, פעברואַר 1925). דאָס פינפטע קאַפּיטל וואָס איז דערשינען אין די „שריפטן"( ווינטער 1925־1926) ווערט דאָ געדרוקט מיט אַ סך ענדערונגען.

עס איז באמת אַ פאַרגעניגן אויסצודריקן אַ האַרציקן דאַנק צו מיין חבר מ. מענדעלסבערג פאַר העלפן מיר איבערקוקן די קאָרעקטורן, צו קאָלעגע יהודה יאָפע פאַר זיין הילף אויף וועלכער איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, און ספּעציעל צו ש. ניגער. קאָלעגע ניגער האָט פאָרזיכטיק איבערגעלייענט דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט, גע־מאַכט וויכטיקע באַמערקונגען און מיר בכלל געהאָלפן מיט אַ סך זאַכלאַכע עצות סיי אין פרט פון שפּראַך סיי בנוגע אַלגעמיינער אַראַנזשירונג.

ל. לעהרער

ניו יאָרק, אַפּריל 1926.

# קאַפּיטל I

# די טבע פון ליטעראַטור

## א. דער טערמין „קונסט“.

דאָס וואָרט „קונסט“ ווערט געוויינטלאַך באַנוצט צו באַצייכענען אַן אומגעהייערע צאָל פאַרשידנאַרטיקע מענטשלאַכע טעטיקייטן. שוין צוליב דעם אַליין איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט לאָזט זיך ניט דעפינירן. דערין שטעקט אייגנטלאַך קיין אומגליק ניט. דעפינירן הייסט אָפּגרענעצן, אַרומצוימען, דאָס וואָס עס איז אַזוי שווער צו באַשטימען וואָס קונסט איז, באַווייזט בלויז, אַז די טעטיקייטן וואָס גייען אונטער אָט דעם נאָמען, האָבן זיך ווייט פאַרצווייגן איבער דער ברייט און אין דער טיף פון'ם לעבנס־געוועב. אחוץ דעם, פון שטאַנדפּונקט פון פּשוט'ער באַקוועמלאַכקייט, ליגט אַ גרויסע מעלה אין דעם, וואָס מיר קענען אַרומנעמען מיט איין איינציק וואָרט אַזאַ פילפאַרביקע וועלט ווי ליטעראַטור, מוזיק, מאַלעריי, אַרכיטעקטור, סקולפּטור, טאַנצן, געזאַנג, טעאַטער א. א. וו. די ענלאַכקייטן וואָס ליגן אין אָט די אַלע קונסט־צווייגן זענען אונז גענוג וויכטיק, און די מעגלאַכקייט זיי אַלע אויסצודריקן מיט איין איינציקן שפּראַכלאַכן צייכן איז באמת אַ פאַרלייכטערונג. אָבער אָט די מעלה האָט אויך אַ געוואַלטיקן חסרון פון וועלכן מיר לײדן אַ היפּש ביסל. די געוואוינהייט שטענדיק צו באַנוצן דאָס וואָרט „קונסט“ פאַר יעדער פאָרם פון אַרטיסטישער שאַפונג מאַכט אונז בלינד צו די אונטערשידן וואָס זענען אַ האָר ניט ווייניקער וויכטיק ווי די ענלאַכקייטן. די באַזונדערע וועגן און כאַראַקטער שטריכן פון יעדער קונסט־צווייג ווערן פאַרטונקלט און שלעכט פאַרשטאַנען ווען מיר געפינען זיך צו אָפט אונטער'ן איינדרוק פון אַלגעמיינע טערמינען, אָדער אפילו ווען די טערמינען פון איין קונסט־צווייג ווערן באַנוצט אויף צו באַ־

שרייבן און צו דערקלערן אַן אַנדער צווייג. דאָס איז, נאַטירלאַך, אָפט שווער אויסצומיידן, אָבער פון דעם ווערט דאָך דער שאָדן ניט קלענער.

## ב. די פּאָפּולאַריטעט פון ליטעראַטור

אָבער מער פון אַלע פאַרלירט בלי ספק די ליטעראַטור. ליטע־ראַטור פאַרנעמט גאָר אַ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן פּלאַץ צווישן די קונסטן און האָט, דוכט מיר, גאָר אַ באַזונדערע פונקציע אין מענטשלאַכן לעבן. קודם כל וואַרפט זיך זייער שטאַרק אין די אויגן די פאַרשפּרייטקייט פון דער שיינער ליטעראַטור, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין אַלע איבעריקע קונסטן. די איינציקע קונסט וואָס שטייט נאָענט צו ליטעראַטור אין פּרט פון פּאָפּולאַ־ריטעט איז מוזיק, אָבער עס איז דאָך כאַראַקטעריסטיש וואָס גראַד מוזיק שטייט אויך זייער נאָענט צו ליטעראַטור לויט איר טבע און געשיכטע. וואָרים לענגערע מוזיקאַלישע ווערק וואָס זענען אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער וואָרט־קונסט, איז דאָך אַ נייע דערשיינונג. בא פּרימיטיווע פעלקער — כאָטש בא זיי זענען אויך פאַראַן מעלאָדיעס אָן ווערטער, ריכטיקער, מעלאָדיעס וואו ווער־טער ווערן פאַרשטאַנען אָבער ניט אויסגעדריקט — ווערן על פּי רוב געזונגען לידער, און זייער זעלטן בלויז נגונים. בא פּרימיטיווע פעלקער איז מוזיק פאַרבונדן ניט בלויז מיט קורצע מעטרישע לי־דער נאָר, אויף אַן אומדירעקטן אופן, מיט גאַנצע מעשׂות. אָט וואָס עס זאָגט אַליס ק. פלעטשער, וועלכע האָט דרייסיק יאָר צייט פאַרבראַכט צווישן די סאַמע פּרימיטיווע אינדיאַנישע שבטים: „די מעשׂה שטיצט זיך תמיד אויף אַ דראַמאַטישער פּאַסירונג וואו, בא אַ געוויסן פּונקט, איז די עמאָציע געצוואונגען זיך אויסצודריקן דורך מיטלען וואָס שטייגן אַריבער די גרענעצן פון הוילע ווערטער, און לידער זענען דער רעזולטאַט". *)

בנוגע די אַנדערע קונסטן קען גאָר קיין פאַרגלייך ניט זיין צווישן זיי און ליטעראַטור אין דעם פּרט פון פּאָפּולאַריטעט. ווען מיר שטעלן זיך פאָר וויפיל מענטשן עס לייענען די אַלע מעשׂות

*) Indian Story and Song. By Alice C. Fletcher, p. 121.

און ענלאַכע בעלעטריסטישע שאַפונגען וואָס ווערן כסדר געדרוקט אין טעגלאַכע צייטונגען און וועכנטלאַכע און חודשלאַכע זשור־נאַלן, אין אומפּעריאָדישע אויסגאַבן און ביכער; ווען מיר זאָלן נאָך צו דעם צוגעבן דאָס טעאַטער און דעם קינעמאַטאָגראַף וואו מענטשן זוכן „אמת'ע לעבנס־בילדער"; ווען מיר זאָלן נאָך אויך צורעכענען די פאָלקלאָריסטישע מעשות וואָס ווערן כסדר דערציילט צווישן פּרימיטיווערע פעלקער; און ווען מיר זאָלן אין דער זעל־ביקער צייט ניט פארגעסן אָן די מעשות וואָס מענטשן דערציילן זיך און הערן אוים צוליב'ן פארגעניגן וואָס מען האָט פון אַ דער־ציילטער אָדער געהערטער מעשה, — ווען מיר זאָלן מאַכן אַזאַ מין חשבון וואָלט זיך באמת באַקומען אַ גראַנדיעז בילד, אַ בילד פון הונדערטער מיליאָנען נישטערן און זוכן באַפרידיקונג אין אַ גרויסער מענטשלאַך־אויסגעטראַכטער וועלט. עס קומט אויס עפּעס אַזוי ווי ליטעראַטור, אין ברייטסטן זין פון וואָרט, וואָלט בוכשטעבלאַך געשטילט אַ הונגער און געלאָשן אַ דאָרשט.

מען קען נאַטירלאַך גלייך אַרויסקומען מיט דער טענה אַז דאָ ווערט ליטעראַטור גענומען אין אַ צו ברייטן זינען. וואָרים אויב מיר וועלן צורעכענען צו ליטעראַטור אַזעלכע מעשות וואָס מען דערציילט זיך ערגיץ וואו אין אַ פּאַרק, אָדער וואָס אינטים־געוואָ־רענע שכנות דערציילן זיך פון זייער לעבן, דעמאָלט בלייבט שוין באַלד גאָר ניט איבער וואָס זאָל ניט זיין ליטעראַטור. אַ חוץ דעם איז נאָך אַ פראַגע וועגן דעם קינסטלערישן ווערט פון די אַלע מעשות אין קינעמאַטאָגראַף, צייטונג, א. א. וו.

איז בנוגע דער ערשטער טענה וועלן מיר אביסל מוזן אויס־וואַרטן ביז עס וועט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען קלאָר ווערן דער שטאַנדפּונקט וואָס ווערט דאָ פאַרטיידיקט. בנוגע דער צוויי־טער טענה, דאַרף גלייך קלאָר ווערן אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן דעם „אינוויייניקסטן" ווערט פון קונסט, ממילא אויך ניט פון דער ליטעראַרישער קונסט. דאָ רעדט זיך ניט וועגן דער גרויסקייט פונ'ם שאַפער, נאָר וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון מעשות, וואָס דריקט זיך אוים סיי אין שאַפן און סיי אין געניסן. עס איז פאַראַן אויך אַ מער צוגענגלאַכע מאַלעריי פּונקט ווי עס איז פאַראַן אַ

ליטעראַרישער שונד, אָבער ווי קען מען זיי ביידן פאַרגלייכן בנוגע פּאָפּולאַריטעט?

אַ סך האַלטן אַז די שול איז פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר דעם. אויב, הייסט עס, מען וואָלט אין די שולן גלייך „איינגעפּלאַנצט" אין די קינדער אַ ליבע צו אַלע עסטעטישע ענינים, וואָלט דעמאָלט די ליטעראַטור קיין יחסנ'טע ניט געווען. עס איז לעצטנס געוואָרן אַ מאָדע באַ אַ סך שרייבער — ספּעציעל אין דער אַמעריקאַניש־ענגלישער ליטעראַטור — אָוועקצושטעלן די שול־דערציאונג ווי אַ סבה פון אַלע צרות וואָס ווייזן זיך אַרויס אין דער דערוואַקסע־נער געזעלשאַפט, אָבער אין אונזער פאַל זענען פאַראַן צוויי וויכ־טיקע מאָמענטן וואָס מען דאַרף האָבן אין זינען. ערשטנס, פאַר־וואָס ווערן טאַקע געוויסע קונסט־צווייגן ניט אַריינגענומען, אָדער ניט גענוג אַריינגענומען אין שול־פּראָגראַם? פאַרוואָס האָט דאָ געפעלט דער צווינגענדיקער כח וועלכער האָט געווירקט בנוגע אַנדערע למודים? מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז דער פאַקט וואָס געוויסע קונסט־טעטיקייטן זענען ניט גענוג פאַרטראָטן אין שול־פּראָגראַם, איז ניט בלויז קיין סבה פון שפּעטערדיקע רעזולטאַטן, נאָר אויך אַ פּועל יוצא פון פריערדיקע סבות. אָט די סבות ליגן פריער פון אַלץ אינ'ם אַלגעמיינעם צושטאַנד אַ דאַנק וועלכן קונסט, מיט דער אויסנאַם פון ליטעראַטור און מוזיק, איז ניט קיין זייער פּאָפּולערער ענין סיידן אין אַ זייער פּרימיטיווער קוים מערקלאַכער פאָרם.

צווייטנס, קען מען באַין אופן ניט זאָגן, אַז דער אינטערעס צו ליטעראַטור נעמט זיך פון דער אַרבעט אין די שול־יאָרן. וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן די שולן, אפילו וועגן די ערגסטע פון זיי, קען אָבער קיינעם ניט איינפאַלן צו באַשולדיקן זיי אין פּרעדיקן שונד. פאַרקערט, די באַשולדיקונג אַנטקעגן די שולן איז על פּי רוב, דאָס, וואָס זיי זענען צו שטייף, פאָרמאַל; זיי וואַגן ניט אָפּ־צוטרעטן אפילו אויף איין האָר פון עפנטלאַך אָנערקענטע ריכ־טונגען. אויב מען לערנט ליטעראַטור בכלל — און וועלכע שול באַשעפטיקט זיך דען ניט מיט דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור — דעמאָלט שטרייכט מען אונטער דעם ווערט פון אָנערקענטער לי־טעראַטור, און מען מאַכט חוזק פון דער שיינער ליטעראַטור, וואָס

האָט ניט די הסכמה פון אָנגענומענע אויטאָריטעטן. אָבער זעען מיר דען ניט, אַז דער פאַרשפּרייטסטער סאָרט ליטעראַטור, אפילו אין לענדער וואו צוואַנג־בילדונג איז שוין לאַנג איינגעוואָרצלט, איז גראָד יענער אַנטקעגן וועלכן די שול האַלט אין איין קעמפן? באַוויזט דען ניט די פאַרשפּרייטקייט פון שונד, אַז דער ליטעראַרי־שער אינטערעס פונ'ם דורכשניטלאַכן לייענער נעמט זיך ניט פון דעם, וואָס די שול האָט אין אים איינגעפלאַנצט?

עס בלייבט פאַר אונז איבער די מאָדנע דערשיינונג, וואָס בעת ליטעראַטור איז אַן אָרגאַנישע טייל פון די באַדערפנישן פונ'ם מענטשן בכלל, זענען די איבעריקע קונסטן (אַ חוץ מוזיק, ווי שוין דערקלערט) בלויז פאַרבונדן מיט'ן לעבן פון ספּעציעל גע־איבטע אָדער געשולטע אין יענע קונסטן. וואָרים מען קען, דוכט מיר, אָן שום גוזמא זאָגן, אַז אויף יעדן מענטשן, וואָס באַזוכט אַ קונסט־אויסשטעלונג, אָדער שטעלט זיך אָפּ צו באַטראַכטן אַ סטאַטוע אין מיטן גאַס, זענען פאַראַן צענדליקער טויזנטער, וואָס לייענען בעלעטריסטישע ווערק באַ יעדער געלעגנהייט, וואו עס פעלן אפילו די עלעמענטאַרסטע באַקוועמלאַכקייטן. עס איז אי־בעריק צו זאָגן, אַז אַזאַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט פון אַ קונסט טאָר ניט פאַרבייגיין אומבאַמערקט.

די פאַרשפּרייטקייט פון ליטעראַטור איז נאַטירלאַך ניט קיין אייגנשאַפט, וואָס ליגט אין דער דאָזיקער קונסט גופא; עס איז בלויז אַן אָנווייז אויף דער מעגלאַכקייט, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט עפּעס טיפערס, פונדאַמענטאַלערס, וואָס פאַרבינדט זיך ענגער מיט'ן פשוט'ן טאָג־טעגלאַכן לעבן, פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ מעגלאַכקייט רעגט שוין גענוג אָן אויסצופאָרשן אַלע זייטן פון דער ליטעראַטור דערשיינונג — סיי אירע מיטלען, סיי איר אינהאַלט — כדי זיך צו דערגרונטעווען צום עיקר.

## ג. די פּסיכאָלאָגיע פון שפּראַך

נייען מיר אויף דעם דאָזיקן וועג וואַרפט זיך קודם כל אין די אויגן דער פשוט'ער פאַקט וואָס די מיטלען פון דער ליטעראַרישער קונסט זענען ניט קיין זאַכן גענומען פון דער דרויסנדיקער וועלט — שטיין, מעטאַל, פאַרב — נאָר שפּראַך, אַ סיסטעם פון קלאַנגען און

צייכנס, וואָס איז אויפ'ן אינטימסטן אופן פארבונדן מיט'ן מענטש-לאַכן לעבן און צוזאמענלעבן. אָבער וואָס איז אזוינס שפּראַך? וואָסער נויטווענדיקייט ליגט שוין ממילא פאַרבאָרגן אין אַ קונסט בלויז צוליב דעם אליין וואָס זי אָפּערירט מיט שפּראַך?

צו זאָגן אז שפּראַך איז אַ סיסטעם פון קלאַנגען, איז איינגנט-לאַך בלויז אַ גאַנץ קליינע טייל פונ'ם אמת. אויך מוזיק שטעלט מיט זיך פאַר אַ סיסטעם פון קלאַנגען. אָבער דער חילוק איז אומגעהייער. קלאַנג איז בכלל איינער פון יענע גרויסע אויפטועו אינ'ם לעבן פון אָרגאניזמען, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר אַ געוואַל-טיקע רעוואָלוציע אין דער ביאָלאָגישער וועלט. צו באַנעמען די ווירקלאַכקייט פון אַ שטח; צו דערשפּירן דורכ'ן גערויש פון ווינט דאָס אָנקומען פון וויכטיקע ענדערונגען אין וועטער; אויפצוכאַפּן דורך קלאַנגען די טריט פון אייגענע אָדער פרעמדע, פון גוטע פריינט אָדער שונאים, נאָך איידער עס איז פאָרגעקומען אוועלכע עס איז דירעקטע באַריִרונג מיט אָט די דערשיינונגען, איז נאַטירלאַך אַ מעלה וואָס מען קען קוים ריכטיק אָפּשאַצן. אפילו די פסיכאָלאָגן וואָס האָבן אָנגעהויבן צו צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון דער השערה אז מענטשן האָבן בכלל איינגעבוירענע האַנדלונג-אופנים, אינסטינקטן, לייקענען פון דעסטוועגן ניט אין דער איינגעבוירנקייט פון דער מורא פאַר אַ פּלוצלונגן קלאַנג. די סאַמע שטרענגסטע עקספּערימענטן האָבן דערוויזן אז שוין אין די ערשטע טעג פון לעבן רופן זיך קינדער אָפּ מיט אַ ציטער און ענלאַכע באַוועגונגען בעת זיי ווערן פּלוצלונג סטימולירט פון אַ קלאַנג, אַזוי אז עס איז קיין ספק ניטאָ, אז דאָס איז ניט קיין אויסגעלערנטע זאַך.*)

קלאַנג איז אַ זעלטן מיטל צוצוציען די אויפמערקזאַמקייט. אָבער אין מוזיק איז דער דאָזיקער מעדיום אלגעמיין, צעשוואָומען. דאָרט איז דער אומדיפערענצירטער, נאַקעטער טאָן דאָס איינסל, אַ מיטל וואָס איז זייער גוט צונעפּאַסט אויפצוהאַלטן, שאַפן אָדער פארשטאַרקן שטימונגען, געפילן, אלגעמיינע געפיל-באַלאָדענע שטעלונגען, אָבער ניט מער. מוזיקאַלישע קלאַנגען האָבן ניט קיין דרויסנדיקע ווענדונג; זיי זענען לויט זייער מהות ניט צוגעבונדן

*) Behaviorism, John B. Watson, p. 114.

צו זאַכן אָדער פּאַסירונגען, און האָבן ממילא אַ טענדענץ זיך צוריק־צוציען אין אַן אייגענער אָפּגעזונדערטער וועלט. דעריבער ווען מוזיק איז נישט פאַרבונדן מיט שפּראַך, ווי אין לידער, אָדער איז נישט קינסטלאַך פאַרבונדן מיט פּאַסירונגען (ווי, למשל, אין דער סימפאָניע 1812), ווערט זי שנעל לאַנגווייליק און מאַטערט אויס אַ מענטשן וואָס האָט זיך נישט געלערנט אָפּצושאַצן ריטם און האַר־מאָניע אין זיך אַליין.

אַנדערש איז עס מיט שפּראַך. די שאַרפע קלאַנגען־דיפּער־רענציאַציע וואָס קען געמאַכט ווערן מיט דער הילף פון גומען, ציין, ליפּן און האַלדז, האָט געשאַפן אָן אַ שיעור מעגלעכקייטן פאַר פאַר־שידנאַרטיקסטע קלאַנגען־קאָמבינאַציעס. די מענטשלאַכע שטים האָט אויפגעהערט זיך צו ווענדן אין ריין מוזיקאַלישע ריכטונגען, אַזוי ווי מיר געפינען עס, למשל, בא די פייגל. וואָרים מיר האָבן געמאַכט די גרויסע אַנטדעקונג — די גרעסטע אַנטדעקונג פון׳ם מענטשן־מין — אַז מיט אָט די קלאַנגען קאָמבינאַציעס קענען מיר שאַפן אַ זיכער אויסטויש־מיטל פאַר אונזערע פאָרשטעלונגען, פאַר אונזערע געפילן און געדאַנקען.

אַ פאָרשטעלונג איז נישט בלויז אַ פּסיכישע אָפּשפּיגלונג פון אָפּגעריסענע זאַכן וואָס געפינען זיך ערגיץ וואו אין דער וועלט. מיר טראַכטן בכלל נישט אין טערמינען פון „נייטראַלע" זאַכן. אַ פאָרשטעלונג פון אַ זאַך איז די זאַך אין איר שייכות צו דער גאַנ־צער סיטואַציע וואָס האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין אונזער לעבן. אָט די דאָזיקע לעבעדיקע שייכות׳ן פון זאַכן מאַכן מעגלאַך אַז זיי זאָלן אין אונזער פּסיכיק דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון אידייען און גיבן דעם אינטעלעקט זיין ראָלע און וויכטיקייט.

זאַכן האָבן פאַרשידענע קוואַליטעטן דורך וועלכע זיי ווערן אויפגענומען פון אונזערע חושים. זיי האָבן קאָלירן, פאָרמען, אַ געוויסע האַרטקייט, טעמפּעראַטור, א. א. וו. אָבער מיר נעמען נישט אויף אָט די באַזונדערע קוואַליטעטן נאָר די שייכות׳ן וואָס עקזיסטירן צווישן איין קוואַליטעט און אַן אַנדערער מיט וועלכער זי איז פאַרבונדן. דער דאָזיקער געדאַנק זעט אויס, אין פלוג, צו זיין טונקל און אומפאַרשטענדלאַך. מיר וועלן אָבער באַלד איינזען אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ גאַנץ פּשוט׳ן ענין פון טאָג־טעגלאַכן

לעבן. צוליב דעם צוועק וועל איך באשרייבן אַן איינפאַכן עקספּע־רימענט פון א דייטשישן פּסיכאָלאָג וו. קעילער. קעילער האָט אוועקגעשטעלט פאַר אַ קינד צוויי קעסטלאַך, איינס מיט שאָקאָלאַד און דאָס אַנדערע ליידיק. דאָס קעסטעלע מיט שאָקאָלאַד איז געווען פון א העל־גראָער קאָליר, בעת דאָס ליידיקע איז געווען טונקל גראָ. ער האָט געזאָגט דעם קינד צו נעמען איינס פון די צוויי. עס האָט גענומען עטלאַכע פּראָבעס ביז דאָס קינד האָט זיך אויסגעלערנט צו נעמען דאָס העלערע קעסטל. נאָך פינף און פערציק פּראָבעס, בעת דאָס קינד האָט שוין כמעט אין גאַנצן קיין טעות'ן ניט גע־מאַכט, האָט קעילער געביטן די קאָליר פונ'ם ליידיקן קעסטל אַנשטאַט טונקל גראָ איז איצט דאָס ליידיקע קעסטל געווען העל גראָ, נאָך העלער פונ'ם פולן קעסטל, אָבער די קאָליר פונ'ם פולן קעסטל איז געבליבן ווי פריער. אויף וואָס זשע דאַרף מען זיך איצט ריכטן בנוגע דעם קינדס האַנדלונג? עס איז קלאָר אַז אויב די ספּעציעלע שאַטירונג פון גראָ פונ'ם פולן קעסטל וואָלט געבליבן אינ'ם קינד'ס פאָרשטעלונג ווי אַן אָפּגעריסענער איינדרוק פון א באַשטימטער קאָליר, וואָלט עס אויך איצט זיך געדאַרפט כאַפּן צום זעלביקן קעסטל, כאָטש איצט איז דאָס קעסטל מיט נאַשעריי געווען דאָס טונקעלע, ניט דאָס העלערע, פון די צוויי. דאָס קעסטל האָט זיך דאָך ניט געביטן, בלויז די שייכות האָט זיך געביטן. די פאַק־טישע רעזולטאַטן זענען אָבער געווען אַז איצט האָט דאָס קינד גענומען דאָס העלערע, ד. ה. דאָס ליידיקע קעסטל. ווי קען מען דאָס דערקלערן? פשוט: דער פריערדיקער איינדרוק איז ניט געווען פון אַן „אבסאָלוטער" קאָליר, נאָר פון אַ פאַרגלייך צווישן צוויי, פון אַ שייכות. דאָס הייסט אַז דאָס קינד האָט ניט אויפ־גענומען צוויי באַזונדערע קאָלירן: אַ טונקעלע און אַ העלע, וואָס יעדע האָט זיך איר באַזונדערע שאַטירונג, און פאַרבונדן דעם פּאָ־זיטיוון ווערט (נאַשעריי) מיט דער באַזונדער שאַטירונג פון העלערן גראָ, ניין. אויב דאָס וואָלט ווירקלאַך פאָרגעקומען וואָלטן די רע־זולטאַטן פונ'ם עקספּערימענט געדאַרפט זיין פאַרקערטע. דאָס קינד האָט באמת אויפגענומען די גאַנצע סיטואַציע ווי איין זאַך, ד. ה. אין דער איינציקער, צוזאַמען געגאָסענער טונקל־העל סיטואַ־ציע געהערט דער פּאָזיטיווער ווערט צו דער העלערער פאַרב. איצט,

באַם צווייטן מאָל, ווען איין קעסטל איז געביטן געוואָרן, איז אָבער די שייכות געבליבן פונקט ווי פריער; עס איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין די „אבסאָלוטן", ניט אין די „רעלאַטיוון", ממילא איז דעם קינדס ענטפער געווען אזא וואָס האָט אים געמוזט פאַרפירן. ענלאַכע עקספערימענטן האָט קעילער געמאַכט אויף חיות, און די רעזולטאַטן זענען געווען פונקט די זעלביקע.

דאָ האָבן מיר פאַר זיך אייגנטלאַך זייער אַן איינפאַכע שייכות סיסטעם וואָס מען געפינט מסתמא זייער זעלטן אינ'ם לעבן פון אַ רייפן מענטשן. אין דערוואַקסענעם לעבן איז יעדעס מינדסטע טיילכל פון דער דערפאַרונג אַ סך ווייטער פאַרצווייגט און טיפער פאַרוואָרצלט. אָבער דאָס בילד פונ'ם גאַנצן ענין זעט זיך דאָ זייער קלאָר ארויס.

כדי די זאַך זאָל זיך אריינפּלעכטן אינ'ם געוועב פון אונזער פּסיכישן לעבן קען זי דעריבער ניט בלייבן אַ דרויסנדיקע נאַקעטע עקזיסטענץ, נאָר זי מוז האָבן אַ זינען, זי מוז האָבן אַ ווענדונג צו עפּעס וואָס איז ניט די זאַך גופא, און אין שייכות צום דאָזיקן עפּעס באַקומט זי איר ווערט. דאָס וואָרט „גאַליציאַנער", למשל, קען באַטייטן צענדליקער זאַכן. אַלץ איז אָפּהענגיק אָן דעם אינ־האַלט פון וועלכן עס איז אַ טייל, ד. ה. עס איז אָפּהענגיק אָן די שייכות'ן צו וועלכע דאָס וואָרט האָט אַ ווענדונג אין דעם אָדער יענעם מאָמענט. צו זאָגן אַז אַ מענטש איז אַ גאַליציאַנער קען זיין אַן אויסדרוק פון ביאָגראַפישער אינפאָרמאַציע, אָדער פון אַ ספּעציעלן סביבה'דיקן איינפלוס, אָדער אַ פאַרלאַנג אונטערצו־שיידן דעם מענטשנס געבורט־פּלאַץ פון די געבורט־פּלעצער פון אַנדערע פון דער זעלביקער געזעלשאַפט, אָדער אַן אָנווייז אויף אַ געוויסן אידישן דיאַלעקט, אָדער גאָר אַן אַלגעמיינער אויסדרוק פון געוויסע חסרונות וואָס טייל מענטשן האָבן אַ געוואוינהייט צו פאַרבינדן מיט דעם נאָמען. דאָס וואָרט—„גאַליציאַנער"—איז אין די אַלע פאַלן פונקט דאָס זעלביקע, אָבער דער זינען איז אין יעדן באַזונדערן פאַל אַ גאַנץ אַנדערער. נאָך קלאָרער ווערט פאַר אונז דער דאָזיקער געדאַנק ווען מיר נעמען אזא וואָרט ווי „באַל־שעוויק" וואָס רופט ארויס אזוי פיל פאַרשידענע שטעלונגען ביי

פאַרשידענע מענטשן ווייל יעדן האָט זיין דערפאַרונג געפירט אויפצובויען אַן אַנדער שייכות־סיסטעם אַרום דעם דאָזיקן וואָרט.

אַ זאַך איז ניט קיין עקזיסטענציעלע באַזונדערקייט וואָס צייכנט זיך אויס מיט דעם כח צו סטימולירן אונזערע חושים; זי אַנט־פּלעקט זיך פאַר אונז אין איר פאַרבינדונג מיט אַנדערע עלעמענטן פון אונזער לעבן, און דאָס גיט איר די וויכטיקייט און דעם ווערט וואָס זי האָט פאַר אונז. די זאַך איז פאַר אונז איר זינען, ניט איר שטאָף.

דער דאָזיקער פאַקט, אַז מיר דאַרפן ניט כסדר לעבן אין דער שווערער, ניט רירעוודיקער ספערע פון דער זאַך, און עס איז גענוג פאַר אונז צו אָפּערירן מיט איר זינען, דאָס האָט מעגלאַך געמאַכט די געוואַלטיקע ראָלע פון שפּראַכלאַכע סימבאָלן. דאָס וואָרט איז זייער אַ באַקוועם מיטל צו פאַרכאַפּן און אויפהאַלטן אַ נייטיקע שייכות, בעת מיר קענען גאַנץ רואיק לאָזן דעם דרויסנדיקן שטאָף אין „דרויסן". מיט דער הילף פון וואָרט וואַרפן מיר דורך אַלע איינצלהייטן פון דער וועלט, אפילו די צו וועלכע מען קען ניט צוקומען, אָדער די צו וועלכע עס וואָלט געווען צו פיינלאַך צו־צוקומען. די שפּראַך איז פאַר אונז אַ מין סיסטעם פון עלעקטרישע קנעפּלאַך וואָס פאַרבינדן אונז מיט די ווייטסטע און טונקלסטע פאַרצווייגונגען איבער דער לענג, ברייט און טיף פון וועלט און לעבן. עס איז גענוג צו געבן איין דריק, און עס עפענען זיך פאַר אונז און עס ווערן באַלויכטן די פאַרפּלאָנטערסטע וועגן און די אומגעריכטסטע ווייטקייטן.

אַ באַזונדער וויכטיקייט ליגט אין שפּראַך צוליב דעם וואָס זי פירט אַריבער די רוימלאַכע וועלט אין אַ ספערע פון צייט, וואָרים שפּראַך מיט איר ריטעם און באַוועגונג שיידט זיך דאָך אָפּ מיט איר צייטלאַכקייט פון דער רוימלאַכקייט פון זאַכן. דאָס צייטלאַכע וואָרט גיט צו אַ מין פאַרשפּיצטקייט און אייגנאַרטיקע פאַרב צום גאַנצן געפילס־לעבן. רעדנדיק וועגן מוזיק, זאָגט סאַנטאַיאַנאַ, אַז צייט איז אַ מער צוגעפּאַסטער מעדיום צו אַפּעלירן צו עמאָציעס איידער רוים. דאָס לעבן האַלט שטענדיק אין איין פליסן; דאָס גאַנצע דענקען איז ניט קיין זאַך (ד. ה. ניט קיין רוים), נאָר אַ פּראָצעס (ד. ה. צייט). „עס איז פאַראַן עפּעס אומִמיטלבאַרס און

אָטעם־פארכאפנדיקס ארום אלץ וואָס פליסט און שפרייט זיך אויס".*) עפעס ענלאכס קען געזאָגט ווערן וועגן שפראך. מיר ווערן אָפט באגייסטערט פון א רעדע וואָס צייכנט זיך אויס מיט הוילער פליסיקייט און זענען דעמאָלט גרייט צו פארגעבן די פלאכקייט פון אינהאלט. די שפראך האָט מער אָדער ווייניקער אונטערנעגראָבן דאָס געפיל פון זיכערקייט, ווייל אנשטאט דירעקטע באַרירונגען מיט דער וועלט, פארוואנדלט זי אלץ אין קלאנגען. זי איז אלגעמיין און אבסטראקט, און אין דעם פרט אנדערש פון זאכן מיט זייערע דירעקטע חוש־איינדרוקן, וואָס טראָגן אין זיך באַשטימטקייט און זיכערקייט. דערפאר אָבער גיט זי אונז א רייכקייט אין עמאָציאָנעלן לעבן וואָס זעט אויס צו זיין אומבאקאנט אין די איבערלעבונגען פון אנדערע באשעפענישן.

ווען איך האָב פריער דערמאנט די פארשפיצטקייט און באזונדערע פארב פון געפילס־לעבן, האָבן איך געהאט אין זינען א גאנץ געוויינטלאכע דערשיינונג. שוין דער פאקט וואָס מיר האָבן באַזונדערע ווערטער פאר באזונדערע סיטואציעס, וואָס זענען דאָך נאטירלאך ענג פארבונדן מיט אונזער געפילס־לעבן, שוין דאָס אליין האָט צוגעהאָלפן אז ביי אונז זאָלן זיך אנטוויקלען באזונדערע עמאָציאָנעלע קוואליטעטן. דאָס עמאָציאָנעלע לעבן פון נידעריקערע באשעפענישן איז מסתמא אן אלגעמיינע בלינדע און ווילדע רייסעניש פון געוויסע ריכטונגען אָדער צו געוויסע ריכטונגען. העכסטנס קען מען דערלאָזן די עקזיסטענץ פון צוויי אלגעמיינע צושטאנדן : א פאָזיטיוון (פארגעניגן) און א נעגאטיוון (ווייטאָג). בא מענטשן איז פאראן אזא פארשידנארטיקער און פילפאכער געפיל־רעפערטואר, וואָס דאָס האָט מעגלאך געמאכט א באזונדערס פינקטלאכע און דעליקאטע באציאונג צו סיטואציעס און זאכן, ווייל יעדע פון זיי קען זיך לייכט פארבינדן מיט א באשטימט איינסל פונ׳ם געפיל־רעפערטואר.

דאָס צייטלאכע וואָרט, צוליב דעם וואָס עס האָט ניט די פיזישע באגרענעצטקייט פון זאכן, און פירט אונז דאָך אריין אין

*) The Life of Reason—Reason in Art, by George Santayana, p. 46.

דער וועלט פון וויכטיקע שייכות'ן, איז מסוגל אויסצודריקן עמאָציי־אָנעלע צושטאַנדן, וואו באַשטימטקייט און גרענעץ וואָלטן געווען אַ שטערונג. אין דער זעלביקער צייט איז אָבער דאָס וואָרט געווען אָפּגעזונדערט, אומאָפּהענגיק אין זיין סטרוקטור, אַז עס זאָל קענען אויפהאַלטן אַ שטענדיקייט אין אַ לאַגע וואָס האַלט זיך אין איין בייטן. מיט דער הילף פון וואָרט קענען מיר זיך אַלעמאָל אומקערן צו איבערלעבונגען, וואָס זיינען שוין ניטאָ און וועלן שוין מער ניט זיין (און וועלכע איבערלעבונג חזר'ט זיך דען איבער אויפ'ן זעלביקן אופן ?), און באַהאַנדלען זי ווי אַן איצטיקערווירקלאַכער צושטאַנד.

דאָס וואָרט האָט אָבער אין זיך אַ געוויסע פאַרגליווערטקייט, און דאָס איז שוין אַ חסרון ווען מען דאַרף עס באַנוצן אויף אויסצודריקן דאָס עמאָציאָנעלע לעבן. אין אַזעלכע פאַלן העלפט זיך די שפּראַך אַרויס מיט בייטן די וואָרט אָרדנונג, (ווי אין אַ פראַגע, למשל, ווען דער זאַץ הייבט זיך אָן מיט'ן צייטוואָרט) אָדער דורך זשעסטיקולאַציע, אָדער דורך מאַכן מער פּלאַץ פאַר'ן פרימיטיווערן מעדיום פון וועלכן זי האָט זיך אַנטוויקלט, פאַר מוזיקאַלישע קוואַליטעטן. העלמהאָלץ האָט, דאַכט מיר, אויפ־מערקזאַם געמאַכט אַז בא אַ פראַגע הייבן מיר אויף די שטים אויף אַ פינפטל טאָן. אַ פראַגע איז אַן אויסדרוק פון אַ מין איבערגעריסנקייט אין פּראָצעס פון אינדיווידועלן לעבן ; עס איז ווי מען וואָלט אַנטדעקט עפּעס אַ ניט באַמערקטן אַריינגאַנג אין אַן אַלט־באַקאַנט הויז, און מען ווייס ניט וואוהין ער פירט. עס איז אַ פאָרם פון שרעק אָדער מורא, אַן אָפּשטעלן זיך ווי בעת מיר לעבן איבער אַ געפיל פון פרעמדקייט. דער טאָן פון אַ פראַגע איז אייגנטלאַך אַ מין שפּראַכלאַך־אויסגעדריקטער געשריי אין פאַרבינדונג מיט דער נייער לאַגע. דער מוזיקאַלישער הינטערגרונד קומט תמיד צו הילף אין שפּראַך, ספּעציעל צו באַצייכענען דאָס אינטענסיווערע געפילס־לעבן.

די פאַרבינדונג צווישן שפּראַך און אונזער געפילס־לעבן איז צו וואויל באַקאַנט מען זאָל זיך דערויף דאַרפן צו לאַנג אָפּשטעלן. פילאָלאָגן קענען אויסרעכענען אַ גרויסע צאָל אינטערעסאַנטע ביי־שפּילן וואָס וואַרפן זיך ניט שטאַרק אין די אויגן פון אַ מענטשן

וואָס גיט זיך ניט אָפּ ספּעציעל מיט דעם ענין.*) נעמט אַזאַ זאַך ווי פאַרשידענע צייטן אין שפּראַך. אין פלוג דוכט זיך אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ ריין גראַמאַטישע קאַטעגאָריע. קומען מיר אָבער ספּעציעל צו דער צוקונפטיקער צייט, דאָרט וואו מענטשלאַכע באַוואוסטזיניקע אריינמישונג קען האָבן אַן איינפלוס, ד. ה. דאָרט וואו די האַנדלונג איז נאָך ניט אָפּגעטאָן געוואָרן, זעט זיך קלאָר אַז דער אָביעקטיווער פאַקט איז ניט דאָס איינציקע וואָס מיר ווילן פעסטשטעלן. „ווען מיר דריקן אויס דעם געדאַנק אַז אַ האַנדלונג וועט פאָרקומען אין אַ געוויסן מאָמענט אין דער צוקונפט, באַגרענעצן מיר געוויינטלאַך ניט אונזער געדאַנק צו דער אָביעקטיווער דערגרייכונג פון דער האַנדלונג. מיר ווייזן אָן כמעט תמיד, אין דער זעלביקער צייט, ווי מיר אַליין געפינען זיך אין שייכות צו אָט דער קומענדיקער האַנדלונג".**) מיר דריקן עס אויס דורך אַ הילפסצייטוואָרט וואָס ווייזט אָן אויף אונזער פאַרלאַנג. ווען מיר זאָגן אין אידיש „איך וועל זיין באַ אייך", איז דאָס וואָרט „וועל" ניט סתם אזוי זיך אַן אויסדרוק וואָס האָט אַ ווענדונג צו דער צוקונפט, נאָר שטרייכט אונטער אונזער באַציאונג, ווייל „וועלן" הייסט „ווילן". אין ענגליש האָבן מיר אַ פאַל וואו דאָס אייגענע וואָרט „וויל" ווערט באַנוצט אי אויף אויסצודריקן אַ פאַרלאַנג, אי ווי אַ הילפסצייטוואָרט פאַר דער צוקונפטיקער צייט.

די פאַרגליווערטקייט פון ווערטער וועגן וועלכע איך האָב פריער גערעדט, האָט מער אַ שייכות צו דער פאָרם איידער צום זינען וואָס זיי דאַרפן אויסדריקן. דאָ מיין איך ניט דאָס אַלגעמיינע געזעץ וועגן די כסדר'דיקע ענדערונגען וואָס קומען פאָר בנוגע אַלע פּרטים אין דער אַנטוויקלונג פון אַ שפּראַך. דאָס וואָלט געווען אַ צו לאַנגזאַמער פּראָצעס פאַר'ן געפילס-לעבן וואָס בייט זיך אזוי שנעל, און טראָגט אין זיך אַזעלכע שאַרפע סמנים פון די באַזונדערקייטן פון יעדער איבערלעבונג. „אָבער זאַצן זענען ניט קיין אַלגעברישע פאָרמולעס. אַפעקטיוויטעט (דאָס געפילס-לעבן) הילט שטענדיק איין און באַפאַרבט דעם לאָגישן אויסדרוק פון געדאַנק.

---

*) Language. J. Vendryes, Part II, Ch. IV.

**) Vendryes, 1. c. 154.

מיר זאָגן קיינמאָל ניט ארוים דעם זעלביקן זאַץ צוויי מאָל; דאָס זעלביקע וואָרט ווערט קיינמאָל ניט באַנוצט צוויי מאָל אין׳ם זעל־ביקן זינען; עס זענען ניטאָ אַזעלכע צוויי שפּראַכלאַכע פאַקטן וואָס זאָלן זיין אבסאָלוט גלייך״.*)

די שפּראַך ווי אַ פּאַרקער־מיטל איז דאָ נאָך דירעקט ניט באַ־רירט געוואָרן, כאָטש דאָס אַלץ וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן נעמט אַריין אין זיך דעם מאָמענט פון געזעלשאַפטלאַכן פאַרקער. צו זאָגן אַז ווערטער דריקן ניט אַזוי פיל אוים דעם שטאָף ווי דעם זינען פון זאַכן, הייסט באמת אַז ווערטער דערגרייכן זייערע ציל אין געזעלשאַפטלאַכן קאָנטאַקט. וואָרים דער „זינען״, ווי שוין דערקלערט, קען בלויז וואַקסן און זיך אַנטוויקלען אין׳ם געוועב פון לעבעדיקע פּראָצעסן, אין׳ם שטראָם פון דערפאַרונג, וואָס איז דורך און דורך געזעלשאַפטלאַך. דאָס וועט אונז נאָך קלאָרער ווערן ווען מיר וועלן זיך נאָך אויף אַ ווייַלע אָפּשטעלן אויף קעילערס עקספּע־רימענט (זייט 16). עס איז דאָרט אָנגעוויזן געוואָרן אַז דער דאָזי־קער עקספּערימענט האָט צו טאָן מיט אַ זייער איינפאַכער שייכות סיסטעם. וואָס קומט זעלטן פאָר אין דערוואַקסענעם לעבן, דאָס איז טאַקע אמת. אָבער אפילו אָט די זייער איינפאַכע סיסטעם איז גאָר ניט אַזוי איינפאַך ווי עס קען זיך לכתחילה אויסדרוכטן. איך מיין נאַטירלאַך ווען מיר זאָלען אַריינעמען אַלע עלעמענטן וואָס גייען אַהין אַריין און ניט זיך אָפּשטעלן בלויז אויף דער איינציקער שייכות אין וועלכער קעילער איז געווען פאַרינטערעסירט.

דאָרטן האָבן מיר אייגנטלאַך געהאַט צו טאָן ניט בלויז מיט קעסטלאַך און נאַשוואַרג, נאָר אויך מיט אַ דערוואַקסענעם מענטשן (דעם פּסיכאָלאָג) און אַ קינד.

דער פּסיכאָלאָג האָט אויך געמאַכט געוויסע באַוועגונגען באַם איבערגעבן דעם קינד די קעסטלאַך, באַם רעדן, א. א. וו. די דאָ־זיקע באַוועגונגען זענען פאַר דעם קינד געוואָרן אַ וויכטיקע טייל פון דער גאַנצער סיטואַציע, ווייל אויך אין זיי קען מען דאָך אַמאָל געפינען דעם שליסל צום רעטעניש אין וועלכן דאָס קינד איז איצט אַזוי שטאַרק פאַרינטערעסירט. דאָס העלערע קעסטל איז דערוי־

*) Vendryes, l. c. 154.

בער ניט בלויז א מאָמענט אין א העל־טונקל שייכות, נאָר אין א העל־טונקל־נאשווארג־פסיכאָלאָג־באוועגונגען־איך (דאָס קינד אליין) שייכות, ניט רעדנדיק פון פיל אנדערע עלעמענטן וואָס זענען ניט נייטיק דאָ אויסצורעכענען. ווען מען זאָל דערמאָנען דעם קינד איינע פון אָט די זאכן, וועט עס זיך גלייך צוגרייטן צו מאכן די נייטיקע באוועגונגען, וואָס זאָלן פירן צו די פארלאנגטע רעזולטאטן (נאשעריי). דער נאָמען, דאָס וואָרט, וועט אים פירן צום זינען, און דער זינען נעמט אריין אין זיך די שייכות׳ן פון זאכן אין א געזעלשאפטלאכער, מענטשלאכער וועלט. נעמט אוועק פונ׳ם פריי־ערדיקן ביישפיל דעם פסיכאָלאָג אָדער דאָס קינד — דאָס געזעל־שאפטלאכע אין דעם פאל — בלייבט אייך איבער א טויטע סי־טואציע, אן אומזין.

עס קומט אָפט אויס מאָדנע צו זען ווי א מענטש שטעלט זיך אָפּ, בעת׳ן דערציילן עפעס א געשעעניש, ווייל ער האָט גראָד פאר־געסן דעם נאָמען פון איינעם וועגן וועלכן ער וויל איצט דערציילן. דערווייל שטעלט ער אָפּ זיין דערציילן, קנייטשט דעם שטערן, מאכט פארשידענע גרימאסן, לאָזט איבער די צוהערער מיט פארגאפטע בליקן, אלץ צוליב דעם וואָס ער קען זיך גראָד ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון א מענטשן וואָס שפילט — ווי א נאָמען — קיין שום ראָלע ניט אין דער פאסירונג. באמת, וואָס גייט עס וועמען אָן צי דער מענטש וועגן וועמען מען דערציילט איצט האָט געהייסן גאָלד־שטיין, צי שאפּירא, צי גאָרדאָן? דער צוהערער איז פאראינטע־רעסירט אין דער מעשה, ניט אינ׳ם קלאנג פון א נאָמען. דערווייל ווערט קאליע דער גאנצער עפעקט פון דער מעשה וואָס וואָלט גע־קענט זיין זייער אן אנגענעמער. אָבער פארוואָס זאָל טאָקע דער דערציילער קאליע מאכן דעם עפעקט פון זיין דערציילן צוליב אזא קלייניקייט? דער ענטפער איז א גאנץ פשוט׳ער: דער צוהערער ווייס ניט וועגן וועמען מען רעדט; ער דארף הערן וועגן דעם מענטשנס האנדלונגען כדי עס זאָל זיך בא אים שאפן א באציאונג, כדי ער זאָל, אזוי צו זאָגן, וויסן ווי צו האנדלען — פיזיש אָדער פסיכיש. אָבער פאר דעם דערציילער, וואָס האָט אין זינען א מענטשן מיט וועלכן ער איז שוין באקאנט פון פריער, פאר אים איז דער נאָמען שוין א סך הכל פון זיינע געזעלשאפטלאכע שייכות׳ן

וואָס האָבן זיך שוין פון לאַנג איינגעשטעלט בנוגע יענעם מענטשן. פאַר אים איז שוין דער קורצער נאָמען אַן אויסדרוק פון די האַנד־לונגען פאַר וועלכע דער צוהערער וועט זיין גרייט ערשט נאָך דעם ווי ער וועט אויסהערן די גאַנצע מעשה. צו פאַרגעסן דעם נאָמען איז דעריבער פאַר אים, דעם דערציילער, אַן איבערברוך אין דער שייכות סיסטעם אין וועלכער ער האָט זיך פאַרוויקלט באַם דער־ציילן די מעשה. אַט דערפאַר פילט ער זיך אַזוי פאַרווירט און קען ניט רואיק ווייטער אָנגיין מיט זיין דערציילן. די שפּראַך איז תמיד קודם כל אַ פאָרם פון אַ געוויסער טעטיקייט;*) זי איז דאָס בעסטע מיטל אַרויסצורופן געזעלשאַפטלאַכע, צוזאַמענדיקע האַנד־לונגען, און קען געפינען אין זיך אַליין די רעזולטאַטן, וואָס די האַנדלונגען באַצוועקן, ווייל אויך די צוועקן זענען דאָך האַנדלונגען אין אַ געזעלשאַפטלאַכע סביבה, וואָס האָבן אַ זינען און געפינען זייער אויסדרוק אין שפּראַך.

דאָס איז אין קורצן דער ענין שפּראַך, לכל הפחות, עטלאַכע פון אירע וויכטיקסטע כאַראַקטער שטריכן. דאָס איז אויך דער מעדיום פון ליטעראַטור. עס איז קלאָר אַז קיין איינע פון די אי־בעריקע קונסטן קען ניט האָבן דעם באַזונדערן מענטשלאַכן און גע־זעלשאַפטלאַכן ווערט ווי די קונסט וואָס אָפּערירט מיט שפּראַך.

עס איז אמת, אַז יעדע מענטשלאַכע טעטיקייט האָט אַ טענ־דענץ — אויף אירע העכערע מדרגות, — זיך אָפּצוזונדערן, אין באַוואוסטזיין פון׳ם מענטשן וואָס באַשעפטיקט זיך מיט איר, פון די סיבות וועלכע האָבן זי אַרויסגערופן און פון די דערשיינונגען מיט וועלכע זי איז לכתחילה געווען פאַרבונדן; זי האָט אַ טענדענץ צו ווערן, מיט איין וואָרט, אַ מין תורה לשמה. אַ גוטער שניידער באַקומט די געוואוינהייט צו באַטראַכטן אַ מאַנטל ניט פון׳ם שטאַנדפונקט פון זיין פאַסיקייט צו וואַרעמען, אָדער פון זיין צו־געפּאַסקייט צו דער אָדער יענער פיגור, נאָר קודם כל פון׳ם שטאַנד־פונקט פון אַ מעכאַנישער פולקאָמענהייט, פון דער „קונסט“ וואָס אין אים ליגט. עס ווערט פאַר אים אַרבעט צוליב אַרבעט, אַ מאַנטל

---

*) Experience and Nature, By John Dewey, 1925. p. 184; The Meaning of Meaning, by Ogden and Richards, 1925, p. 474.

לשמה. אויפ'ן געביט פון קונסט איז די דאָזיקע טענדענץ נאָך שטאַרקער. דאָ, ווען די טעטיקייט ווערט איר אייגענער טרייב־כח און אַלע אַנדערע מאָטיוון ווערן פאַרשלונגען אינ'ם צוועק פון דער אַרבעט, באַקומט דער קינסטלער זיין לוין אין דער געזעל־שאַפטלאַכער סאַנקציע, וואָס פעלט אין אַ געוויינטלאַכער מלאכה.

וואָלט די דאָזיקע טענדענץ קיין שטערונגען ניט געהאַט וואָלטן דאָס רוב קונסטן היינט געווען אַן ענין פאַר געוויסע קונסט־עקס־פּערטן; זיי וואָלטן, אַ דאַנק דער ווירקונג פון די אינערלאַכע טרייב־כחות, פאַרפלויגן ערגיץ ווייט אין דער אייגענער ספערע, און וואָלטן זיך אפילו ניט אָנגעזען אין דער ברייטער וועלט. איינע פון די דאָזיקע שטערונגען איז די שפּראַך. זי האַלט אויף דעם זינען און געזעלשאַפטלאַכן ווערט פון פאַרב און מעטאַל און שטיין. צו זאָגן אַז שטיין רופט אַרוים אַ געפיל פון רואיקייט, אָדער אַז פאַרב איז מסוגל צו דערוועקן געוויסע שטימונגען, דאָס אַליין — דאָס זאָגן, שפּראַך — קניפּט פעסטער צו די דאָזיקע מאַטעריאַלן צום געזעלשאַפטלאַכן געוועב. דאָך איז פאַר יעדער קונסט מעגלאַך געווען צו בויען אַ „היימיש ווינקל", אַ מער אָדער ווייניקער אָפּגע־זונדערטע וועלט. דאָס איז אָבער אוממעגלאַך געווען אין ליטעראַ־טור. פון שפּראַך קענען מיר זיך ניט דערווייטערן; שפּראַך מוזן מיר כסדר באַאיינפלוסן און פון איר באַאיינפלוסט ווערן, און שפּראַך איז דער איינציקער ליטעראַרישער אינסטרומענט. קיין איין קינסטלער איז ניט אַזוי ווייניק באַלאַבאָס איבער די מיטלען און אפילו איבער די צילן פון זיין קונסט ווי דער וואָרט־קינסטלער. די טענדענץ צו לאָזן זיך צו ווייט פירן פון וואוילקלאַנג און רעדו־צירן דאָס וואָרט צו מוזיקאַלישער פאָרם, אָדער צו ווערן באַהערשט פון זייטיקע אַסאָציאַציעס און שאַפן אַ שפּראַכלאַכע קעניגרייך אין זיך אַליין, — אַזעלכע טענדענצן האָבן גאַנץ נאַטירלאַך תמיד געהערשט אין ליטעראַטור. אָבער זיי קענען לאַנג ניט אָנהאַלטן און ווען זיי האַלטן אָן אַביסל קענען זיי ניט בלייבן, ווייל אפילו די אויסדערוויילטע וואָס מוזן תמיד שפּילן די ריכטערישע ראָלע אין ליטעראַטור, זענען צו פיל אין צאָל און צו נאָענט צו דערפאַרערישע ווירקלאַכקייטן, אַז זיי זאָלן ניט אָפּשפּיגלען די געזעלשאַפטלאַכע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פון דער ליטעראַרישער קונסט, און צע־

שטערן די צו ווייט־גייענדיקע פרייהייט־אילוזיעס פונם וואָרט־קינסטלער.

קיין איין קונסט האָט ניט די שונד־דערשיינונג אַזוי ווי מיר באַגעגענען זי אין ליטעראַטור. עפּעס ענלאַכס קענען מיר אויך באַגעגענען אין מוזיק, אָבער שונד־מוזיק איז געוויינטלאַך פאַרבונדן מיט פּראָסטערע עפעקטן פון אַנדערע קונסטן: אָדער מיט ליטעראַטור (לידלאַך, קופּלעטן) אָדער מיט טאַנצן. קיין שונד־סימפאָניעס זענען ניט באַקאַנט. בעת אין ליטעראַטור מאַכט שונד אָפּט דעם טראַגישן איינדרוק אַזוי ווי מענטשן וואָלטן זיך געוואָלט ראַטעווען און רייסן זיך צו אַלץ וואָס מען קען אויפ׳ן לייכטסטן אופן דערגרייכן. קיין איין קינסטלער קען ניט פילן אַזוי שטאַרק די נאָענטקייט פונ׳ם געניסער ווי דער שרייבער; און קיין איין געניסער פילט זיך ניט אַזוי היימיש אין זיין קונסט ווי דער לייענער. יעדע קונסט האָט אַ ספּעציעלן נאָמען פאַר איר שאַפער — מאַלער, סקולפּטאָר, קאָמפּאָזיטאָר, אַרכיטעקט, א. א. וו. — אָבער בלויז די ליטעראַרישע קונסט האָט אויך אַ ספּעציעלן נאָמען פאַר דער אַקטיוויטעט פון איר געניסער, דעם „לייענער“, קיין איין קונסט האָט ניט אַזויפיל פאַרשטייער וואָס זאָלן אין דער זעלביקער צייט זיין פאַרטראָטן אין אַנדערע געזעלשאַפטלאַכע און אינטעלעקטועלע טעטיקייטן — פּובליציסטיק, פּאָליטיק, כלל־טוערייַ, וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע א. א. וו. — ווי די ליטעראַרישע קונסט.

קונסט האָט איצט בכלל באַקומען דעם זינען פון עפּעס אַן עסאָטערישער זאַך, אָפּגעזונדערט און איינגעשלאָסן, אַ מין טעטיקייט פון אַן אונטערערדישער סעקטע, צו פאַרשטיין זי איז אַ מדרגה צו וועלכער עס קענען זיך דערהייבן בלויז יחידי סגולה. אַזאַ אויסדערוויילטער וועט מיט אַ לייכט געמיט זאָגן: „איך קענען ניט פאַרשטיין קיין קונסט“, אָדער „איך האָב קיין שייכות ניט צו קונסט“, און דערביי ניט פילן די סתירה אין וועלכער ער פאַרפּלאָנטערט זיך. ער פילט ניט דעם אומזין פון אוועקשטעלן מענטשן אין דרויסן פון אַ דערשיינונג צו וועלכער ער אַליין שרייבט צו אוניווערסאַלע וויכטיקייט. אויב „קונסט“ זאָל אויסדריקן אַזאַ אידייע קען מען דאָס דאָזיקע וואָרט אין גאַנצן ניט באַנוצן בנוגע ליטעראַטור. ליטעראַטור איז אין איר

עצם תמיד געווען און מוז תמיד בלייבן עקזאָטעריש, אַן אויס־דרוק פון און פאַר אַלעמען. צו זיין אויסגעשלאָסן פון די איבע־ריקע קונסטן איז פאַר דעם פשוט'ן מענטשן אַ געוויינטלאַכע זאַך. אָבער ער לאָזט זיך ניט, ער קען זיך ניט לאָזן, אויסשליסן פון ליטעראַטור. וואָרים דאָ, אַנדערש ווי אומעטום, איז ער ניט בלויז געניסער נאָר אויך שאַפער, און אפילו אין זיין געניסן איז ער אַקטיוו, שאַפעריש, ווי עס וועט נאָך שפּעטער אויסקומען צו דערווייזן. ער פילט זיך דעריבער אין ליטעראַטור ווי אין אַן אייגענער אינטימער וועלט, אין אַן איינן אינטים לעבן.

## ד. דער שפּאַנענדיקער מאָמענט

ווען מיר וועלן איצט איבערגיין צום מאָמענט פון שפּאַנענ־דיקייט, רירן מיר אָן אַ ליטעראַרישע אייגנטימלאַכקייט וואָס ברענגט אונז צום סאַמע האַרץ פונ'ם גאַנצן ענין. אויסצוהערן אָדער צו לייענען אַ שפּאַנענדיקע מעשה איז אַ פאַרגעניגן פון וועלכן קיינער וועט זיך מיט אַ לייכט האַרץ ניט אָפּזאָגן. אזעלכע זאַפטיקע און פולבלוטיקע מעטאַפאַרישע אויסדרוקן ווי „שלינגען די ווערטער", „ווערן פאַרכאַפּט פונ'ם אינ־האַלט", „ברענען מיט אומגעדולד צו דערגיין דעם סוף", „דער שרייבער ציט די עצמות", א. א. וו. קענען נאָר געבוירן ווערן אין אַזאַ לעבנס־וויכטיקער אַטמאָספערע ווי גע־שפּאַנטקייט. דאָס געפיל פון געשפּאַנטקייט קען נאַטירלאַך בלויז געבוירן ווערן איז אַזאַ לעבנס־וויכטיקער אַטמאָספערע ווי גע־לאַכערקונסט. אָבער עס איז ניט קיין מוז פאַר אַלע צייטלאַכע קונסטן. אין טאַנצן, למשל, איז עס כמעט אין גאַנצן ניטאָ; אין מוזיק איז יאָ פאַראַן עפּעס אַ סמן דערפון,*) אָבער עס איז בלויז אַ שטיל געפיל, אַ רואיק גרייטן זיך און ריכטן זיך אויף עפּעס, טאָקע ניט מער ווי אַ סמן. בעת מיר לעבן איבער שפּאַ־נענדיקע מאָמענטן, בעת מיר זאַפּן איין דאָס אייגנאַרטיקע פאַר־געניגן פון אזעלכע איבערלעבונגען, האָבן מיר דאָס געפיל פון

*) The Role of Expectation in Music. By Arthur Dart Bissel.

עפּעס דירעקטס, עפּעס ווי מיר וואָלטן זיך צוזאַמען געקומען פּנים אל פּנים מיט'ן סאַמע תוך פונ'ם לעבנס פּראָצעס.

דאָס איז אייגנטלאַך קיין וואונדער ניט. דאָס גאַנצע לעבן פון אַ מענטשן איז אַ קייט פון פּראָצעסן וואָס ציען זיך אין דער ריכטונג פון פאַרלאַנגטע רעזולטאַטן. און וואו באַוואוסטזיין איז בכלל פאַראַנען, געהערט אַ גרויסע טייל דערפון צו פאָר־שטעלונגען פון קומענדיקע רעזולטאַטן, וועלכע דערפרישן און באַרייכערן דעם זינען פון דער איצטיקער טעטיקייט. דאָס געפיל פון געשפּאַנטקייט איז בלויז אַ טיפערער און איטענסיווערער אויסדרוק פונ'ם געפיל פון וואַרטן אויף עפּעס, פון ריכטן זיך אויף עפּעס, וואָס איז אַ שטענדיקע כאַראַקטעריסטיק פון מענטשלאַ־כער דערפאַרונג. די גאַנצע וויסנשאַפט איז אַן אָרגאַניזירט מיטל פאָרויס צו באַשטימען און קאָנטראָלירן. די יוריספּרודענץ, מאָ־ראַל און רעליגיע זענען סיסטעמען, יעדע אויף איר אייגענעם אופן, פון געזעלשאַפטלאַכן פאָרויסזען. יעדער פאַרענדיקטער דענק פּראָצעס האָט אין זיך עלעמענטן פון אַ צוקונפטיקער ווענדונג, ווייל אין יעדן דענק־פּראָצעס זוכן מיר אַן ענטפער אויף דער פראַגע: „וואָס זאָלן מיר טאָן?” אָדער „וואָס וועט זיין דער סוף?” און אפילו די לעצטע פראַגע פירט צוריק צו אַ טעטיקייט וואָס מיר זענען זיך מתחייב דורכצופירן. צו טראַכטן אז דער הימל איז פאַרוואָלקנט הייסט אָנגרייטן זיך אַ שירעם, אָדער בלייבן זיצן אין דער היים און אויפגעבן אַ געמאַכטע באַ־שטעלונג. דאָס שטייגן פונ'ם קוועקזילבער־זייל אין אַ טערמאָ־מעטער קען הייסן אז מען דאַרף טעלעפאָנירן צום דאָקטאָר, און זיך אָפּשטעלן בא אַן אויסשטעל פענסטער פון אַ קליידער געשעפט קען הייסן: „ס'איז שוין אָקטאָבער, מען דאַרף קויפן אַ מאַנטל”, אָדער: „מען דאַרף דערמאָנען יענעם פריינט, ער זאָל מיר אָפּגעבן דעם חוב, ווייל ס'איז שוין אָקטאָבער....” אָדער דאָס קען באַטייטן אַ ווייטערן טראָט צוריק כדי עפּעס זאָל פאַרווירק־לאַכט ווערן אין דער צוקונפט. „עס איז קלאָר, זאָגט היטשקאָק, אז די לעצטע פּראָבע פון יעדן סאָרט וויסן איז אין זיך כולל אַ צוקונפטיקע ווענדונג. „איז עס אמת?” הייסט ניט בלויז: „איז עס אין הסכם מיט דער ביז איצטיקער דערפאַרונג?” נאָר אויך:

„ווערט עס אויך פאַרווירקלאַכן פאָרויסזעאונגען פון קומענדיקע דערפאַרונגען". *) צו זאָגן אַז זאַכן פלעכטן זיך אריין אין געוועב פון אונזער לעבן ווען זיי האָבן אַ זינען, באַטייט שוין אויך אַז זיי האָבן אַ צוקונפטיקע ווענדונג, דאָס איז אַן עלעמענט וואָס איז פאַרטראָטן אינ'ם „זינען". צו וואָס דאַרף איך די זאַך? וואָס קען זי מיר געבן? אַן ענטפער אויף אַזעלכע פראַגן ליגט דאָך אינ'ם זינען וואָס די זאַך האט, און דאָס איז דאָך אַ צוקונפטיקער מאָמענט.

צו וואַרטן אויף עפּעס, ד. ה. דער צושטאַנד פונ'ם אָרגאַניזם אין אַ מאָמענט פון ריכטן זיך אויף עפּעס, איז ניט אַ פּאַסיווע פאָרם פון אָפּשטעלן יעדע באַציאונג און טעטיקייט ביז'ן נעוויינטשטן מאָמענט, עס איז אַ גרייטן זיך, אַן אָנהייב פון אַן אָפּרוף פונ'ם אָרגאַניזם אויף די פאָדערונגען פון פון אַ נייער לאַגע. **) פּייל האָט דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי עקספּערימענטן מיט'ן אויסקוק צו אַנאַליזירן די פּסיכישע פּראָצעסן פונ'ם דערוואַרטונג־צושטאַנד, ***) אין די דאָזיקע עקספּערימענטן האָט זיך עס אייגנטלאַך געהאַנדלט וועגן די סאַמע איינפאַכסטע פאָרמען פון דערוואַרטונג, ווי ריכטן זיך אויף קלאַנגען, בילדער, זאַצן, באַוועגונגען, א. ד. ג. אַ פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז האָט אַרויסגעבראַכט אַז דער דאָזיקער צושטאַנד איז געוואַלטיק קאָמפּליצירט; נעמט אין זיך אַריין אַפילו אַזעלכע קערפּערלאַכע ענדערונגען ווי אָנגעצויגענע מוסקולן, שטערונגען אין אָטעמען, פיקסירטע הושים., א. א. וו.

לאָמיר ניט פאַרגעסן אַז דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן דערוואַרטונג, אַ מין ערשטער טראָט אין דער ריכטונג פון געשפּאַנטקייט. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן וואָסערע פּסיכאָפיזישע איבערקערענישן עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן אין עקספּערימענטן

*) The Psychology of Expectation. By Clara M. Hitchcock. Psychological Rev. Series of Monograph Supplements. Vol. 5 No. 3, 1903, p. 76.

**) Hitchcock, l.c. p. 17.

***) An Experimental Study of Expectation. By William Henry Pyle. Jour. Am. Psych., Vol. 20, 1909, pp. 530-569.

דירעקט איבער געשפּאַנטקייט. די אורזאַכן דערפון זענען גאַנץ קלאָר ווען מיר פאַרשטייען דעם פּולן באַטייט פון אַזאַ'ן איבער־לעבונג.

יעדער פּסיכישער פּראָצעס, ווי קליין און אומוויכטיק ער זאָל ניט זיין, רודערט אויף פאַרשידענע פיזיאָלאָגישע סיסטעמען אין'ם אָרגאַניזם. ווי זאָגט טיטשענער, מען קען ניט ווייזן אַ מענטשן אפילו אַזאַ קלייניקייט ווי אַ שטיקל שפּאַליר און ניט ענדערן דעם ריטעם פון זיין אָטעמען און צירקולאַציע.*) ווען מיר קומען אריין צום ערשטן מאָל אין אַ פרעמדער סביבה ווייסן מיר ניט וואָס צו טאָן, יעדע באַוועגונג איז אומגעלומפּערט, מיר גייען אַרום ווי אויף גלאָז. די סביבה איז ניי, עס האט ניט גע־העכט פּאָרקומען קיין געהעריקע צוגרייטונג פון אַלע נייטיקע מע־כאַניזמען איידער מיר זענען אהין אריין. די דאָזיקע צוגרייטונג ארבעט לאָזן מיר קיינמאָל ניט דורך, כאָטש מיר ווייסן ניט דער־פון. מיר דאַרפן, אַזוי צו זאָגן, אָנשטעלן דעם גאַנצן פּסיכאָ־פיזישן אַפּאַראַט אויף אַן אופן וואָס איז אין הסכם מיט דער לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך. אין אַ נייער סביבה האָט דאָס נאַטירלאַך ניט געקענט געטאָן ווערן. מיר קומען אריין צום צווייטן מאָל, און אַלץ איז שוין אַנדערש. מיר ווייסן שוין פון פריער וואוהין מיר גייען, אויף וואָס מיר דאַרפן זיך ריכטן. עס פאַלט אונז ניט מער פון די הענט, און עס דוכט זיך אונז ניט כסדר אַז מען לאַכט פון אונז. די נייטיגע מעכאַניזמען ווערן אָנגע־שטעלט צו באַגעגענען די נייע לאַגע. עס ווערן געמאַכט די ניי־טיקע קאָאָרדינאַציעס כדי אַלע באַוועגונגען און אימפּולסן זאָלן זיך ציען אין איין ריכטונג, כדי מיר זאָלן ניט פאַלן איבער די אייגענע פיס, אַזוי צו זאָגן. באַם ערשטן מאָל זעען מיר אַ מאָטאָרישע אַקטיוויטעט, ד. ה. אַ מוסקולן טעטיקייט (וואָס מוז תמיד באַלייטן יעדע פּסיכישע איבערלעבונג), וואָס איז אין דעם פאַל ניט צור־געפּאַסט, דעריבער זעט זי זיך אַזוי שטאַרק אָן. באַם צווייטן מאָל קומען אויך פאָר אָן אַ שיעור קליינע, קוים קענטיקע און אומ־באַמערקטע מאָטאָרישע אַקטן, אָבער קיינם פון זיי זעט זיך מער ניט

*) Text Book of Psychology, p. 248.

אָן, ווייל זיי זענען צוגעפּאַסט צו דער לאַגע און פיין קאָאָרדינירט.

אַז אַזאַ קאָמפּליצירטע דערשיינונג ווי לייענען אָדער הערן אַ מעשה זאָל זיין ענג פאַרבונדן מיט אַ פילפאַכיקער אָרגאַנישער טעטיקייט, דערין קען גאָר קיין ספק ניט זיין. און ניט סתם אַזוי זיך — טעטיקייט, נאָר אַן אָנגעשטרענגטע פאַרשנעלערטע טעטיקייט, ווייל אַ מעשה רירט אָן די סאַמע וויכטיקסטע מאָמענטן, גליק אָדער אומגליק, פון אַ מענטשלאַך לעבן. אויב דאָס פּסיכישע לעבן האָט תמיד אין זיך אַ מאָמענט פון צוקונפטיקער ווענדונג, דעמאָלט איז דאָ יעדע רגע אַ געגאַרטע צוקונפט פון דער פריערדיקער רגע. דאָס פאַרשטאַרקטע ציען און רייסן זיך פונ'ם גאַנצן פּסיכאָפיזישן אַפּאַראַט איז אין דער ספערע פון אַ שפּאַנענדיקער מעשה — וואו די פונדאַמענטאַלסטע אימפּולסען און וויכטיקסטע געוואוינהייט־באַציאונגען ווערן אַוועקגעשטעלט אין דער קאָנצענטרירטסטער פאָרם אין סאַמע פראָנט פון באַוואוסטזיין — אין אַזאַ ספערע ווערט די צייט אָנגעפילט מיט אַזוי פיל וויכטיקע איינצעלהייטן אַז זי ווערט אָן אַ שיעור אויסגעצויגן, לויט'ן געוויינטלאַכן געזעץ פון אויפנעמען צייט. יעדע רגע ווערט אַ היפּשלאַך ווייטע צוקונפט פון דער פריערדיקער רגע, יעדע רגע דאַרף ברענגען דעם נאַטירלאַכן שלום וואו אַלע געשעענישן פאַרשפּיצן זיך צו אַן ענדגילטיקן אַקט. און ווי שנעל די מעשה זאָל זיך ניט אַנטוויקלען קען זי ניט מיטהאַלטן מיט דער האַסטיקייט מיט וועלכער עס ווערן צוגעגרייט און אָנגעשטעלט מעכאַניזמען אויף צו באַגעגענען נייע מאָמענטן. דער קינסטלאַכער שטראָם פון אַ מעשה, אויף דער בינע, אין בוך אָדער בעל פּה, איז צו לאַנגזאַם זיך צו פאַרמעסטן מיט'ן טרייב־כח פון מאָטיוון וואָס וואָרצלען אין די פונדאַמענטאַלסטע אימפּולסן. עס קומט אויס ווי אַ מאַשין, ווען עס פעלט איר אויס קאַלט וואַסער, הייבט זי אָן צו ברענען פון דער היץ וואָס זי אליין פּראָדוצירט. אָט דאָס איז געשפּאַנטקייט. געשפּאַנטקייט איז דער קריטישסטער מאָמענט אין די פּראָצעסן פון אַן איבערלעבונג, אויסנעדריקט אין דער פאָרם פון אַ געפיל.

פאַרשטייט זיך אַז שפּאַנענדיק קען בלויז זיין אַ מעשה. און

בלויז א קונסט וואָס פארנעמט זיך מיט דערציילן מעשות האט א מעגלאכקייט צו אנטוויקלען זיך אין דער ריכטונג פון שפאנענ־דיקייט, און שאפן אַ אייגנארטיקע טעכניק, וואָס זאָל זי אוועק־שטעלן ווי א גאנץ ספעציעלע באזונדערקייט אין דער גאנצער קונסט־וועלט. ווארים עס איז שווער צוגעפינען נאך א מאָמענט אין לעבן וואָס זאל אונז ברענגען אזוי נאָענט צום סאמע תוך פון מענטשלאכע וויטאלע פראָצעסן ווי דער שפאנענדיקער מאָמענט. אָבער דאָס אַלץ איז שוין מחייב מיר זאָלן אביסל דעטאלער אנא־ליזירן דעם באגריף „מעשה”.

קאפיטל II

# געשעענישן, עפּיזאָדן און מעשות

## א. דער אינטערעס אין פּסיכאָלאָגיע

דער מענטשליכער אינטערעס אין דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט איז אַזאַ נאַטירלאַכע דערשיינונג, אַז עס איז כמעט אין גאַנצן איבעריק צו דערקלערן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. אונזער גליק און אומגליק איז אַזוי שטאַרק אָפּהענגיק אָן די מענטשן מיט וועלכע מיר פירן אָן צוזאַמען אונזער לעבנס־פּראָצעס, אַז אַ נענטערע באַקאַנטשאַפט מיט דער טבע פון׳ם מענטשן איז ווייט פון צו זיין בלויז אַן ענין פאַר הוילער נייגיריקייט. און וואָס מער מיר געפינען אויס אַז דאָס „זיין מיט זיך אַליין״ גיט נאָך ניט קיין מעגלאַכקייט אַז מיר זאָלן זיך קענען ריכטיק אָפּשאַצן, אַלץ מער זוכן מיר זיך צו פאַרטיפן אין פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען. אַזוי לאַנג ווי פּסיכאָלאָגיע איז אין גאַנצן געלעגן אין די הענט פון פילאָזאָפן האָט ממילא דער קרייז פון פאַרינטערעסירטע געמוזט בלייבן זייער קליין. די ספּעציעלע פּסיכאָלאָגישע פראַגן וואָס פּאַסן זיך אַריין אין אַ ריין פילאָזאָפישן געדאַנקען־גאַנג, און די מעטאָדן וועלכע דער פילאָזאָף באַנוצט כדי צוצוטרעטן צו אַזעלכע ענינים, זענען אַזוי ווייט און דערווייטערט פון פּראַקטישע נויטן, אַז זיי קענען זעלטן ווען אָנרירן אַ מענטשן וואָס געפינט זיך אין דרויסן פון׳ם פילאָזאָפישן קאַבינעט.

אָבער כאָטש פּסיכאָלאָגיע איז ביז׳ן לעצטן פערטל פון נײַנצנטן יאָרהונדערט געווען אין גאַנצן פאַרבונדן מיט פילאָזאָפיע און פילאָזאָפן, איז אָבער צוליב דעם ניט אָפּגעשטאָרבן דעם פּשוט׳ן מענטשנס פאַרינטערעסירטקייט אין פּסיכאָלאָגישע דערשיינונגען. דער פאַרלאַנג עפּעס צו וויסן און צו דערגיין איז דאָ צו גרויס און טיף; מען קען אים איינפאַך ניט אויפגעבן אפילו ווען מען זאָל עס וועלן. עס מאַכט אָפּט דעם איינדרוק אַזוי ווי

מענטשן וואָלטן כסדר געוואַרט אויף דער רגע ווען פסיכאָלאָגיע וועט עפענען איר סודות'פולע מלוכה כדי זיי זאָלן זיך אַהין אַריינכאַפּן מיט'ן גאַנצן אימפּעט פון לאַנג־אָנגעזאַמלטער ענערגיע.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס זינט פסיכאָלאָגיע איז — מיט אַרום פופציק יאָר צוריק — געוואָרן אַן עקספּערי־מענטאַלע וויסנשאַפט, איז איר פּאָפּולאַריטעט געוואַקסן אָן אַן אויפהער. דער בלויזער געדאַנק אַז מען קען מאַכן פסיכאָלאָגישע עקספּערימענטן אין ספּעציעל צוגעגרייטע לאַבאָראַטאָריעס שטילט אַ דאָרשט און רייצט די פאַנטאַזיע מיט ווייטע און לאַנג גע־האָפטע מעגלאַכקייטן. מען עקספּערימענטירט איבער געפילן און געדאַנקען; מען שטעלט אַוועק מענטשן אין אַ ספּעציעלער לאַגע כדי אויסצוגעפינען, אונטער קאָנטראָלירטע באַדינגונגען, די פּסי־כישע פּראָצעסן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין זיי. ווי שיין דאָס קלינגט, וויפיל זיכערקייט דאָס ברענגט אַריין אין אַ וועלט וואָס איז אונז אַזוי נאָענט און צו וועלכער מיר זענען דאָך אַזוי בלינד. די בשורה פון אַ „נייער פסיכאָלאָגיע" האָט זיך צוטראָגן ווייט און ברייט, און עס האָט זיך געפילט אַז עס איז אָנגעקומען אַ גרויסער טאָג.

פאַרשטייט זיך אַז פון'ם „גרויסן געווינס" זענען מיר נאָך געווען ווייט, זענען מיר נאָך איצט גענוג ווייט, סיי טעאָרעטיש, סיי פּראַקטיש. וויליאַם דזשעימס האָט נאָך געוואָרנט: „עס איז באמת מאָדנע צו הערן ווי מענטשן רעדן מיט נצחון וועגן דער „נייער פסיכאָלאָגיע" און שרייבן „געשיכטעס פון פסיכאָלאָגיע" בעת מיר האָבן נאָך ניט אפילו דעם ערשטן אָפּשיין פון אַ קלאָ־רער פאַרשטענדעניש פון די ווירקליכע עלעמענטן און כחות וואָס דאָס וואָרט נעמט אַרום".*) אמת, די אַנטוויקלונג פון פסי־כאָלאָגיע זינט דזשעימס האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער איז געווען אַן אומגעהייערע, און האָט געעפנט פאַר'ן פסיכאָלאָג אַ סך פאַרהוילענע ווינקעלאַך פון דער מענטשלאַכער נשמה, אָבער פאַר דער רויער פסיכאָלאָגישער נייגיריקייט פונ'ם אַלגעמיינעם מענטשן איז קיין שנעלע טרייסט ניט געקומען. אַזאַ מענטש

*) Psychology, 1893, p. 408.

ווען ער האָט זיך צוגעכאַפּט ווי אַ דאָרשטיקער צו אַ לערן בוך איבער פּסיכאָלאָגיע, פלעגט תמיד עס פאַרמאַכן מיט אַנטוישונג: „עפּעס רעדט זיך יאָ דאָרט פון גאַנץ אינטערעסאַנטע זאַכן, אָבער ס'איז ניט דאָס. ניט דאָס האָב איך געמיינט". עס ציען זיך קאַפּיטלען איבער דער נערוון סיסטעם, שפּירונגען, געזעצן פון אויפמערקזאַמקייט, פאַרבינדונגען פון אידייען, זכרון, פאָרשטע־לונגען, אינסטינקטן, געפילן, עמאָציעס; עס ווערן אָנגעגעבן עקספּערימענטן, אינטערעסאַנטע לאַבאָראַטאָריע אַפּאַראַטן — אָבער ס'איז פּאָרט ניט דאָס. עפּעס איז אַלץ אַזוי פרעמד און ווייט פון קאָנקרעטן לעבן אַז וויפיל מיר זאָלן זיך אין אַזעלכע ענינים ניט פאַרטיפן וועט עס ניט אָנצינדן קיין ליכט אין אונזער טונקלקייט און ניט ווייזן אונז קיין וועג אין אונזערע בלאָנדזשע־נישן.

אַזוי אָן ערך האָט זיך געטראַכט דער זייטיקער מענטש ווען ער האָט זיך דערוועגט צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער'ן פּסיכאָלאָ־גישן פעלד. דאָס הייסט נאָך לחלוטין ניט אַז די וויסנשאַפט האָט זיך פאַרנומען מיט אומנייטיקע זאַכן, און דער אורטייל פונ'ם זייטיקן מענטשן איז אין גאַנצן אַ גערעכטער. וואָרים אַזאַ מענטש פאַרגעסט געוויינטלאַך אַז די זאַכן וואָס אים אינטערע־סירן צום מערסטן זענען אומגעהייער קאָמפּליצירט, און אַז אָט די זאַכן ווערן צונויפגעשטעלט פון עלעמענטן וואָס זעען אים אויס אומדירעקט און אַבסטראַקט, וועלכע מען דאַרף אָבער צום ערשט אַנאַליזירן כדי צו פאַרשטיין די גאַנצע דערשיינונג. אַחוץ דעם זענען פאַראַנען נויטווענדיקע מעטאָדאָלאָגישע טעות'ן אין דער אַנטוויקלונג פון יעדער וויסנשאַפט. פון דעסטוועגן איז געלעגן אַ היפּש ביסל גערעכטיקייט אין די טענות. אַז מען זאָל דורכ־ניין אַ בוך איבער פּסיכאָלאָגיע און דאָך ניט געפינען קיין איין וואָרט, קיין איין אות, וועגן ענינים וואָס רירן אַזוי טיף אָן דאָס לעבן אויף טריט און שריט און שפּילן אין אים אַ געוואַלטיקע ראָלע, איז טאַקע באמת זייער מאָדנע. און דאָך איז דאָס ביז אין דער לעצטער צייט געווען אָן אומאַנגענעמער אמת. אַ פּסיכאָלאָגיע וואָס קען זיך פאַרגינען ניט אָנצורירן אַזעלכע דערשיינונגען ווי דאָס מענטשלאַכע געשלעכט־לעבן, חלומות, קונסט, הומאָר,

שפּראַך, רעליגיע, און נאָך אַזעלכע „קליינינקייטן" קען כמעט ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ פאָרשונג פון גייסטיקן לעבן פון'ם מענטשן. און דאָך זענען פסיכאָלאָגישע ביכער אַ לאַנגע צייט פאַרביי־געגאַנגען אַזעלכע פּראָבלעמען מיט אפשר אַ פּאָר באַמערקונגען — אין בעסטען פאַל, און אין ערגסטן פאַל אפילו דאָס אויך ניט.

## ב. פסיכאָאַנאַליז און דער „פאַרלאַנג"

גראַד אין אַזאַ צייט איז פּראָפעסאָר זיגמונד פרויד אַרויס־געקומען מיט זיינע נייע, און ניי־באַקליידטע, טעאָריעס פון דער מענטשלאַכער פסיכיק. עס זענען פאַראַן אַלערליי סבות פאַרוואָס די פרוידיאַנישע פסיכאָלאָגיע האָט זיך פאַרשפּרייט אַזוי ווי אַ וואַלד־פייער איבער דער גאַנצער וועלט. אָבער אָט די אַלע סבות קענען אין קורצן פאָרמולירט ווערן אַזוי: די פסיכישע טרייב כחות אויף וועלכע פרויד האָט אָנגעוויזן זענען געווען אַזוי נאָענט צום מענטשלאַכן לעבן אַז יעדער האָט אָנגעהויבן פילן אַז פסיכאָ־לאָגיע איז עפּעס אַ נאָענטע און אינטימע זאַך. מערקווירדיק, קיין איין פסיכאָלאָגישע סיסטעם האָט זיך ניט באַנוצט מיט אַזעלכע האָר־שפּאַלטערישע סובטיליטעטן, אַזעלכע ווייטע, קונ־ציקע נעצן פון פשט'לאַך און געמאַטערטע השערות, ווי די פרוי־דיאַנישע. אָבער איבער דעם אַלעם און אַרום דעם אַלעם שוועבט אַזאַ נאָענטקייט און דירעקטקייט צו קאָנקרעטע מענטשלאַכע אינטערעסן, אַז די שוועריקייטן און קאָמפּליצירטקייטן פון דער סיסטעם פאַרשווינדן אין הינטערגרונד. דאָס וואָס טייל ווייזן אָן ווי אויף אַ חסרון אין פרויד'ס טעאָריעס, דאָס איז באמת זייער אַ גרויסע מעלה. „מען געפינט אומעטום (בא פרויד'ן) אַ טענ־דענץ אָנצונעמען די מענטשלאַכע מאָס, און טיילמאָל אפילו מענטשלאַכע פּרעטענזיעס, וואָס מוז אַרויסרופן אַן אומרואיקייט בנוגע דער גילטיקייט, אויב ניט פון זיין לערע, איז לכל הפחות פון דער פאָרם אין וועלכער זי ווערט אַרויסגעבראַכט".*) עס איז בלי ספק אמת, אַז אַ פסיכאָלאָג קען האָבן פאַר זיך אַזעלכע אויפ־גאַבן אַז „אָננעמען די מענטשלאַכע מאָס" איז טאַקע אַ גרויסע

*) Instinct of the Herd in War and Peace. W. Trotter, p. 78.

וויסנשאפטלאכע שטערונג. אָבער ניט בא פרויד׳ן. אזעלכע דער־שיינונגען מיט וועלכע פרויד האָט צו טאָן ווייזן זיך ארויס אין זייער אמת׳ער קלאָרקייט ווען זיי ווערן באטראכט אין ליכט פון מענטש־לאכן לעבן און ניט „פון שטאנדפונקט פונ׳ם אָקס אָדער פון דער קו".*)

מען דערמאנט אָפט אז פרויד׳ס טעאָריע, פּסיכאָאנאַליז, האָט פיל צו פארדאנקן איר פּאָפּולאריטעט דעם פאקט, וואָס זי שטרייכט אונטער די געשלעכטלאכע מאָמענטן פון מענטשלאכן לעבן. דאָס איז בלי ספק אמת. אָבער אויב דאָס ווערט געזאָגט מיט׳ן טאָן פון נעגאַטיווער קריטיק, ווערט דער ציל לחלוטין ניט דער־גרייכט. נעגאַטיוו ווערט די קריטיק ערשט דעמאָלט ווען מען ווייזט אָן אויף דער איינזייטיקייט פון אזא דערקלערונג פון פסיכישן לעבן. און דאָס איז טאַקע ריכטיק, אָבער די אונטערשטרייכונג פון גע־שלעכטלאכן לעבן פאר זיך אליין ווייזט נאָך ניט אָן אויף קיין פעלערן ניט אין דער טעאָריע, ניט אין אירע אָנהענגער. מען מעג מיט זיכערקייט זאָגן אז די פּסיכאָלאָגיע וואָס איגנאָרירט דעם גע־שלעכטלאכן מאָמענט האָט זיך גאָר ניט וואָס איבערצונעמען אנט־קעגן דער פּסיכאָלאָגיע וואָס אונטערשטרייכט אים. אדרבה, די זינד פון דער ערשטער איז פיל גרעסער ווי פון דער צווייטער, און איבערגעטריבענע צניעות שטייט וויסנשאפטלאך אויף איין ברעט מיט דורכויסיקער געשלעכטלאכער אָריענטאציע.

די שיינקייט פון דער געביידע וואָס פּסיכאָאנאַליז שטעלט אויף, און דער כח מיט וועלכן ער אַפּעלירט ליגן קודם כל אין דעם וואָס ער שטייט אויף א דינאמישן פונדאמענט—אויף דעם פארלאנג. אין דעם פּרט איז אייגנטלאך ניטאָ קיין חילוק צווישן פרויד׳ן, אדלער׳ן און יונג׳ן, די דריי פירער פון דער פּסיכאָאנאַליטישער באוועגונג, כאָטש זיי זענען ניט מסכים צווישן זיך בנוגע דער טבע פון אָט דעם פארלאנג. לויט פרויד׳ן איז דער פארלאנג א געשלעכטלאכער, בא אדלער׳ן איז ער א פארזוך ביייצוקומען א געפיל פון אינערלאכער שוואכקייט. בא יונג׳ן איז ער א מער

*) The Social Philosophy of Instinct. Ch. C. Josey, 1922, p. 104.

אַלגעמיינער לעבנס־דראַנג, אָבער בײַ אַלע פּסיכאָאַנאַליטישע שולן זעען מיר אַ לעבעדיקן מענטשן וואָס רייסט זיך מיט אַלע כחות איינצושטעלן אַ געהעריקע גלייכגעוויכט צווישן אינווייניקסטער ענערגיע און דרויסנדיקע סטימולן. אין פּסיכישן לעבן האָבן מיר צו טאָן מיט פּראָצעסן וואָס ציען זיך אין דער ריכטונג פון עפּעס צו באַהערשן, עפּעס אויסצוגלייכן, עפּעס צו באַלאַנסירן, און עס מאַכט שוין ניט אויס אין וואָס דער עפּעס באַשטייט.

ווען אַ פּסיכאָלאָג רעדוצירט דאָס פּסיכישע לעבן צו עלעמענ־טאַרע שפּירונגען, צו די קוואַליטעטן וואָס מיר דערשפּירן מיט די חושים, למשל, וואַרימקייט, אָדער אַ געוויסן טעם, אָדער ריח, ווען אַ פּסיכאָלאָג טוט דאָס, רײַסט ער אָפּ אַ טייל פון אונזער נשמה־לעבן, פון׳ם גאַנצן געוועב אין וועלכן אָט די טייל האָט אַ זינען. זיכער האָבן מיר צו טאָן מיט וואַרימקייט און טעם און ריח, א. א. וו. אָבער ניט ווי באַזונדערע פּרטים אין פּסיכישן געשעען, נאָר אין שייכות צו געוויסע גאַנצע סיטואַציעס וואו דער פאַרלאַנג שפּילט אַ הויפּט ראָלע. אַן אָפּגעריסענע שפּירונג איז אַ סטאַטישע דער־שיינונג, אַ צושטאַנד וואָס קומט קיינמאָל ניט פאָר אין דער לעבע־דיקער ווירקלאַכקייט. אַ שפּירונג איז בלויז איין רגע אין אַ פּראָ־צעס וואָס ציט זיך פון אַ פאַרלאַנג צו אַ דערגרייכונג, און באַקומט אַ זינען אין אונזער לעבן בלויז צוליב די אַלע טעטיקייטן וואָס רינגלען זי אַרום. יעדע רגע פון לעבן איז פאַרבונדן מיט אַ געווי־סער אָריענטאַציע פון׳ם גאַנצן פּסיכאָפיזישן אָרגאַניזם, דאָס וואָס מיר רופן באַציאונג אָדער שטעלונג. „אַ שטעלונג, זאָגט קאָפקאַ, איז איצט געוואָרן אַ גאַנץ באַשטימטער טערמין... ער באַטייט אַז בעת מיר גייען אַריין אין אַ געגעבענער סיטואַציע איז דער אָר־גאַניזם גרייט פאַר געוויסע אָפּרוף פאָרמען“.*) בלויז אין אַנאַטאָ־מיע קען מען שטודירן אָרגאַנען אין זייער באַזונדערקייט. ווייל דאָ האָבן מיר פאַר זיך די קלאָרע עובדאָ צו באַשרייבן די איינצלנע טיילן פון וועלכע דער אָרגאַניזם ווערט צונויפגעשטעלט. אָבער דאָס קען ניט געטאָן ווערן אין פיזיאָלאָגיע, ווייל דאָ האָבן מיר

---

*) Perception: An Introduction to the Gestalt Theorie. Psychological Bulletin, October, 1922.

צו טאָן מיט פונקציעס, ניט מיט טיילן, נאָר מיט זייערע שייכות'ן אין לעבעדיקער טעטיקייט. מען קען דעריבער ניט רעדן וועגן די פונקציעס פון די לונגען, למשל, און אין גאַנצן אויסלאָזן זייער שייכות צום הארצן, ווייל די לונגען, ווי אַ באַזונדערקייט, איז אַ טויטע זאַך. דאָס זעלביקע איז אמת אין פּסיכאָלאָגיע. קיין מענטש לעבט ניט איבער קיין שפּירונג אָפּגעזונדערטערהייט. אויב דער פּסיכאָלאָג קען דאָך אַרויסרייסן אַ שפּירונג פון זיינע קאָנקרעטע איבערלעבונגען און זי אויפנעמען ווי אַ באַזונדערן פּסיכישן עלע־מענט איז עס אַ רעזולטאַט פון זיין ספּעציעלער געאיבטקייט אין די דאָזיקע ענינים, ווי דיואי באַמערקט ריכטיק.*)

דער פאַרלאַנג איז אַ דינאַמישער באַגריף. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ טעטיקייט וואָס אַ געוויסער קערפּערלאַכער מעכאַניזם איז אָנגעשטעלט זי דורכצופירן.**) דער פאַרלאַנג איז עפּעס וואָס רייסט זיך, וואָס ציט זיך ערגעץ וואו, ער באַשטייט אינ'ם אָנשטעלן דעם מעכאַניזם, אין צוגרייטנדיקע באַוועגונגען וואָס צילן אין אַ געוויסער ריכטונג, אונטער'ן דרוק פון אַ דרוסנדיקן סטימול. דאָס דורכפירן די אויפגאַבע פונ'ם פאַרלאַנג איז שוין, פאַרשטייט זיך, אַן אַנדער זאַך. ווען דאָס פּסיכישע לעבן וואָלט אין יעדן מאָמענט זיך אויסגעדריקט בלויז אין איין פאַרלאַנג — אויב אַזאַ זאַך איז דענקבאַר — דעמאָלט וואָלטן פאַרלאַנג און אָפּענע האַנדלונג גע־ווען די זעלביקע זאַך. דאָס לעבן איז אָבער ניט אַזוי איינפאַך. עס קומען תמיד פאָר קאָנפליקטן צווישן פאַרלאַנגען, ד. ה. אין יעדן מאָ־מענט זענען אַ סך מעכאַניזמען גרייט „זיך צו לאָזן אין וועג אריין", און דער וועג איז פאַר יעדן מעכאַניזם אַן אַנדערער, און דער וועג וואָס ווערט ווירקלאַך אויסגעקליבן איז אַ פּועל יוצא פון דער צו־זאַמען שפּיל וואָס קומט פאָר צווישן די פאַרשידענע פאַרלאַנגען אין שטענדיקער שייכות, נאַטירלאַך, צו די פאַראַנענע סטימולן.

ווען מיר זאָגן אַז אַ מעכאַניזם „איז גרייט" עפּעס צו טאָן, זעט עס אויס אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ שטילן צושטאַנד אָבער אין דער אמת'ן איז דאָס אַן אַקטיווער פּראָצעס, מען וואָלט

*) Human Nature and Conduct, 1922, p. 31.
**) The Freudian Wish. E. B. Holt, 1915, p. 3.
Adler. Trans. P. Radin, 1924, p. 3.

אפשר געדאַרפט זאָגן ניט „איז גרייט“ נאָר „גרייט זיך“, קאאָר־דינירט, שטעלט אָן, א. א. וו. עס איז אַ סעריע פון קליינע, אומ־באַמערקבאַרע באַוועגונגען, דערפאַר ווייסן מיר פון זיי ניט. יעדער מענטש קען זיך „מאַכן“ רואיק אפילו ווען ער ריכט זיך אויף אַן אויסברוך, ווען ער ווייס אַז באַלד, באַלד וועט עמיץ אויף אים אָנפאַלן מיט'ן מויל אָדער מיט די הענט. מיר רופן דעמאָלט אָן די רואיקייט אַ געמאַכטע, ווייל מיר רעכענען אַז דער גייסט־צו־שטאַנד איז בײַ אים ניט דער זעלביקער ווי בײַ אַ נאַטירלאַכער, נאָר־מאַלער רואיקייט. ווען מיר וואָלטן אָבער אַ מענטשן אין אַזאַ צו־שטאַנד אַנאַליזירט מיט דער הילף פון די נייטיקע אַפּאַראַטן, וואָלטן מיר גלייך אויסגעפונען די „געמאַכטקייט“ אין אַ פיל פּשוט'ערן זינען. מיר וואָלטן אויסגעפונען אַז אַ חוץ דעם וואָס דער ריטם פון זיין אָטעמען און צירקולאַציע זענען לחלוטין ניט די זעלביקע ווי בײַ אַ נאַטירלאַכער רואיקייט, מאַכט ער באַווע־גונגען, לייכטע, אָנהייב־באַוועגונגען, וועלכע ער וועט שפּעטער בלויז דאַרפן פאַרשטאַרקן כדי ריכטיק זיך אָפּצורופן אויף דעם קומענדיקן אָנפאַל. עס קומט אייגנטלאַך פאָר אַן אָרגאַניזירונג פון סיסטעמען אַזוי אַז ווען די אָפענע טעטיקייט הייבט זיך אָן זאָלן אירע איינצלנע טיילן ניט שטערן איינס ס'אַנדערע. אַ פּסיכאָלאָג וואָס איז געניט אין אינטראָספּעקציע, ד. ה. וואָס קען זיך אַליין באָאָבאַכטן אין אַזעלכע מאָמענטן, קען גאַנץ לייכט זיך כאַפּן בײַ אָט די אַלע אָנהייב באַוועגונגען. פּונקט ווי זאַכן, וואָס מיר קענען שפּירן מיט חושים, קענען אויך עקזיסטירן אין דער פאָרם פון אָפּבילדער, פון פאָרשטעלונגען, אַזוי קען אויך אָפענע טעטיקייט עקזיסטירן אין דער פאָרם פון אַ מין אָפּשפּיגלונג, פון אָנהייב־באַוועגונגען.*) דאָס ניט אונז ביידע ברעגן פונ'ם פּסיכאָפיזישן פּראָצעס — דאָס שפּירן איינדרוקן מיט די חושים און דעם אָפּרוף, די באַוועגונג פון די מוסקולן — אויף אַ פּסיכישער פּלאַץ, ד. ה. אַי די דרויסנדיקע זאַכן, די סטימולן, אַי די אייגענע באַוועגונגען פונ'ם אָרגאַניזם, קענען פאָרקומען אויף אַן אומזעבאַרן אופן. וואָ־רים זאָל עמיצער קוקן אויף אונז בעת מיר האָבן אַ געוויסע פאַר־שטעלונג פון אַ דרויסנדיקער זאַך, אָדער בעת מיר מאַכן די אָנהייב־

*) Principles of Literary Criticism. I. A. Richards, 1924, p. 108

באוועגונגען וועט ער דאָך ניט קענען באמערקן אז אין אונז קומט עפּעס פאָר.

אָבער פרויד שטעלט זיך ניט אָפּ באם באגריף פארלאנג סתם אזוי זיך, אָן דער באפרידיקונג. דאָס איז גאנץ נאטירלאָך. א פאר־לאנג אָן א באפרידיקונג, אָן דעם עפּעס צו וועלכן ער רייסט זיך איז דאָך א פּוסטע אבסטראקציע. עס איז פּונקט ווי מען זאָל עפּע־נען דעם מאָטאָר פון אַן אויטאָמאָביל וואָס הענגט אין דער לופט: די רעדער דרייען זיך טאקע, אָבער ער רירט זיך ניט פון אָרט, ווייל ער האט ניט קיין באָדן, קיין דרויסנדיקן „עפּעס“. א פּארלאנג, מיט איין ווארט, איז מחייב אַן אָביעקטיווע ווענדונג, א ציען זיך צו עפּעס וואָס איז אין דרויסן פונ׳ם אַקטיוון אָרגאניזם. אָט די אָב־יעקטיווע ווענדונג פונ׳ם פּארלאנג האָט פרויד ווייט ניט אזוי קלאָר און שארף אויסגעדריקט ווי זיין תלמיד און קעגנער אלפרעד אדלער.

אדלער הייבט אָן מיט דער הנחה אז „מיר קענען ניט דענקען, פילן, וועלן, אָדער טאָן און ניט האָבן פאר זיך א געוויסן צוועק“.*) דאָס איז אייגנטלאָך א פאָרמולירונג פון א זעלבסטפארשטענד־לאכקייט, דאָס איז די אָביעקטיווע ווענדונג וועגן וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט, ד. ה. אין דער סעריע האנדלונגען פון וועלכע דאָס לעבן ווערט צוזאמענגעשטעלט זענען פאראן אזעלכע וועלכע מיר באטראכטן ווי א לעצטן טראָט פון שטאנדפּונקט פון די פריער־דיקע האנדלונג־מאָמענטן; זיי שטעלן מיט זיך פאָר די דערגרייכטע שפּיצן צו וועלכע מיר ציען זיך אין אונזער באוואוסטזיין. מיר האָבן פאר זיך אַן אנהייב, אָדער אַן אויפגאבע, אָדער א פארלאנג, דערנאָך קומט א פּלאַן וואָס זוכט מיט יעדן טראָט צו דערפילן, ד. ה. פארענדיקן דעם פּראָצעס, און צום סוף קומט יענע טעטיקייט וואָס פארענדיקט, דערפילט, ד. ה. וואָס דערגרייכט דעם צוועק. אדלער שטעלט זיך זייער פיל אָפּ אויף דעם ארבעט־פּלאַן און דעם צוועק וואָס זענען דער רוקן ביין פון זיין סיסטעם. פּונקט ווי פרויד האָט אויך אדלער אויפגעכאפּט זייער א וויכטיקן אמת, אָבער פּונקט ווי דער ערשטער ווערט ער אויך איינזייטיק און רעדט שוין

*) The Practice and Theory of Individual Psychology. A. Adler.

ניט בלויז וועגן צוועקן פון פאַרשידענע פּראָצעסן, נאָר וועגן אַן אַלגעמיינעם גרויסן, אַלץ־ארומנעמענדיקן לעבנס־פּלאַן, וואָס יעדער מענטש פאַרשאַפט זיך. פונ'ם פריער־דערמאָנטן ארבעט־פּלאַן ווערט שוין אַן אַלגעמיינער לעבנס־פּלאַן, דאָס אַלץ שפּיגלט גיכער אָפּ די היסטערישע פּאַציענטן מיט וועלכע אדלער האָט צו טאָן איידער די נאָרמאַלע, געזונטע מענטשן, וואָס האָבן אין משך פון לעבן אַ סך צוועקן און אַ סך פּלענער זיי צו דערגרייכן.

## ג. דער „זיגזאַג" פון לעבן

אָט האָבן מיר פאַר זיך דאָס בילד פון אַן עלעמענטאַרן לעבנס־פּראָצעס. מיר וואָלטן עס גראַפיש געקענט פאַרשטעלן אין דער פאָרם פון אַ זיגזאַג וואָס מען קען אָנהייבן אויף דער פּסיכישער זייט, מיט אַ פאַרלאַנג צו עפּעס, דערנאָך שטייגט די ליניע אַלץ העכער און העכער אין דער ריכטונג פונ'ם צוועק. דער שפּיץ וואָלט דעמאָלט געווען די דערגרייכונג אָדער דער דורכפאַל און די ליניע וואָס ציט זיך אַראָפּ פון דער אַנדערער זייט שטעלט דעמאָלט מיט זיך פאָר באַפרידיקונג אָדער אַנטוישונג. דער דאָזיקער פּראָצעס קען פאָרקומען אין דער ווירקלאַכקייט און אויך בלויז אין געדאַנק, דאָס הייסט אויף דער פּסיכישער פלאַך. די אָנהייב באַוועגונגען און די פאָרשטעלונגען וואָס מיר האָבן פון זאַכן מאַכן מעגלאַך אַז מיר זאָלן אַ סך וויכטיקע פּראָצעסן קענען דורכגיין און קיין שום אָפענע האַנדלונגען זאָלן ניט געמאַכט ווערן. אַ חוץ דעם קען אַזאַ פּראָצעס זיין איינפאַך אָדער קאָמפּליצירט. וואָרים מיר זענען דאָך ניט אַליין אין דער וועלט, און אַלץ וואָס מיר טוען איז כסדר אָפּהענגיק אָן די מיליאָנען מענטשן, פּאַסירונגען און זאַכן וועלכע קרייצן זיך דורך אין אונזער וועג. אונזער וועג איז בכלל ניט א ו נ ז ע ר, ער איז צונויפגעשטעלט פון דער צוזאַמען שפּיל פון מיליאָנען לעבנס־זיגזאַגן און מיליאָנען קאָמפּליקאַציעס וואָס שטאַמען פון זיי אַרויס. אויב מיר זאָגן א ו נ ז ע ר וועג, איז דאָס בלויז אַ פעסטשטעלונג פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט פון וועלכן מיר קוקן אויף אונזער לעבן אין אַ באַשטימטן מאָמענט. אַ לעבנס־זיגזאַג קען באַשטיין פון אַזאַ קלייניקייט ווי, למשל, איך וויל ארויסגיין אין גאַס און כאַפּ זיך אַז ס'איז אין דרויסן נאַס און אַז ס'איז

גלייכער אַנצוטאָן די קאַלאָשן. די צוגרייטנדיקע באַוועגונגען, אָדער דער פאַרלאַנג, דאָס אוועקלייגן אַלע אַרבעטן און צוגיין צום פּלאַץ וואו די קאַלאָשן געפינען זיך, אָדער דער אַרבעט־פּלאַן, דאָס אָנ־טאָן די קאַלאָשן אָדער די דערגרייכונג (אָדער דאָס ניט געפינען זיי און דער דורכפאַל), די שפּעטערדיקע באַוועגונגען וואָס גייען צוזאַמען מיט באַפרידיקונג אָדער אַנטוישונג — דאָס אַלץ שטעלט מיט זיך צונויף אַ לעבנס־זיגזאַג, אָבער ער איז מער אָדער ווייניקער איינ־פאַך, די פאַרשידענע דערשיינונגען וואָס קענען זיך באַטייליקן אין דער דורכפירונג אָדער דעם דורכפאַל פון אַזאַ צוועק (די אָרדענונג מיט וועלכער זאַכן ווערן געהאַלטן אין דער דאָזיקער היים, די צייט זינט די קאַלאָשן זענען לעצטנס באַנוצט געוואָרן, א. א. וו.), זענען רעלאַטיוו באַגרענעצטע. פאַרגלייכט דאָס מיט אַזאַ פאַל ווי דאָס איילן זיך ערגיץ כדי דורכצופירן אַ געשעפטלאַכע מיסיע, אָדער זיך צוגרייטן צו אַן אינטערעסאַנטן שטודיום, אָדער אַ באַזוך בא אַ וויכ־טיקן פריינט, וואָס דאַרף אַרויסהעלפן אין אַ געוויסן ענין, און די נפקא מינה רייסט ממש די אויגן. דאָ איז שוין אַ סך שווערער פאַרויסצוזאָגן ערפאָלג אָדער דורכפאַל, ווייל דאָ גייען אַריין אַן אַ שיעור איינצעלהייטן איבער וועלכע מיר האָבן קיין שום קאָנטראָל נים. אין דער אמת'ן האָבן מיר אין ערשטן פאַל אויך נים צו טאָן מיט אַן איינפאַכן זיגזאַג, און די גראַפישע פאָרשטעלונג וואָלט געווען אַ סך נענטער צום אמת ווען מיר זאָלן די גלייכע ליניעס פאָרשטעלן אין דער פאָרם פון קליינינקע זיגזאַגן. די דאָזיקע קליי־נינקע זיגזאַגן וואָלטן אונז דעמאָלט דערציילט פון נאָך אַזעלכע פּראָצעסן וואָס ליגן אויפ'ן וועג פונ'ם פאַרלאַנג ביז דעם שפּיץ (דערגרייכונג אָדער דורכפאַל). דאָ אָבער איז דער זיגזאַג אַזאַ קאָמ־פּליצירטער, אַז יעדער טראָט אויף דער ליניע ביז צום שפּיץ נעמט אַריין אין זיך אַ געוואַלטיקע צאָל טעטיקייטן און קאָנפליקטן. יעדער טראָט, הייסט עס, איז פול מיט אָנגעצויגנקייט און געשפּאַנטקייט. וואָרים צוליב דער גרעסערער אומזיכערקייט אין די רעזולטאַטן, סיי פון יעדן ווייטער־פירנדיקן טראָט, סיי פונ'ם ענדלאַכן צוועק, צוליב די גרעסערע צאָל שטערונגען וואָס מיר קענען באַגעגענען אויפ'ן וועג, ווערט שווערער צו אָרגאַניזירן די נויטיקע מעכא־

ניזמען פונ'ם אָרגאַניזם אין געוויסע ריכטונגען. וואָס לענגער די ליניע ציט זיך און וואָס גרעסער די צאָל ווירקונגען און מניעות וואָס רייסן זיך אריין — און וואָס לענגער די ליניע ציט זיך אַלץ מער זייטיקע ווירקונגען און מניעות רופט זי ארויס — אַלץ מער ענדערונגען דארפן פּאַרקומען אין די צוגרייטנדיקע מעכאַניזמען כדי ווי געהעריק גרייט צו זיין פאר יעדער נייער לאַגע, און ממילא ווערן אַלץ מער נייע צוועקן געבוירן.

מיט אנדערע ווערטער הייסט עס אז די ליניע פון א זיגזאַג איז בלויז א רעלאַטיווער באַגריף. די ליניע איז א גלייכע ליניע בלויז אין שייכות צו א געוויסן צוועק, אין זיך גופא איז בכלל קיין גלייכע ליניע ניטאָ, אַלץ איז זיגזאַג. ווען, למשל, איך וויל ערגעץ פאָרן און גיי קויפן א צייטונג כדי איך זאָל האָבן אין וואָס אריינ־צוקוקן אויפ'ן וועג, דעמאָלט איז דאָס קויפן די צייטונג א ליניע (א מיטל) וואָס ציט זיך צו א געוויסן צוועק. אָבער בעת איך גיי צום פּלאַץ וואו איך רעכן צו באַקומען די צייטונג, דעמאָלט איז דאָס גיין די ליניע, און די צייטונג איז דער שפּיץ. די צייטונג איז, אויף אזא'ן אופן א ליניע פון א זיגזאַג פונ'ם שטאַנדפּונקט פון מיין פאָרן, און א שפּיץ פון א זיגזאַג פונ'ם שטאַנדפּונקט פון מיין זוכן זי צו באַקומען. ווען איך זאָל למשל באַגעגענען א מניעה, ווען איך זאָל די צייטונג ניט באַקומען דאָרט וואו איך זוך זי, און וועל דארפן מאכן נייע אָנ־שטרענגונגען זי צו קריגן, דעמאָלט וועט די שפּיץ־זייט פון דער צייטונג אַזוי באַהערשן מיינע מאָמענטאַלע פּסיכישע פּראָצעסן אַז די ליניע־זייט וועט פארדרוקט ווערן אין הינטערגרונט. אזוי איז איין צוועק מחייב אַן אנדערן, איין אָנשטרענגונג רופט ארויס א נייע אָנשטרענגונג, און עס שאַפט זיך די אָנגעצויגנקייט פון פּסיכישן לעבן. דאָס איז אייגנטלאַך א בליק פון אַן אנדער זייט אויף דער אומגעהייער וויכטיקער דערשיינונג פון געשפּאַנטקייט, וואָס איז אָנגערירט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל.

דער לעבנס־זיגזאַג קען, ערשטנס, זיין א דערשיינונג אין דער אָפענער ווירקלאַכקייט, און קען אויך בלויז פּאָרקומען אין געדאַנק. צווייטנס, קען ער זיין איינפאַך און אויך קאָמפּליצירט, אין דעם זינען ווי עס איז פריער דערקלערט געוואָרן. איז לאָמיר זיך פאָר־שטעלן אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א זיגזאַג־סיסטעם וואָס האָט

זיך ארויסגעריסן אין אָפענעם לעבנס־פעלד, איז מער אָדער ווייניקער קאָמפּליצירט און טראָגט אין זיך אַ געוויסע לעבנס־וויכטיקייט, — דעמאָלט באַקומען מיר דאָס וואָס מיר רופן אָן אַ „ג ע ש ע ע נ י ש“. אַ געשעעניש, זאָגן ווערטער־ביכער, איז דאָס, מיט וואָס אַ טעטיקייט, אָדער אַ סעריע האַנדלונגען, ענדיקט זיך. און דאָס איז אַ גאַנץ ריכטיקע דעפיניציע, ווען מיר האָבן אין זינען די אויסטייטשונג וואָס איז דאָ געגעבן געוואָרן, אַן אויסטייטשונג וואָס לאָזט ניט דעם „ענדיקט זיך“ זיך אָפּרייסן פון דער גאַנצער סיסטעם פון וועלכן ער איז אַ נאַטירלאַכער פּועל יוצא. געשעענישן וואָלטן דעריבער גראַפיש געקענט פאָרגעשטעלט ווערן ווי אַ ריי זיגזאַגן פון וועלכע יעדער האָט זיך זיין באַזונדערן כאַראַקטעריסטישן גאַנג און אַן אייגענע הויכקייט צו וועלכער ער שטייגט. אָבער אַלע צוזאַמען האָבן זיי איין ריכטונג און איין העכסטן דערגרייך־פּונקט. קיין גלייכע ליניעס זענען אין גאַנצן ניטאָ, ווייל דאָס וואָס וואָלט געדאַרפט זיין אַ ליניע ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון קלענערע זיגזאַגן, און די קלענערע פון נאָך קלענערע, א. אַ. וו. דאָ האָבן מיר פאַר זיך לעבנס־זיגזאַגן וואָס שליסן אין זיך איין קלענערע זיגזאַג־סיסטעמען. יעדער זיגזאַג האָט זיך זיין באַזונדערן אָנהייב, פּלאַן, צוועק און ווירקלאַכע רעזולטאַטן וואָס ווירקן אויף די ווייטערדיקע זיגזאַג סיסטעמען, אָבער צוזאַמען שטעלן זיי מיט זיך פאָר גרעסערע איינקייטן לויט דער לעבנס־וויכטיקייט וואָס די אונטערנעמונג אַנט־האַלט אין זיך. סיי יעדער קלענערער זיגזאַג, סיי די גרעסערע סיס־טעם האָבן זייער כאַראַקטעריסטישן „ארויף“ און „אראָפּ“, אָפּהענ־גיק אָן דער באַזונדערער טבע, ראָלע, וויכטיקייט, פאַרבינדונגען, ווירקונגען, א. א. וו. פון יעדן גרעסערן אָדער קלענערן זיגזאַג. די גרעסערע זיגזאַגן זענען די געשעענישן, און זיי דריקן אויס אָפענע טעטיקייט, זענען מער אָדער ווייניקער קאָמפּליצירט און לעבנס־וויכטיק.

די שטענדיקע שייכות'ן און קעגנזייטיקע ווירקונגען צווישן מענטשן און דער גאַנצער אַרומיקייט , דאַרף מען קיינמאָל ניט ארויסלאָזן פון זינען. מיר קענען דעריבער ניט צושרייבן די קאָמפּ־ליצירטקייט און לעבנס־וויכטיקייט פון דער געשעעניש בלויז צו איין עד פון דער שייכות סיסטעם. פּאַסירונגען טראָגן ניט אַרום אין זיך

גופא א וויכטיקייט וואָס כאַראַקטעריזירט זייער אינערלאַכע טבע,
נאָר די וויכטיקייט וואַקסט אַרויס פון דער שייכות וואָס עקזיס־
טירט צווישן אַלע באַטייליקטע. מען קען דעריבער ניט אויסרעכענען
פּאַסירונגען און זאָגן, אַז די און די זענען וויכטיקע און דערפאַר
זענען זיי געשעענישן, און די אַנדערע זענען עס ניט. דאָס וואָלט
לחלוטין ניט אמת געווען. די זעלביקע פּאַסירונג קען אַמאָל זיין
וויכטיק און אַמאָל ניט, אַמאָל מער קאָמפּליצירט און אַמאָל ווײַ־
ניקער. נעמט דעם ביישפּיל מיט די קאַלאָשן און גלייך זעט מען
אַרויס דאָס וואָס איך האָב דאָ געזאָגט. שטעלט זיך פאָר אַז דער
מענטש וואָס זוכט די קאַלאָשן ליידט פון רומאַטיזם, און אַ נאַס
וועטער — ווען ער זאָל זיך מיט קיין קאַלאָשן ניט באַזאָרגן —
קען פאַר אים הייסן אַ צעשטערונג פון אַ סך וויכטיקע פּלענער
צוליב קראַנקייט, — שטעלט זיך פאָר די לאַגע אויף אַזאַן אופן,
און דער כאַראַקטער פון'ם אָנגעוויזענעם זיגזאַג איז שוין אין גאַנצן
געביטן פון'ם אָנהייב ביז'ן סוף. די צוגרייטנדיקע באַוועגונגען,
דאָס זוכן, דאָס דערגרייכן, אָדער דורכפאַלן, „די ענדלאַכע באַפרי־
דיקונג און, ספּעציעל, די אַנטוישונג, — אַלץ, אַלץ האָט שוין גאָר
אַן אַנדער כאַראַקטער; דער וואוקס סיי אין קאָמפּליצירטקייט,
סיי אין וויכטיקייט איז אומגעהייער. פון אַן אומוויכטיקער קלייני־
קייט ווערט אַ געשעעניש. נאַטירלאַך, אין דעם פאַל ליגט די וויכטי־
קייט בלויז אין דורכפאַל, ווייל נאָר דעמאָלט קען געמאָלט זיין אַז
דער דאָזיקער זיגזאַג זאָל אין זיך טראָגן אַ לעבנס־וויכטיקייט. דאָ זעט
זיך שוין אַרויס אין איין ווענס וואָס עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן
אונטער „וויכטיקייט". אַ לעבנס־וויכטיקער זיגזאַג איז אַזאַ וואָס
זיין לעצטער פּועל יוצא ברענגט מיט זיך מער אָדער ווייניקער
וויכטיקע קאָנסעקווענצן אין לעבן.

## ד. עפּיזאָדן און מעשיות.

דאָ האָב איך לעת עתה איבערגעגעבן ניט דעם פולן אינהאַלט
פון אַ געשעעניש, נאָר בלויז איר סקעלעט. זאָל גלייך פאַרשטאַנען
ווערן אַז געשעענישן איז אוממעגלאַך צו באַשרייבן און פונקט
אַזוי אוממעגלאַך זיי איבערצוגעבן. געשעענישן לעבט מען איבער,

אָבער מען קען זיי ניט מיטטיילן. ווייל כדי איבערצוגעבן אַ געשעעניש מוז מען אָנקומען צו שפּראַך, און שפּראַך גיט, ערשטנס, ניט איבער אַלץ וואָס ס'איז פאָרגעקומען און, צווייטנס, גיט זי ניט איבער די כסדר'דיקע מדרגות, אין דער אָרדענונג אין וועלכער זיי האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער ווירקלאַכקייט. ווארים איבערגעבן אָדער דערציילן אַ געשעעניש איז דאָך אַליין אויך אַ זיגזאַג פּראָצעס מיט אַן אָנהויב, אַ פּלאַן, אַ צוועק א. אַ. וו. דאָס איז אַ זיגזאַג וואָס פאַרקערפּערט זיגזאַגן אין שפּראַכלאַכער פאָרם. דער זיגזאַג פון געשען איז דעריבער ניט דיזעלביקע זאַך ווי דער זיגזאַג פון דערציילן; ממילא איז אוממעגלאַך אַז די ליניעס פונ'ם צווייטן זיגזאַג זאָלן פּונקט באַ פּונקט צונויפפאַלן מיט די ליניעס פונ'ם ערשטן. אַ חוץ דעם זוכט אָפט דער דערציילער באַוואוסטזיניק אָפּצואווייכן פון אַ מעגלאַכן צונויפפאַל אויף דעם אָדער יענעם פּונקט. דער פאַקט וואָס יעדער זיגזאַג שליסט איין אַן ארבעט־פּלאַן, הייסט דאָך אַז די פאַרשידענע טעטיקייטן אויף דער גאַנצער שטייגנדיקער ליניע ווערן אָפּגעקליבן אין הסכם מיט'ן צוועק וואָס זיי דאַרפן דינען. אויב אָבער דער זיגזאַג פון דערציילן איז אַן אַנדערער פונ'ם זיגזאַג פונ'ם געשען, קענען דאָך ממילא די אָפּגעקליבענע איינצלהייטן ניט זיין פּונקט די זעלביקע סיי לויט זייער אינהאַלט, סיי לויט דער אָרדענונג אין וועלכער זיי ווערן אוועקגעשטעלט.

עס איז ניט נייטיק דאַ אַריינצוגיין אין ווייטערדיקע פּרטים פון דער דאָזיקער וויכטיקער דערשיינונג, ווייל דאָס געהערט שוין איינגנטלאַך צו דער פּסיכאָלאָגיע פון דערציילן וואָס וועט גענויער באַטראַכט ווערן אין קומענדיקן קאַפּיטל. דאָ איז בלויז פאַר אונז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז געשעענישן וואָס ווערן פאַרקערפּערט אין שפּראַך זענען ניט די זעלביקע דערשיינונג ווי די געשעענישן גופא. די פריערדיקע כאַראַקטעריסטיק פון אַ געשעעניש איז אין דער אמת'ן געווען אַ גרויזאַמע פאַראיינפאַכונג פון דעם וואָס געשעענישן זענען טאַקע אין דער אמת'ן. פּאַסירונגען אין דער וועלט האָבן כסדר דעם זיגזאַג כאַראַקטער פון אַ שטייגנדיקער ליניע, אַ העכסטן פּונקט און אַן אַראָפּגייענדיקער ליניע, ד. ה. אַ מין פאַנאַנדערלאָזן פון דער געשאַפענער פּסיכאָפיזישער אָרגאַניזאַציע, און אַ צוגרייטונג צו ווייטערדיקע זיגזאַגן. אָבער מיר זענען

זעלטן באַוואוסטזיניק וועגן דעם. אָט למשל וויל איך אַוועקגיין פון מיין היים און גרייט זיך צו זאָגן „אַ גוטן טאָג". דערזע איך דאָס פּייכטע וועטער אין דרויסן, נעם איך זוכן די קאַלאָשן, גיי איך אַרויס, גרייט איך זיך גוט צו פאַרמאַכן די טיר, וועלכע עפנט זיך צו לייכט אויף פון ווינט. איידער איך גיי אַרויס אויף דער גאַס, בין איך שוין ווידער גרייט אַריינצוקוקן אין בריוו־קעסטל. און אַזוי ווייטער, אָן אַן אויפהער. אָט די דערשיינונגען: דאָס געזעגענען זיך, די קאַלאָשן, די טיר, דאָס בריוו־קעסטל, דאָס זענען דאָך אַלץ די אויבערשטע שפּיצן פון זיגזאַגן. אָבער איך לעב אַזוי טאָג איין, טאָג אויס און כאַפּ גאָר ניט אין דער דערפאַרונג גופא דעם זיגזאַג כאַראַקטער פון לעבן. מיר דערפילן אים בלויז בײַ גרויסע געשעענישן, מיט אַ באַזונדערס שאַרפער געשפּאַנטקייט און ווייט־גרייכנדיקער לעבנס־וויכטיקייט. און אויך דאָרט איז ער ניט קלאָר גענוג, ניט בולט גענוג, צוליב דעם האַגל פון מיליאָנען זייטיקייטן וואָס אַטאַקירן אונז פון אַלע ריכטונגען. מיר קענען זיך ניט אָפּשטעלן אים צו באַטראַכטן; אַ געשעעניש אין דער צייט פון געשען קען ניט אָביעקטיווירט ווערן, ווייל דעמאָלט וואָלט זי אויפגעהערט צו ווערן פאַר אונז דאָס וואָס זי איז. דאָס אָביעקטיווירן זי, דאָס טראַכטן וועגן איר, פירט אונז אַריין אין אַן אַנדער לעבנס־ספערע, מיט אַנדערע פאַרלאַנגען, אַנדערע אַמביציעס, אַנדערע ריכטונגען. געשעענישן מיט אַלע זייערע פּרטים פאַרטרינקען דעם פּלאַן, דעם סקעלעט פונ'ם זיגזאַג. אַ גראַפישע פאָרשטעלונג פון געשעענישן וואָלט אין גאַנצן געדאַרפט פאַרבאָרגן דעם אַרויסהייבנדיקן זיגזאַג־מאָמענט. וואָלט געדאַרפט אַנטפּלעקן פּינטעלאַך, שטריכן, ליניעס און מטושטוש'ע זיגזאַגן וואָס ציען זיך פון ערגיץ וואו צו ערגיץ וואו, מיט אָפּווייכונגען בײַ יעדן פּונקט אין פאַרשידענע ריכטונגען. עס וואָלט געדאַרפט זיין אַ פיגור וואָס זאָל צעמישן דעם געזעצטן שכל און פאַראַליזירן די שפּראַך.

דאָס ברענגט אונז צום פּונקט אַז מיר דאַרפן אין זינען האָבן ניט קיין נאַקעטע געשעענישן — וואָס וואָלטן, אגב, אָן שפּראַך ניט געקענט האָבן דעם פולן באַטייט וואָס זיי האָבן אין דער מענטשלאַכער וועלט — נאָר דערציילטע, שפּראַך־באַקליידטע זיגזאַגן, וואָס טראָגן אין זיך אַלע וויכטיקסטע סמנים פון געשעענישן, לויט ווי

דער טערמין איז פריער דעפינירט געוואָרן. אָט די שפּראַכלאַך אויסגעדריקטע געשעענישן וועלן מיר רופן ע פּ י ז אָ ד ן. און די דאָזיקע עפּיזאָדן זענען די צעלן אָדער עלעמענטאַרע איינסלאַך פון וועלכע עס ווערן צוזאַמענגעשטעלט מעשׂיות.

דער עפּיזאָד, זייענדיק אַ שפּראַכלאַך געשאַפענע זיגזאַגישע איינקייט, האָט די מעגלאַכקייט אין גאַנצן דורכצולאָזן אומדירעקטע פּרטים, און קען זיך ציען אָן יעדער איבעררייסונג אָדער אָפּנייגונג אין שטייגנדיקע און פאַלנדיקע ליניעס, אין דער זיגזאַג פאָרם. אויף אַזאַ'ן אופן גיט אונז דער עפּיזאָד עפּעס אַזעלכעס וואָס איז, אין בעסטן פאַל, צעשוואומען און אומקלאָר אין דער געשעעניש גופא. דאָס איז אָבער דאָס מינדסטע מיט וואָס דער עפּיזאָד איז אַנדערש פון דער געשעעניש. אַ געשעעניש, ווי מיר ווייסן, איז אַ טעטיקייט, אַ פּאַסירונג אין דער פיזישער ווירקלאַכקייט. וואָסער שייכות האָט דער עפּיזאָד צו אָט דעם פאַקט? קען מען דעפינירן דעם עפּיזאָד ווי אַ געשעעניש אויף דער פּסיכישער פּלאַן? דער געוויינטלאַכער שטאַנדפּונקט, פון וועלכן מענטשן קוקן אויף עפּיזאָדן און מעשׂות, וואָלט אויף דער לעצטער פראַגע געענטפערט מיט אַ זיכערן „יאָ", דאָס איז דאָך אייגנטלאַך דער בליק אַז אַ מעשׂה איז אַן אָפּשפּיג־לונג פון לעבן. כאָטש, דעם אמת געזאָגט, איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס מענטשן זאָלן זיך אַזוי שטאַרק רייסן צום „שפּיגל", בעת זיי קענען האָבן דאָס לעבן אַליין. דער דאָזיקער בליק פאַרזעט דעם אומגעהייער וויכטיקן פּונקט אַז אַן עפּיזאָד, אָדער אַ מעשׂה, איז אַ נייע און אייגנאַרטיקע שייכות־סיסטעם. און אָט דאָס נייע וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער אַראַנזשירונג פון געשעעניש־פּרטים פּלוס נייע צוועקן, פּלוס אויסטייטשונגען, פּלוס שפּראַך בכלל, אָט דאָס איז, און דאַרף זיין, פאַר אונז, דאָס וויכטיקסטע אין דעם עפּיזאָד און אין דער מעשׂה. אַן עפּיזאָד קען דעריבער בשום אופן ניט דעפינירט ווערן ווי אַ געשעעניש אויף דער פּסיכישער פּלאַן. וואָרים סיי געשעענישן פון דער פיזישער ווירקלאַכקייט, סיי פון דער פּסיכישער (למשל די ווילדע פאַנטאַזיעס מיט וועלכע עס טראָגט אַרום אַ משוגענער), שטעלן מיט זיך פאָר איבערלעבונ־גען אין מאָמענט פון איבערלעבן, בעת עפּיזאָד איז אַן איבערלעבונג אין מאָמענט פון דערציילן, מיט אַלע עלעמענטן וואָס גייען אַריין

אין אָט דעם פּראָצעס.*) דאָס ספּעציפישע דערציילערישע באַוואוסטזיין צייכנט זיך אויס דערמיט וואָס עס שפּילט פאַנאַנדער אויף דער פּסיכישער פלאַך געשעעענישן, וואָס האָבן שוין זייער באַוועגונג פאַרענדיקט אין דער פיזישער וועלט. די דאָזיקע צוזאַמענשפּיל פון׳ם איצטיקן פּסיכישן אין דעם פאַרגאַנגענעם פיזישן גיט דעם כאַראַקטעריסטישן דערציילערישן באַוואוסטזיין אי זיינע ווירקלאַכע אי זיינע פאַנטאַסטישע זייטן; עס שאַפט זיך אַ סינטעז פון ביידע, און עס מאַכט נישט אויס צי עס שטייט ווירקלאַך אַ געשעעניש הינטער דעם עפּיזאָד אָדער ער ווערט איבערגעגעבן „אַזוי ווי״ אַן אמת׳ע מעשה.

פון דעם וואָס ס׳איז געזאָגט געוואָרן אין ערשטן קאַפּיטל וועגן שפּראַך בכלל קען מען זען וואָסער מערקווירדיק צוגעפּאַסטער אינסטרומענט זי איז פאַר די צוועקן פון׳ם עפּיזאָד. דאָס וואָרט מיט זיינע ברייט־פאַרצווייגטע שייכות׳ן, מיט זיין זינען, מיט זיינע סאָציאַלע אימפּליקאַציעס, מיט זיין גלייכצייטיקער פאַרגליווערטקייט און באַוועגלאַכקייט, — נאָר אַן אינסטרומענט מיט אַזעלכע זעלטענע מעלות האָט געקענט ווערן דער עלעמענט פון׳ם געוועב פון אַן עפּיזאָד, וואָס דאַרף שפּעטער צונויפשטעלן דעם וואונדערלאַכן אָרגאַניזם פון אַ מעשה. אָבער עס דאַרף זיין קלאָר אַז די מעשה קען באַין אופן ניט רעדוצירט ווערן צום וואָרט; אַז דאָס וואָרט אין שייכות צו דער מעשה איז פּונקט ווי די שפּירונג אין שייכות צום גאַנצן פּסיכישן לעבן. בלויז אַ פּאַרטיקער, דינאַמישער לעבנס־זיגזאַג קען אויפבויען דעם גרויסן, וויט־גרייכנדיקן זיגזאַג וואָס רופט זיך מעשה. ווען מען פאָלגט נאָך די געזעצן און כּללים אויף וואָס די רעטאָריקער שטעלן זיך אַזוי פיל אָפּ, באַמערקט מען ווי גערעכט זיי זענען צו יעדן פּרט און ווי אומגערעכט צום גאַנצן; ווי גוט זיי פּאַסן אויף די אברים און ווי שלעכט דעם אָרגאַניזם. אַלע באַטראַכטונגען וועגן ווערטער און זאַצן און פּאַראַגראַפן און רעטאָרישע פיגורן פירן בלויז, אין בעסטן פאַל, צו אַ בעסערער אָפּשאַצונג פון ווערטער, זאַצן, פּאַראַגראַפן און רעטאָרישע פיגורן. אָבער ניט מער. די געוואוינהייט אָפּצוזונדערן אַ געלונגענע רעד־

*) זע קאַפּיטל 3.

טאָרישע פיגור פון אַלע שייכות'ן וואָס זי האָט מיט'ן גאַנצן געוועב אין וועלכן זי איז פאַרפלאָכטן, און טייטלען אויף איר מיט די פינגער, הייסט אייגנטלאַך שעדיקן אי דעם גאַנצן אינהאַלט, אי די פיגור ווי אַ פונקציע פון אַ דערציילט לעבן. עס איז פונקט ווי די טבע אָפּצורייסן יעדעם שיינע בלימל און אריינשטעקן עס אין דער קלאַפּע. אַזוי ווי אַ בלימל קען געפינען אַ תקון נאָר אין דער קלאַפּע פון אַ מענטשלאַכן ראָק. *)

די מעשה ווייזט מיט אַ באַזונדער קלאָרקייט אַ לעבנס־זיגזאַג וואָס גרייכט ווייטער, דרינגט טיפער און נעמט אַרום מער ווי וועלכער ניט איז עפּיזאָד קען עס דערווייזן. זי פאַרנעמט אַ גרויסן צייט־אָפּשניט, איז אָן אַ שיעור קאָמפּליצירט, טראָגט אין זיך אַ קריטישע לעבנס־וויכטיקייט און פאַרקערפּערט די געשפּאַנטקייט פון אַ כסדר שטייגנדיקן, ענערגיע־פולן לעבנס־זיגזאַג. „די ערשטע פּאָדערונג אין אַ דערציילונג — גיט דזשענאַנג אַן עצה די שרייבער — איז אַז מען זאָל שטענדיק האַלטן פאַר די אויגן דעם סוף, און יעדע טייל זאָל לויט איר פאָרם און פּראָפּאָרציע, האָבן אַ מער אָדער ווייניקער שייכות צו אים. אַ וועלכער ניט איז לעצטער רעזולטאַט הענגט אין דער לופט, און איבט אויס זיין צויבער אויף יעדן ווייטערדיקן שריט... עס איז געשפּאַנטקייט, דערוואַרטונג, אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, און אויסגעדריקט

*) ג. סטענלי האָל דערציילט אַז באַם עקזאַמינירן אַ קאַנדידאַט פאַר דער דאָקטאָר דיפּלאָמע, האָט ער, דער קאַנדידאַט, געענטפערט אויף אַ סך פראַגן וועגן פאָרמען באַ לוקרעציוס'ן, אָבער ווען מען האָט אים געפרעגט צו לוקרעציוס איז געוועז אַ דראַמען־שרייבער, היסטאָריקער, דיכטער, אָדער פילאָזאָף האָט ער ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, און זיין פּראָפעסאָר האָט געהאַלטען די פראַגע פאַר אַן אומגערעכטע. האָל האָט אַמאָל באַזוכט אַ קלאַס פון ניינצן תלמידים אין אַ מיטלשול. זיי האָבן געלערנט שעקספּיר'ס אָטעלאָ. קיין איינער האָט ניט געוואוסט מיט וואָס די מעשה האָט זיך געענדיגט, ווייל זייער אויפמערקזאַמקייט איז כסדר געצויגן געוואָרן צו די ווערטער. האָל באַמערקט אַז „אַ סך קאַטעדרעס פון ענגליש ווערן אָנגעפילט פון מענטשן וואָס זייער באַקאַנטשאַפט מיט ליטעראַטור איז זייער באַגרענעצט, וואָס ווילן זיין לינגוויסטיש און ניט ליטעראַריש, און דאָס איז אמת אפילו בנוגע אלטע שפּראַכן".
Adolescence, Vol. II., p. 460.

אין געשעעניש.״ *) בכלל, אַלץ וואָס ווערט געזאָגט פון רעטאָ־ריקער וועגן דער נייטיקייט פון שטענדיקער באַוועגונג, קלימאַקס און אַנטיקלימאַקס קומט זייער נאָענט צו דעם וואָס מיר האָבן דאָ כאַראַקטעריזירט ווי לעבנס־זיגזאַג אין ליכט פון אַ פסי־כאָלאָגישער אַנאַליז פון די פונקציאָנעלע שייכות'ן צווישן מענטש און וועלט.

## ה. די ראָלע פון דער באַשרייבונג

דאָס אָפּשטעלן זיך כסדר אויפ'ן עפּיזאָד, און אויפ'ן זיג־זאַג סקעלעט וואָס דאָס הייסט, סוף כל סוף, אויפ'ן ספּור המעשה, וואָלט געקענט אויסקוקן ווי אַ סתירה צום פּשוט'ן פאַקט וואָס באַשרייבונגען שפּילן אַ גוואַלטיקע ראָלע אין יעדער מעשה. אמת, אין דער געשריבענער מעשה פאַרנעמט זי אַ גרעסערן פּלאַץ ווי אין דער מינדלאַך דערציילטער. אָבער אומעטום שפּילט די באַשרייבונג פּאַרט אַ גרויסע ראָלע. אַזאַ טענה קען אָבער בלויז געבויט זיין אויפ'ן גלויבן אַז באַשרייבונגען, למשל נאָטור באַ־שרייבונגען, אין אַ מעשה האָבן אַ ריין אָביעקטיוו מאַלערישן ווערט. אָט זעט דער שרייבער אַ וואַלד, אַ באַרג, אַ טייך, אַ הויז, וויל ער זיי באַשרייבן. אָבער דאָס איז זייער ווייט פון'ם אמת. אַ שרייבער שילדערט ניט אַזוי זיך, אין „קאַלטן בלוט״, צוליב דער שיינקייט פון'ם בילד, נאָר ווייל ער זעט איין, קלאָר אָדער אומבאַשטימט, אַז די שילדערונג וועט בולט'ער אַרויס־ברענגען דאָס מענטשלאַכע אַקטיווע לעבן מיט וועלכן ער וויל אונז באַקענען. אין פּרימיטיוון שונד זעט זיך דאָס זייער שאַרף אַרויס. דאָרט, ווען עס נעמט אויסברעכן אַ שטורם, מיט בליצן און דונערן און שלאַקס רעגנס, קענט איר זיכער זיין אַז באַלד וועט פּאַסירן עפּעס אַן אומגליק מיט עמיצן פון די העלדן, און דער צושטאַנד פון וועטער וועט נאָך שאַרפער אַרויסברענגען דאָס בילד פון'ם אומגליק. טאָמער, פאַרקערט, באַשרייבט דער שונד־שרייבער אַ שיינע לבנה־נאַכט, קענט איר שוין זיין זיכער אַז באַלד וועט זיך באַווייזן דאָס פאַרליבטע פּאָרל און זיי וועלן

*) The Working Principles of Rhetoric. J. F. Jenung, p. 514.

זיך שווערן אייביקע ליבע, און נעמען פאַר עדות די לבנה און די שטערן. אפילו אין אמת קינסטלערישער ליטעראַטור איז אָט די טבע פון באַשרייבונגען אָפּט מאָל זייער קלאָר און בולט. עס זענען שוין היינט אַרויס פון דער מאָדע די ביימער וואָס „דאַווענען מנחה", אָבער דאָס איז דערפאַר ווייל עס איז שוין אויך אַרויס פון דער מאָדע די אידילישע פרומקייט און די פרומע אידילישקייט פונ'ם שטעטל, פאַר וועלכן די דאָזיקע ביימער זענען געווען אַזאַ פּאַסיקע ראַם. אָבער כאָטש די קינסטלערישע ליטעראַטור האָט ליב דעם אומדירעקטן וועג, די זייטיקע סוגעס־טיע און דעם שטילן וואונק, פון דעסטוועגן איז אפילו דאָ ניט שווער צו כאַפּן דעם אינסטרומענטאַלן כאַראַקטער און דעם מענטשלאַכן מיין פון דער באַשרייבונג.

דער דאָזיקער געדאַנק געפינט זייער אַ פיינעם ביישפּיל אינ'ם אופן ווי אַזוי ראַבאָי הייבט אָן זיין ווערק „דער פּאַס פון ים".

„פון ביידע זייטן טשיפּל הילער וועג לויפן צעוואָרפענע, פאַרפלאָנטערטע און קרומע, אויסגעבויגענע וועלדלאַך.

„שמאָל און קרום און אויסגעבויגן איז דער וועג.

„גייט מען מיט דעם וועג, דאַכט זיך, אַז אָן דאָרט, ווייט, האַקט ער זיך אָפּ און עס הייבן זיך אָן וועלדער."

וואָסער שייכות האָט דאָס אַלץ צו דער מעשׂה? עס איז קלאָר אַז דער לייענער, אפילו דער געניטסטער לייענער קען ניט תמיד אויסגעפינען די ספּעציעלע אַסאָציאַציעס פונ'ם שרייבער, כאָטש ער מעג זיכער זיין אַז אַזעלכע אַסאָציאַציעס זענען געווען. אפילו דער שרייבער אַליין קען אַמאָל האָבן בלויז אַ טונקעלע אַנונג פון זיינע אַסאָציאַציעס וועלכע ער האט געהאַט בעת ער האָט געשריבן. צו זאָגן דאָ אַז מסתמא האָט ראַבאָי אַזוי געזען דעריבער האָט ער אַזוי געשילדערט, איז לחלוטין קיין תירוץ ניט, אויב מיר האַלטן זיך באַם פריער אויסגעדריקטן שטאַנדפּונקט אַז דער זיגזאַג פון דערציילן איז ניט דער זעלביקער ווי דער זיגזאַג פון געשעען. אָבער גראָד אין דעם פאַל העלפט אונז ראַבאָי אַליין אַרויס. אָט וואָס ער שרייבט ווייטער:

„און בלייבט מען אַזוי שטיין אין מיטן וועג, מען פאַר־מראַכט זיך!

„דער מענטש, וואָס האָט דעם דאָזיקן וועג געשניטן, האָט ניט געהאַט דאָס גלייכקייט אין זיינע פיס; געשניטן אַ שטיקל וועג, זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט צוריק, און נאָך דעם, ניט ווילנדיק, ווייטער אָנגעהויבן צו האַקן דעם וועג."

אויף אַזאַ'ן אופן געפינען מיר גאָר אין אַן אומשולדיקער, אין פלוג אומוויכטיקער, באַשרייבונג, אַן אויסדרוק פון אַ לעבנסגאַנג, אַ בליק אויפ'ן גאַנצן מעשה־זיגזאַג פונ'ם ראָמאַן. די באַשרייבונג — וועלכע איז אין דער געשעעניש אין גאַנצן ניטאָ — איז דער בעסטער באַווייז אַז דער מעשה־זיגזאַג איז ניט קיין קאָפּיע פון פאַרגאַנגענע געשעענישן, נאָר איז אַן איצטיקער דינאַמישער פּראָצעס, אַ לעבנס־זיגזאַג פּונקט ווי אַלע אַנדערע זיגזאַגן אין מענטשלאַכער טעטיקייט, כאָטש ער ציט זיין יניקה פון אָט די פאַרגאַנגענע געשעענישן. דאָס וואָס דאָס איינגשאַפט וואָרט איז פאַר'ן הויפּטוואָרט, דאָס איז די באַשרייבונג פאַר'ן עפּיזאָד אָדער פאַר דער מעשה. די פאַרשידענע טיילן פון אַ זיגזאַג באַוועגן זיך אין אַ כסדר'דיקער צייט־אָרדענונג וואָס באַשטימט זייער נאָענטקייט אָדער ווייטקייט פונ'ם לעצטן אַקט, פונ'ם פינאַל. אָט די כסדר'דיקע צייט פּאָזיציעס פון האַנדלונגען אין דער געשעעניש, ווערן אָפּגעשאַצט פון שטאַנדפּונקט פון זייער ווערט פאַר דעם גוטן אָדער שלעכטן סוף פון דער גאַנצער סעריע האַנדלונגען. אָבער דער ווערט, פון שטאַנדפּונקט פון ווייטן ציל, ווערט פאַרטונקלט אין דער געשעעניש, ווייל די ניי־געבוירענע צילן און צוועקן פאַרנעמען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. אין דער מעשה אָבער ווערן די ווייטע צילן קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזן פון אויג. און יעדער פּונקט, יעדע פּאַסירונג, איז ניט בלויז אַ פּונקט אין צייט און ניט בלויז אַ פּונקט פון אַ נאָענטן ווערט, נאָר דער עיקר אַ ווערט־פּונקט אין שייכות צום ווייטן ציל. און די אָפּשאַצונג פון יעדן פּונקט איז לויטן שטח וואָס צווישן אים און דעם פינאַל. די באַשרייבונג איז איינס פון די וויכטיקסטע מיטלען אויף אונטערצושטרייכן דעם ווערט פון די טיילן פונ'ם שטאַנדפּונקט פונ'ם גאַנצן. זי ווייזט אָן אויף קוואַליטעט דאָרט, וואו פריער האָט זיך אָפּט אַרויסגעזען בלויז פונקציע.

די באַשרייבונג דריקט אויך אויס דאָס קאָנסענקווענציעלע פון אַן אַקט אין שייכות צום מענטשן, ווי מיר קענען דאָס זען פון די פריער געבראַכטע ביישפילן. די גאַנצע וועלט, מיט אַלע אירע אָרגאַנישע און אומאָרגאַנישע איינצלהייטן, ווערן מיטשפּילער אין דער דראַמע און זאָגן אָפּט אָן, אויף אַן אומדירעקטן אופן, בשורות פון שפּעטערדיקע רעזולטאַטן. אויף אַזאַ'ן אופן ווערט, דורך דער באַשרייבונג, די אויפמערקזאַמקייט צוגעשמידט צו דער זיגזאַג פאָרם, וואָס איז אַזוי וויכטיק אינ'ם מעשה־געבוי.

אַ געשעעניש איז אין אַ גאַנץ טיפן און עכטן זינען אַן עקספּערימענטאַלער פּאַרזוך. יעדער טראָט איז אַ פּראָבע. מיר גייען אין אַ געוויסער ריכטונג, און גייענדיק זוכן מיר פעסטצושטעלן צי די דערגרייכטע רעזולטאַטן זענען גינסטיקע אָדער אומגינסטיקע. און דער כאַראַקטער פון די רעזולטאַטן באַשטימט די ענדערונגען וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן סיי אין די ספּעציפישע איינצלהייטן פונ'ם גאַנג, סיי אין דער אַלגעמיינער ריכטונג. פאַרשטייט זיך אַז יעדער טראָט אין לעבן ציט זיך אויף דער ליניע פון איינגעוואָרצלטע געוואוינהייטן. אָבער די געוואוינהייטן גופא זענען אייגנטלאַך רעזולטאַטן פון איינגעגעבענע עקספּערימענטן. מיר פרעגן וועגן זיי קיין קשיות ניט, ווייל מיר האַלטן די דאָזיקע קשיות פאַר לאַנג פאַרענטפערטע.

אויף אַזאַ'ן אופן האָבן מיר די גרויסע נוצן פון געוואוינהייטן, ווייל זיי מאַכן מעגלאַך אַז מיר זאָלן בכלל קענען אָנגיין מיט די אונטערנעמונגען פון לעבן. פון דער אַנדערער זייט האָבן מיר פון זיי גרויסע צרות, ווייל די לאַנג פאַרענטפערטע קשיות זענען דאָך אין דער אמת'ן ווייט ניט קיין פאַרענטפערטע. יעדע נייע לאַגע פאָדערט אַ נייע רעאָרגאַניזאַציע פון שייכות־סיסטעמען וואָס די אַלטע געוואוינהייטן האָבן ניט געקענט פאָרויסזען, און פאַר וועלכער זיי זענען ניט גרייט. אין אַזעלכע מאָמענטן זוכן מיר צוצושרייבן די דורכפאַלן ניט צו אונזערע אייגענע געוואוינהייטן אין האַנדלען אָדער דענקען, נאָר צו עפּעס אַ זייטיקן מאָמענט אין דער דרויסנדיקער לאַגע. דאָס פירט דערצו אַז מיר זאָלן אַריינברענגען אַ שפּאַלטונג אין דער וועלט פון געשעענישן: פון איין זייט אַן אָפּגעזונדערטער „איך" און פון

דער צווייטער אַן אָפּגעזונדערטע דרויסנדיקע לאַגע. די ענדערונגען וואָס מיר זוכן דעמאָלט צו פאַרווירקלאַכן האָבן אַ שייכות צו דער דרויסנדיקער לאַגע, בעת דעם „איך" ווילן מיר אויפהאַלטן אומפאַרענדערט. ווער איז דען ניט באַקאַנט מיט די פּערזענלאַכע און געזעלשאַפטליכע צרות צו וואָס דאָס פירט? ווער ווייס עס ניט אַז בײַ קאָנפליקטן זוכן מיר תמיד אַ דרויסנדיקע שולד און פאַרגעסן אָן דער ראָלע פון אונזערע אייגענע געוואוינהייטן אין די דאָזיקע קאָנפליקטן?

אין אַזעלכע פאַרצווייפלטע מאָמענטן ברענגען אונז די איבערלעבונגען פון מעשות, טרייסט און האָפענונג. אין דער מעשה איז כמעט אַלץ עקספּערימענט. דאָ זעען מיר ניט בלויז דעם פּראָדוקט נאָר אויך דעם מעכאַניזם וואָס שאַפט אים. דאָ ווערן די „„פאַרענטפערטע קשיות" נאָכאַמאָל אויפגעהויבן, פעלערן, עולות, פאַרברעכנס, חסרונות, דערגרייכונגען, טובות, מעלות — אַלץ, אַלץ ווערט בעסער אָפּגעשאַצט, און ניט בלויז פאַרדאַמט אָדער געלויבט. צו זען די עקספּערימענטאַלע זייט פון די לעבנס־פּראָצעסן איז פון גרויסער וויכטיקייט פאַר אָט די פּראָצעסן גופא. דאָס אַלץ ווערט פון אונז פאַרשטעלט אין דער געשעעניש צוליב די געוואוינהייט־רעלסן אויף וועלכע זי איז געצוואונגען זיך צו באַוועגן און ממילא אויך צוליב דעם וואָס פאַרקומענדיקע ענדערונגען ווערן צוגעשריבן צום „דרויסן" ניט צו זיך. די מעשה אַנטפּלעקט פאַר אונז די דאָזיקע פאַר־הוילענע וויכטיקייט, ברענגט אונזער האַרץ און אונזערע בליקן נענטער צו אונזער אייגן לעבן.

אַז מעשות קענען בלויז האָבן צו טאָן מיט מענטשן און מענטשלאַכע ענינים, איז אפשר טעאָרעטיש נאָך ניט קלאָר פון דעם וואָס דאָ איז שוין נעזאָגט געוואָרן וועגן דער טבע פון דער מעשה. דער פאַקט אָבער לאָזט ניט איבער קיין פּלאַץ פאַר חלוקי דעות. אין יעדער מעשה מוז דער מענטש שפּילן די הויפּט ראָלע, אַ מעשה וואָס באַהאַנדלט בלויז זאַכן, אָדער חיות, אָדער בכלל דאָס וואָס זעט ניט אויס צו זיין דירעקט מענטש־לאַך, איז בלויז „קאַמופלאַזש". אַזעלכע מעשות זענען אַזוי דורך און דורך אַנטראָפּאָמאָרפיש, אַזוי מענטשן־אַרטיק, אַז די אַלע

העלדן אין געשטאַלט פון זאַכן און חיות זענען סוף כּל סוף פאַר־שטעלטע מענטשן. און דאָס מוז אַזוי זיין, ווי עס וועט נאָך קלאָרער ווערן בעת מיר וועלן זיך פאַרטיפן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דערציילן.

## קאפיטל III

# די פּסיכאָלאָגיע פון דערציילן

## א. דער זיגזאַג פון דערציילן

דער געדאַנק אַז דער זיגזאַג פון דערציילן איז ניט דער זעלביקער ווי דער זיגזאַג פון געשעען נייטיקט זיך, דוכט מיר, אין אַביסל מער קלאָרקייט. לאָמיר נעמען אַזאַ געשעעניש ווי אַ מענטש איז בשלום ארויס פון אַן אויטאָמאָביל אומגליק. דאָ האָבן מיר אייגנטלאך אַ גאַנץ קלאָרן כאָטש ניט כאַראַקטעריס־טישן זיגזאַג פון געשעען. קודם כל האָבן מיר די אַלגעמיינע לאַגע — דאָס אומגליק, און ממילא דער פאַרזוך זיך צו ראַטעווען. דערנאָך קומען פאַרשידענע האַנדלונגען וואָס פירן אַלץ העכער צום קלימאַקס, צום פּונקט פון זיין אַ געראַטעוועטער. אָט די האַנד־לונגען, ווי אויפכאַפּן זיך פון פּלאַץ, שפּרינגען, לויפן א. א. וו. שטעלן מיט זיך פאָר די ליניע וואָס פירט ארויף צום שפּיץ פון'ם זיגזאַג. דערנאָך קומען די ענדלאַכע האַנדלונגען וואָס אויף דער פּסיכישער זייט דריקן זיי זיך אויס אין די פריידיקע גע־פילן וואָס מענטשן לעבן איבער בעת זיי ראַטעווען זיך פון אַן אומגליק.

אמת, אין דער ווירקלאַכקייט זענען די ליניעס פון'ם זיגזאַג ניט געווען אַזוי קלאָר און בולט, זיי זענען מטושטש געוואָרן פון די אַלע כסדר'דיקע איינדרוקן וואָס רייסן זיך פון אַלע זייטן און זענען דירעקט און אומדירעקט פאַרבונדן מיט יעדער גע־שעעניש. דער דאָזיקער ענין איז דאָך שוין פריער דערמאָנט געוואָרן. אָבער דאָ האָבן מיר איבערגעגעבן דעם כאַראַקטער פון דער געשעעניש אויף וויפיל דאָס איז נאָר מעגלאַך.

די לעצטע באַוועגונגען, די ליניע וואָס ציט זיך אַראָפּצוצו, שטעלן מיט זיך פאָר דעם סוף פון דער געשעעניש, און איצט

וואָלטן מיר זיך געדאַרפט ריכטן אַז בײַ אָט דעם מענטשן זאָל זיך אָנהייבן אַ נײַער זיגזאַג פון געשעען. אמת, דער נײַער וואָלט געדאַרפט זײַן גאַנץ נאָענט פאַרבונדן מיט'ן פריערדיקן ווי בכלל אַלע לעבנס-זיגזאַגן זענען פאַרבונדן און שטעלן מיט זיך פאָר אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט. אָבער אין פאַרגלײַך מיט'ן פריערדיקן וואָלט ער געדאַרפט זײַן אין גאַנצן אַ נײַער טראָט אין דער דערפאַרונג. דערויף וואָלטן מיר זיך אפשר געדאַרפט ריכטן, אָבער אין דער אמת'ן קומט פאָר גאָר אַן אַנדער מעשה.

וואָס קומט געוויינטלאַך פאָר בײַ אַ מענטשן נאָך אַזאַ געשעעניש? ער קען קוים אײַנרוען ביז ער קומט שוין אַ היים און „פּלאַצט אַרויס" מיט דער גאַנצער מעשה, אָדער ער באַגעגנט אַ פרײַנט — מעג עס זײַן בלויז אַ באַקאַנטער און האַלב פרעמדער — און דערציילט אים וואָס מיט אים האָט זיך געטראָפן, אָדער, אין ערגסטן פאַל, גייט ער איבער אין זײַן אייגענעם געדאַנק, ד. ה. ער דערציילט זיך אַליין, מיט געוויסע באַוואוסטזיניקע אָדער אומבאַוואוסטזיניקע ענדערונגען, אַלץ וואָס ס'איז מיט אים פאָרגעקומען. אַז דער פּראָצעס פון דערציילן, איינשליסנדיק דאָס באַפאַרבן און איבערשטעלן, רייסט זיך אַרויס און ווערט טעטיק נאָך דעם פּראָצעס פון געשעען, דאָס איז דאָך אַ געוויינטלאַכע פאַסירונג וועגן וועלכער עס קען קיין ספק ניט זײַן. עס קען אויך קיין ספק ניט זײַן אין דעם אַז דאָס דערציילן איז ניט קיין שטילער באַשלוס אָן וועלכן מען קען זיך גאַנץ פײַן באַגיין, נאָר אַז עס רייסט זיך אַרויס מיט דער גאַנצער איפּולסיווער פרישקייט און געצוואונגנקייט פון אַ טיפן לעבנס-שטראָם. מען קען נאָר זאָגן אַז די דאָזיקע טענדענץ — וואָס מיר וועלן אָנרופן „פּילאָמיטישע" טענדענץ (פּילאָ — ליבע, מיטאָס — מעשה), — ווײַזט זיך אַרויס בולט נאָר אין פאַל פון שאַרפערע זיגזאַגן וואו אַלע אָנגעגעבענע סמנים פון אַ געשעעניש זענען שטאַרק אָנזעעוודיק. נאָר דאָס, וואָלט מען לײַכט בײַ זיך געקענט פּועל'ן, איז בלויז אונזער אַ פאַרזען. דאָרט וואו די פּילאָמיטישע טענדענץ ווײַזט זיך ניט קלאָר אַרויס איז נאָך ניט קיין ראיה אַז זי איז אין גאַנצן ניטאָ. זי איז דעמאָלט בלויז שטאַרק רעדוצירט צו אַן עלעמענטאַרער אויס-

דרוק־פאָרם, און איז נאָך ניט פילאָמיטיש אין אמת'ן זין פון וואָרט. די פילאָמיטישע טענדענץ אין איר פולער פאָרם איז אייגנטלאך די, וואָס פירט צו א גאנץ באשטימטן ענדלאכן פראָדוקט, צום עפּיזאָד, אָדער צו דער מעשה, וואָס זייערע כאראקטער שטריכן זענען שוין אָנגעוויזן געוואָרן אין פריערדיקן קאפּיטל.

די פילאָמיטישע טענדענץ, אָדער פילאָמיטיע, איז, פּונקט ווי די מענטשלאַכע מאָראַל, ניט קיין פּאַרטיקער בנין מיט וועלכן מיר ווערן געבוירן, נאָר עפּעס וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך מיט דער צייט. דאָס איז א וואסערפאַל אין וועלכן עס באַטייליקן זיך כל'ערליי פּסיכישע שטראָמען וואָס ווערן אַלע געטריבן און געשטויסן צו איין פּונקט. אָבער דער קראַך פון'ם פאַל ווערט גאָר ניט געמינערט צוליב דעם וואָס די אָנשטראָמענדיקע כוואַליעס קומען פון פאַרשידענע ריכטונגען און זענען אונטערגעוואָרפן די געזעצן פון וואוקס און אַנטוויקלונג. דער פאַרגלייך צווישן פילאָמיטיע און מאָראַל ליגט ניט בלויז אין דעם נעגאטיוון פאַרגלייך וואָסביידע שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין איינגעבוירענע פאַרטיקע בנינים, נאָר אין דעם וואָס ביידע רופן ארויס מיט דער צייט א כאַראַקטעריסטישן אינערלאכן „מוז" און באשאפן א פעלד פאַר נייע פאַרגעניגנס און נייע עגמת נפש'ן.

## ב. דאָס פילאָמיטישע און דאָס פעססטשטעלערישע

דער פרימיטיווער שפּראַכלאַכער אויסדרוק צעטיילט זיך, אין אַלגעמיין, אויף צוויי שטראָמען, פון איין זייט האָבן מיר דאָס דערקלערן אָדער פעסטשטעלן, און פון דער צווייטער זייט, דאָס דערציילן אָדער פילאָמיטיע. אויף דער העכסטער מדרגה וואַקסט אויס דער ערשטער שטראָם אין וויסנשאַפט, דער צווייטער אין ליטעראַטור. דער אונטערשיד צווישן זיי באשטייט דערהויפּט אין דעם וואָס בעת דער צווייטער איז א זיגזאַג געבויט אויף א זיגזאַג, איז דער ערשטער א זיגזאַג געבויט אויף א גלייכער ליניע. לאָמיר דעם דאַזיקן געדאַנק קלאָרער ארויסברענגען.

דער עקספּערימענט מיט'ן העלן און טונקעלן קעסטל, וואָס איז דערמאָנט געוואָרן אין ערשטן קאפּיטל, קען אונז דאָ זייער

פיל אַרויסהעלפן. דאָרט ווערט גערעדט וועגן דעם פּראָצעס וואָס פּסיכאָלאָגן רופן אָן פּערצעפּציע, ד. ה. וועגן דעם אופן אויף וועלכן מיר נעמען אויף די זאַכן פון דער אַרומיקער וועלט. עס איז אויסגעדריקט געוואָרן דער געדאַנק אַז מיר נעמען אויף אַ סי־טואַציע ווי אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט, ניט יעדע פון אירע טיילן באַזונדער. ווען איך האָב פאַר זיך צוויי קעסטלאַך פון באַזונ־דערע קאָלירן, נעם איך ניט אויף יעדע קאָליר באַזונדער, נאָר די שייכות צווישן זיי. מיט'ן לשון פון די אַזוי־גערופענע גע־שטאַלט־פּסיכאָלאָגן וועט עס הייסן, אַז עס איז ניטאָ קיין „און־פאַרבינדונג", עס איז ניטאָ הייסט עס, קיין „עפּעס" מיט נאָך אַן „עפּעס" און אַן „און" וואָס דריקט אויס שפּראַכלאַך אַז זיי געפינען זיך איינס לעבן ס'אַנדערע אין צייט אָדער רוים, נאָר אַז ביידע שטעלן מיט זיך פאָר איין איינציקע גאַנצקייט, אַ מין קיילאַכיקע סיסטעם, און מיר נעמען אויף די אינווייניקסטע שייכות'ן וואָס עקזיסטירן דאָרט.

אויף וויפיל דאָס איז אמת, איז עס אָבער בלויז אַן אמת פון פּערצעפּציע, ד. ה. פון דעם אופן ווי אַזוי מיר האָבן אויפ־גענומען די סיטואַציע. אָבער אָט האָב איך געוואָלט פעסטשטעלן וואָס עס איז פאָרגעקומען, וועגן וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט אין דער פּסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע, וואָס האָב איך געטאָן? איך האָב גערעדט וועגן „צוויי" קעסטלאַך, וועגן דער שייכות צווישן „ביידע", מיט אײַן וואָרט, מיין אייגענע דערקלערונג פון די פאַקטן האָט אין אַ געוויסן זינען פּשוט קאַליע געמאַכט דאָס וואָס איך האָב געוואָלט דערווייזן. איך וויל אַלץ כסדר אונטערשטרייכן גאַנצע סיטואַציעס און באַנוץ אַזעלכע רייד וואָס פירן ווידער דעם געדאַנק צו די טיילן אין זייער באַזונדערקייט. פאַרוואָס? די וואָס זאָגן אַז דערין איז שולדיק די טבע פון דער שפּראַך גיבן בלויז די צווייטע העלפט פונ'ם ענטפער. די טבע פון דער שפּראַך גופא ווערט באַשטימט פון די אינערלאַכע מעג־לאַכקייטן פון אונזער פּסיכישן צונויפשטעל.

ווען מיר האָבן בדעה פעסטצושטעלן אַ פאַקט, הייסט עס אַז מיר זוכן אָנצואווייזן אויף עפּעס וואָס סטימולירט אונזער דענקען, אָדער פילן, אָדער ביידע צוזאַמען. דער דאָזיקער סטימול

מוז דאָך דעמאָלט על פּי נויט אָפּגעריסן ווערן פון זיינע שייכות'ן
סיי צו אונז סיי צו אַנדערע זאַכן כדי מיר זאָלן קענען אויף אים
אָנווייזן ווי אויף אַ סטימולירנדיקן צענטער. ווען מיר טייטלען
אויף עפּעס מיט די פינגער מוזן מיר ערשטנס אַוועקנעמען די
האַנט פון זיך און זי ווענדן אין דער דרויסנדיקער וועלט און,
צווייטנס, מוזן מיר טייטלען אין אַ באַשטימטן פּונקט, ד. ה.
אָפּטיילן די זאַך פון איר שייכות מיט די אַרומיקע זאַכן, מיט
דער גאַנצער אַרומיקער וועלט. כדי מיר זאָלן בכלל קענען עפּעס
פעסטשטעלן אין דער וועלט מוזן מיר דעריבער צום ערשט אָפּ־
רייסן אָט די וועלט פון אונזער אייגענעם פּסיכישן לעבן און
דערנאָך מוזן מיר זי צעהאַקן אויף אָפּגעזונדערטע שטיקלאַך
איינזאַמע עקזיסטענצן. עס איז בלי ספק אמת, ווי טיטשענער
באַמערקט, אַז מיר קענען ניט אָנקוקן אַפילו אַזאַ קליינִיקייט ווי
אַ שטיקל שפּאַליר, און דערביי זאָלן ניט פאָרקומען קיין ענדע־
רונגען אין אונזערע עלעמענטאַרע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן.
אָבער מיר קענען ניט אַנדערש רעדן וועגן שפּאַליר, מיר קענען
ניט אָנווייזן אויף אים, מיר קענען אים ניט מאַכן פאַר אַ צענטער
פון אויפמערקזאַמקייט צוליב די פאַרשידענע אינטערעסן אין
לעבן, סיידן, מיר איגנאָרירן די דערמאָנטע שייכות'ן זיינע און
מאַכן אים פאַר אַן איינזאַם שטיקל עקזיסטענץ. אָט דאָס באַ־
וואוסטזיין פון איינזאַמע עקזיסטענצן, וואָס העלפן אונז מיר
זאָלן זיך בכלל קענען אַן עצה געבן מיט דער וועלט, שאַפט די
גרעסטע שוועריקייטן אין אַן אַנדער זייט. מיר דוכט אַז דער
באַגריף „שייכות" איז דאָס קאָמפּליצירטסטע און פרעמדסטע
פאַר'ן פּשוט'ן מענטשן. און וואָס מער די וויסנשאַפט ווערט גע־
צוואונגען צו באַנוצן דעם דאָזיקן באַגריף אַלץ גרעסערע שוועריִ־
קייטן שאַפט זי אין די באַמיאונגען צו מאַכן וויסנשאַפטלאַבע רע־
זולטאַטן צוגענגלאַך און פּאָפּולער.

וואָרים די וועלט, ווי זי זעט אויס בעת מען טייטלט אויף
איר מיט'ן פינגער, איז פאַר'ן „שכל הישר" די איינציקע רע־
אַלע וועלט — און עס דאַרף אונז איצט שוין קלאָר זיין פאַרוואָס
דאָס איז אַזוי—וואָס „אַ מענטש אָן שום חכמות" קען דערלאָזן.
אין פּאַקטישן לעבן האָבן מיר „באַציאונגען" צו געוויסע זאַכן, וואָס

דאָס הייסט, פון שטאַנדפּונקט פון אַ דינאַמישער פּסיכאָלאָגיע, אַז מיר מאַכן די שוין פריער דערמאָנטע אָנהייב־באַוועגונגען און רייסן זיך אויף געוויסע אופנים אין שייכות צו געוויסע סטימולן. אָט די אָנהייב־באַוועגונגען, אָדער באַציאונגען, בייטן זיך מיט׳ן גאַנג פון דער וועלט פּאַנאָראַמע פאַרביי אונז אַזוי אַז דער לעבנס־ריטם האָט אַלע וויילע אַ נייע דרויסנדיקע ווענדונג. די דרויסנ־דיקע ווענד־פּונקטן זענען דאָך אייגנטלאַך דאָס וויכטיקסטע אין אונזער פּראַקטישן לעבן. דער פּראַקטישער שכל נעמט דעריבער אויף די פּונקטן און קען זיך גאַנץ פיין פאַרגינען דורכצולאָזן די פעדים וואָס פאַרבינדן זיי צווישן זיך און מיט אונז. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס אים איז אַזוי פרעמד דער שייכות באַגריף, און ווען איר רעגט אים שוין אַמאָל אָן צו אַזאַ סאָרט דענקען, פילט ער ווי זיך צו פאַרטיידיקן אַנטקעגן דער אַטאַקע פון בטלנישע פילאָזאָפן, וואָס ווילן פון אים אָוועקרויבן די איינציקע רעאַלע וועלט וואָס דער שכל הישר קען דערלאָזן. דער אמת וועגן דעם ווי דער שכל הישר׳דיקער מענטש אַליין נעמט אויף די וועלט, דאָס איז, פאַרשטייט זיך אין גאַנצן ווייט פון זיין באַוואוסטזיין.

דער פּראָצעס פון דערקלערן אָדער פעסטשטעלן, איז אַ מאָ־מענט ווען מיר האָבן פאַר זיך די דרויסנדיקע ווענד־פּונקטן, אַ מין גלייכע ליניע פון אָביעקטיווע פאַקטן, און מיר רופן זיי „אָביעקטיווע פאַקטן" דערפאַר ווייל מיר קוקן אויף זיי דעמאָלט ווי זאַכן וואָס זענען אומאָפּהענגיק אָן די שטייגנדיקע און פאַלנ־דיקע זיגזאַגן פון לעבעדיקער טעטיקייט. דער פּראָצעס פון פעסט־שטעלן איז, פאַרשטייט זיך, אויך אַ זיגזאַג. וואָרים וויסנשאַפט־לאַכע טעטיקייט וואָרצלט טיף אין אונזער גאַנצער עמאָציאָנעלער אָרגאַניזאַציע. אויך דאָ איז פאַראַן אַ דאָרשט, אַ פאַרלאַנג צו דערקלערן, אַ שטייגנדיקע ליניע פון פאַקטן, אָדער השערות, וואָס דער דאָזיקער פאַרלאַנג שפּאַנט איין כדי צו דערגרייכן דעם העכסטן שפּיץ, די טעאָריע, און דערנאָך די פאַלדיקע ליניע, פּונקט ווי בא יעדן זיגזאַג. אָבער אָט דער זיגזאַג האַלט זיך כסדר אויף דער ליניע פון אַ דרויסנדיקער וועלט, און מאַכט די גרעסטע אָנ־שטרענגונג צו באַנוצן אַ ספּעציעל צוגעפּאַסטע שפּראַך, אַ שפּראַך

וואָס זוכט צו האַלטן אירע עלעמענטן אויף דער מדרגה פון פאָ־זיציע (רוים אָדער צייט) אָדער פונקציע, אָבער ניט פון ווערט (גוט, שלעכט, מיאוס, שיין, א. א. וו.). די אידעאַלסטע דערגריי־כונג וואָס די וויסנשאַפט קען מאַכן אין דעם פּרט איז ווען זי קען זיך אויסדריקן אין מאַטעמאַטישע פאָרמולעס. דעמאָלט פאַלט שוין אוועק יעדע מורא אַריינצופאַלן אין דער מלוכה פון ווערטן. אָבער דאָס איז דאָך ניט אומעטום מעגלאָך.

דאָס איז דער וועג פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. אַנדערש וואָלט זי זיך לחלוטין ניט געקענט אַנטוויקלען. אָבער דאָס איז נעשאַפן געוואָרן ערשט נאָך אַ לאַנגער אַנטוויקלונג און ריזיקע אָנשטרענגונגען. וואָרים די פילאָמיטישע טענדענץ איז אַ סך פרימיטיווער און פליסט פון טיפערע קוואַלן. דער פרימיטיווער מענטש האָט דעריבער אויך זיין פאַרלאַנג צו דערקלערן און פעסטשטעלן אויסגעדריקט אין פילאָמיטישע פאָרמען, דורך דער־ציילן אַ מעשה. אויב ער האָט ניט געהאַט קיין ווירקלאַכן זיג־זאַג פון נעשען אויף וואָס צו בויען האָט ער אַריינגעטייטשט אַ זיגזאַג פון געשען אין אַלץ וואָס אַרום, און געמאַכט די דרויסנ־דיקע וועגד־פונקטן פאַר זיגזאַג שפּיצן פון אַ ווירקלאַכקייט וואָס ער האָט אָנגעפילט מיט אַנדערע סאָרטן מענטשן, שטאַרקערע און בעסערע מענטשן — גייסטער. אויף אַזאַ׳ן אופן איז זיין דער־קלערן און פעסטשטעלן אויך געוואָרן אַ זיגזאַג פון דערציילן. דאָס ווייזט זיך אַרוים אין דער גאַנצער פאַרשידנאַרטיקער פרי־מיטיווער מיטאָלאָגיע, אַבערגלויבנס, צערעמאָניעס, א. א. וו. וואָרים די אַלע מעשות וואָס ווערן פאַרשריבן בא פרימיטיווע שבטים געהערן על פּי רוב צו פרימיטיווער וויסנשאַפט, ניט צו ליטעראַטור. אמת, צוליב די אָנגעוויזענע סבות איז שווער פאַ־נאַנדערצוטיילן אין דער פרימיטיווער געזעלשאַפט צווישן לי־טעראַטור און וויסנשאַפט, דאָך איז עס אָפטמאָל גאַנץ בולט. סיי די מעשה וועגן דער וועלט־באַשאַפונג, סיי די מעשה פון מכירת יוסף, למשל, האָבן כאַראַקטעריסטישע סמנים פון מעשות. אָבער בעת די ערשטע מעשה האָט אַ וויסנשאַפטלאַכע ווענדונג איז די צווייטע אַן עכטער פילאָמיטישער פּראָדוקט סיי אין דער פאָרם סיי אין דער כונה. אין ערשטן פאַל ווערן די דרויסנדיקע וועגד־

פונקטן, זון, לבנה, שטערן, הימל, ערד, וואסער, א. א. וו., פאַר־וואנדלט אין שפּיצן פון געשעענע זיגזאַגן, מיט א גאָט וואָס איז דער מענטשלאכער צענטער פון די געפילן און טע־טיקייטן, פון די פארלאנגען און באוועגונגען, וועלכע ליגן אויף זייערע שטייגנדיקע און פאלנדיקע ליניעס, און אין צווייטן פאל האָבן מיר א בנין פון עפּיזאָדן, א מעשה, געבויט אויף ווירקלאכע זיגזאגן פון געשען.

ווען מיר רעדן אלזאָ וועגן פּילאָמיטיע, רירן מיר אָן א ריזיקן כח אין מענטשלאכן לעבן וואָס איז טיף איינגעפלאָכטן אין אונ־זער פסיכיק, און פירט צו קאָלאָסאלע רעזולטאַטן. ווי זשע קען מען דערקלערן אָט די טענדענץ?

## ג. פּילאָמיטיע און אירע סבות.

ווען איך האָב פריער געבראַכט דעם ביישפּיל מיט'ן אויטאָ־מאָביל אומגליק האָב איך באמערקט אז דאָס איז א קלאָרער זיגזאַג פון געשען. דער גאנצער ביישפּיל איז געבראַכט געוואָרן כדי אָנ־צואווייזן אויף דער פּילאָמיטישער לײַדנשאַפט אין איר רויער פאָרם. אָבער כאָטש די פּאסירונג איז א קלאָרער זיגזאַג פון געשען, וואָלט דער פּילאָמיטישער פּראָדוקט — די מעשה וואָס דער גראַטעוווע־טער וואָלט איבערגעגעבן — באַין אופן ניט געווען קיין קלאָרער זיגזאַג פון דערציילן. אמת אויך דאָרט וואָלט דאָס דערציילטע אַרויסגעבראַכט שייכות'ן און אונטערגעשטראָכן מאָמענטן וואָס וואָלטן געווען א צוגאָב אָדער א שפּעטערדיקע אויסטייטשונג פון געשעענעם. דער גראַטעוועטער וואָלט מסתמא אָנגעהויבן זיין מעשה מיט אזא באמערקונג ווי: „עפּעס האָט זיך מיר דעמאָלט לכתחילה ניט געוואָלט פאָרן, אזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר גע־זאָגט", אָדער „ווען איך האָב אָנגעקוקט דעם שאָפער האָב איך גלייך דערפילט אז ער איז ניט קיין גענוג פאָרזיכטיקער פאָרער", אָדער ענלאכע באמערקונגען וואָס געהערן על פּי רוב צו שפּעטער־דיקע אויסטייטשונגען און אריינטייטשונגען. דערנאָך וואָלט מסתמא דער זכרון אויפגעכאַפּט און „באארבעט" געוויסע פּונקטן וואָס וואָלטן גיכער געווען עפּעקטן אין דערציילן איידער אן אָפּ־שפּיגלונג פון'ם געשעענעם. די פסיכאָלאָגיע פון עדות זאָגן וואָס

איז לעצטנס געווען די טעמע פון א סך פאָרשונגען, ווייזט ווי גרויזאַם דער זכרון באַגייט זיך מיט פאַקטן, אפילו ווען דער פאַרנעם פון די געשעענישן איז א סך קלענער, ווייניגער קאָמפּליצירט און ווייט פון צו זיין לעבנס־וויכטיק. דאָך וואָלט די מעשה פונ׳ם געראַטעוועטן פיל גיכער פּאַסיק געווען פאַר׳ן געריכט און פאַר לעגאַלע פאַרהאַנדלונגען — וואו די הויפּט עובדא איז צו געפינען א צענטער פון מענטשלאַכער שולדיקייט — איידער פאַר א פילאָמיטישער שאַפונג וואָס זוכט אַ צענטער פון מענטשלאַכן אינטערעס.

די נאָענטקייט צו אַ געשעעניש, די זשעסטן און באַוועגונגען פונ׳ם דערציילער וואָס זענען נאָך אייגנטלאַך אַ המשך פון דעם וואָס ס׳איז ערשט נאָר וואָס פאָרגעקומען; דאָס אָנרופן נעמען פון באַשטימטע גאַסן, געגנטן, זאַכן און מענטשן אָן יעדער ראָם פון אַלגעמיינע באַגריפן; דאָס אָנווייזן מיט בליק און פינגער אויף באַשטימטע פּלעצער—„אָ דאָרט”, „אין גאַנצן צוויי גאַסן פון דאַנען”, „קעגנאיבער דעם גרויסן הויז” א. א. וו. — דאָס אַלץ איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רויער אויסדרוק־פאָרם. דאָס איז אַ מאָמענט ווען וויסנשאַפטלאַכע און פילאָמיטישע שטראָמען זיינען נאָך ניט פאַנאַנדערגעטיילט, ווען דאָס פעסטשטעלערישע און דאָס דערציילערישע האָבן נאָך ניט געשאַפן קיין באַזונדערע אָריענטאַציעס — באָטש זייערע עלעמענטן קען מען אָפּט גאַנץ קלאָר ארויסזען — ווי מיר געפינען עס אַזוי פיין אילוסטרירט אין מעשות וואָס ווערן דערציילט באַ געריכטלאַכע פּראָצעסן.

כדי דער פילאָמיטישער פּראָדוקט זאָל קענען רייף ווערן און בולט׳ער ארויסווייזן זיין אינערלאַכע טבע, פאָדערט זיך אַ געוויסע דיסטאַנץ פונ׳ם זיגזאַג פון געשען. וואָרים די אַנטוויקלונג פון פילאָמיטיע זעט זיך אַרויס ניט בלויז אין דער געשיכטע פונ׳ם גאַנצן מענטשלאַכן מין, אפילו ניט בלויז אינ׳ם וואוקס פון יעדן איינצעלנעם מענטשן פון דער קינדהייט ביז דער דערוואַקסנקייט. פון דער איבערלעבונג פון יעדער געשעעניש, ווי דאָס וואָרט איז דעפינירט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל, פּליסט אַרויס אַ פילאָמיטישער שטראָם וואָס האָט זיין באַזונדערע קינדהייט און רייפצייט. און ווען ער ווערט רייף, ווייזט ער אַרויס אַ נייע שייכות

סיסטעם וואָס טראָגט אין זיך אַן אומגעהייערע וויכטיקייט פאַר'ן מענטשלאַכן לעבן.

דער געדאַנק אַז אַ מעשה דאַרף זיין „געטריי צום לעבן" פונקט ווי דער געדאַנק אַז זי דאַרף האָבן „אַ סך פאַנטאַזיע", — ביידע זענען באַהערשט פון אָפּגעזונדערטע דרויסנדיקע ווענד־פונקטן, וואָרים אויך „פאַנטאַזיע" איז אַ דרויסנדיקער ווענד־פונקט ווען מען „טייטלט אויף איר מיט'ן פינגער". אַזעלכע גע־דאַנקען זענען באַזירט אויף „פאַקטן" און ניט אויף שייכות'ן. די באַזונדערע טיילן וואָס שטעלן צונויף די פילאָמיטישע טעטיקייט זענען זיכער „ווירקלאַכקייט" און „פאַנטאַזיע" (אין אַ געוויסן זי־נען), אָבער בלויז דער סינטעז פון די צוויי, די באַזונדערע שייכות'ן וואָס ווערן אין אָט דעם סינטעז געבוירן, דאָס, און בלויז דאָס, איז דאָס אייגנאַרטיקע, ספּעציעלע, און כאַראַקטעריסטישע מיט וואָס עס צייכנט זיך אויס דאָס פילאָמיטישע באַוואוסטזיין. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט ווירקלאַכקייט און פאַנטאַזיע ווי אַ נייע גאַנצע סיטואַציע וואָס צייכנט זיך ניט אויס מיט די ספּעציעלע סמנים פון די טיילן פון וועלכע זי איז צונויפגעשטעלט נאָר מיט אַ גאַנץ נייעם „עפּעס" וואָס איז ניט ווירקלאַכקייט און ניט פאַנטאַזיע נאָר אַ מעשה.

די ריין פאַנטאַסטישע געוועבן צייכענען זיך אויס מיט זייער ראָלע אין איצטיקן מאָמענט, אָדער זיי שטעלן זיך פאָר אַזוי ווי אַ צוקונפט וואָס שפּילט זיך אָפּ אין איצטיקן מאָמענט, ווייל זייער עובדא איז ניט בלויז עפּעס צו אַנטפּלעקן, נאָר אויך עפּעס צו פאַרשטעלן. אַ באַקאַנטער, וועלכער איז געווען אַ שטיקל בעל מנגן, האָט זיך אַמאָל פאַר מיר מתודה געווען, אַז אין אַ פאַרטרוילאַכן מאָמענט, אַז ער גייט אַזוי אָפּט אויף קאָנצערטן ניט בלויז צוליב'ן פאַרגעניגן פון מוזיק, נאָר אויך צוליב דער געלעגנהייט וואָס דאָס גיט אים צו פאַנטאַזירן. אין אַזעלכע מאָמענטן פאַרלירט ער ביס־לאַכווייז דעם מוזיקאַלישן פאָדים, און פאַרזינקט אין טרוימעריי. אָט איז ער אַ דיריגענט פון אַ גרויסן אָרקעסטער. ער שטעלט זיך פאָר ווי ער שטרענגט זיך אָן אַרויסצוברענגען טאָן, ריטעם און האַרמאָניע, און דאָס פובליקום באַוואונדערט דעם צויבער פון זיינע הענט און זיינע באַוועגונגען. ער הערט שוין ניט מער דעם קאָנ־

צערט; ער זעט זיך אויף דער בינע, און זיין הארץ קלאפט מיט פרייד ווען ער טראכט פון די אפלאָדיסמענטן וואָס ער וועט באלד באקומען.

דאָס איז א כאראקטעריסטישער אופן פון פאנטאזירן. עס איז אן „איצט", וואָס באהאלט ווירקלאכע שייכות'ן צוליב דעם אז א פערזענלאכער פארלאנג זאָל דערפילט ווערן. א מעשה איז ניט אן „אזוי איז", נאָר אן „אזוי איז געווען", ניט קיין אויסגלייך פון א מאָמענטאלן קאָנפליקט נאָר אן אויסטייטש פונ'ם לעבנס־אמת אויף א גרעסערן פארנעם, וואָס מוז זיך אָנהייבן פונ'ם „אמאָל".

פאנטאזיע איז איינרעדעניש, ריכטיקער, אריינרעדעניש, בעת די מעשה איז אן ארויסרעדעניש, וואו ניט עפעס א באגרענעצטער „איך" אינטערעס איז דער צענטער, נאָר דער „איך" ווערט בריי־טער טיפער, געזעלשאפטלאכער; ער ווערט א געוועב פון אלע מאָ־טיוון וואָס באשטימען דאָס פארגאנגענע ווירקלאכע געשען, און באלייכט דעם איצט און דעם שפעטער. דורך דער מעשה דרינגען מיר אריין אין דער צוזאמען שפיל פון די כחות וואָס בויען די זיגזאגן פון לעבן.

די פאנטאזיע, איך מיין דאָס פאנטאזירן, איז די שאפונג פון א מין פערזענלאכער מיטאָלאָגיע, אן אנטפלעקונג פון בלויז דער־גרייכטע זיגזאג שפיצן (אָדער יענעמס דורכפאל, וואָס איז מיין דערגרייכונג), ווייל דאָ ליגט דער מאָטיוו בלויז אין לעצטן פאָזי־טיוון אקט. די מעשה שטרייכט אונטער דעם זיגזאג וועג, דעם „עפעס" פון וועלכן דורכפאל אָדער דערגרייכונג איז דער שפיץ.

דעריבער איז פאר פאנטאזירן גענוג דאָס בילד, בעת די מעשה נייטיקט זיך אינ'ם וואָרט, וואָס שאפט ברייטערע רוימלאכע און צייטלאכע שייכות'ן, וואָס עפנט דעם וועג צו דער גריים און פאר־נעם פון לעבנס־פראָצעס.

דאָס פאנטאזירן איז דערהויפט א פארטיידיקונג־מעכאניזם (ווי מיר זעען דאָס אזוי קלאָר בא נעוראָטיקער, און נאָך מער בא נעווראזן וואָס מען באגעגנט בא סאָלדאטן אויפ'ן שלאכט־פעלד.*)

*) War Neurosis, John T. MacCurdy. Psychiatric Bulletin, July, 1917.

אין דער מעשה איז דאָס גאַנץ אַנדערש. אמת, אין איר פרימי־טיוועד פאָרם — למשל בא קינדער און פרימיטיווע מענטשן, — איז די מעשה זייער אָפט, אין דער ערשטער שורה, א פאַרטיי־דיקונג־מעכאַניזם, א מיטל אָפּצואַווענדן א צרה, אָדער צו דער־גרייכן א ריין פערזענלאַכן אָדער מאַמענטאַלן פאַרלאַנג. אָבער די אַנטוויקלונג פון דער מעשה פירט אַריין אין דער גאַנצער ברייט און טיף פון א מענטשלאַך לעבן, וואָס זעט זיך ניט קלאָר אַרויס אין דירעקטן געשען.

אין דער וויסנשאַפט פון גייסטיקע קראַנקייטן איז פאַראַן א כלל אז די פסיכישע פונקציעס וואָס, האָבן זיך באַוויזן שפּעטער אין לעבן פאַרשווינדן פריער, און וואָס פריער א פונקציע איז צו־געקומען און זיך באַפעסטיקט, אַלץ לענגער וועט זי אויסהאַלטן די אַטאַקעס פון דער קראַנקייט און ניט אָפּטרעטן פון פסיכישן פעלד. אזוי וועלן למשל פריער פאַרשווינדן מאָראַלע אַנשויאונגען און מידות, עסטעטישע אָפּשאַצונגען, העכערע געדאַנק־פּראָצעסן, א. ד. ג. בעת די פשוט׳ערע פאָרמען פון דענקען, פילן און שפירן וועלן בלייבן. אָדער נעמט למשל א היסטעריקער וואָס ווערט היפּ־נאָטיזירט פונ׳ם דאָקטאָר, דער פּאַציענט איז דעמאָלט געניינגט דורכצופירן די סוגעסטיעס פונ׳ם היפּנאָטיזירער, אָבער ניט אַלע. א סוגעסטיע אז דער פּאַציענט זאָל זיך אַוועקלייגן אויפ׳ן דיל וועט מסתמא גלייך דורכגעפירט ווערן. אמת, דאָס אַוועקלייגן זיך אויפ׳ן דיל איז פאַר א דערוואַקסענעם מענטשן פאַרבונדן מיט חרפּה. אָבער דאָך וועט דעם דאָקטאָר ניט שווער אָנקומען די דאָזיקע חרפּה בייצוקומען. אזא סאָרט חרפּה האָט זיך באַוויזן גאַנץ שפּעט אין לעבן, פאַר דער קינדהייט איז אזא פּאָזיציע קיין שאַנד ניט, ממילא איז ניט שווער פאַר׳ן דאָקטאָר צו ווירקן אז זיין סו־געסטיע זאָל אויסגעפירט ווערן. ווי וועט אָבער דער פּאַציענט האַנדלען ווען די סוגעסטיע וועט זיין: „טו זיך אויס נאַקעט“? בדרך כלל וועט א פּאַציענט אונטער היפּנאָז רעוואָלטירן קעגן אזא סוגעסטיע און זי ניט וועלן דורכפירן. דער באַוואוסטער פסי־כיאַטער, מאָרטאָן פּרינס, דערציילט ערגיץ אז בעת ער האָט סו־געסטירט זיינס א היפּנאָזירטער פּאַציענטקע צו רייכערן א ציגאַ־רעט, האָט זי געדרייט דעם ציגאַרעט אין דער האַנט, צוגעלייגט

אים צום מויל, אָבער אים גלייך אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש. אזעל־כע סוגעסטיעס זענען קעגן אַלטע טיף־איינגעוואָרצלטע און זייער פרי געקומענע לעבנס־אופנים און ווען אזוי לייכט ניט פאַרלאָזן דאָס פּסיכישע פעלד.

דאָס זעלביקע זעען מיר איז דאָס מזל פון פּילאָמיטישע טענ־דענצן בא א גייסטיק קראַנקן. די שפּעטערדיקע קאָמפּליצירטע דערגרייכונגען פאַרשווינדן. עס בלייבט בלויז דאָס פּרימיטיווע, דער פאַרטיידיקונג־מעכאַניזם, וואָס גייט אריבער אין קרענקלאַכן פאַנטאַזירן. דער פּאַציענט רעדט זיך דעמאָלט איין אַז ער איז א נאַפּאָלעאָן, ראָטשילד, עדיסאָן אָדער בעטהאָווען, און ענדיקט סוף כל סוף מיט די מגושמ'דיקסטע האַלוצינאַציעס און אילוזיעס.

דאָ קענען מיר ארויסזען די נייאיקייט וואָס דאָס געזונטע פּילאמיטישע באוואוסטזיין ברענגט מיט זיך. פון איין זייט האָבן מיר צו טאָן מיטווירקלאַכע לעבנס־פּראָצעסן און פון דער אַנדערער זייט איז אונזער עובדא פאָרט ניט די זעלביקע וואָס אין „אמת'ן" לעבן, ווייל מיר זענען אָפּגעריסן פונ'ם זיגזאַג פון געשעען. די דער־ווייטערטקייט פונ'ם „אמאָל" (וואָרים יעדע מעשה איז אַן „אמאָל איז געווען") און די נאָענטקייט צו די דערציילטע פּאַסירונגען, עפענען פאַר אונז אויף א וועג צו מאַכן דעם סאַמע תמצית פון לעבן פאַר אַן אָביעקט, און אין דער זעלביקער צייט אים איבער־צולעבן ווי א סוביעקטיווע דערפאַרונג. דאָס הייסט אַז עס איז פאַראַן א צוגעבונדנקייט און אַן אָפּגעריסנקייט אין דער זעלביקער צייט. און עס איז שוין ניט קיין נפקא מינה צו מיר דערציילן, אָדער הערן, ווענן זיך אָדער אַנדערע. פון א פּילאמיטאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז דאָס לעצטע בלויז א חילוק אין גראַמאַטיק, עס איז אַן אונטערשיד פון א דערציילונג אין דער ערשטער פּערזאָן אָדער אין דער דריטער. דער פּילאמיטישער תוך איז דער זעלביקער.

אין דער מעשה קומען פאָר ווירקלאַכע לעבנס־פּראָצעסן וואָס צווינגען זיך אַרויף אויף אונז. זיי דרינגען אריין אין אונז און מיר אין זיי, ווייל זיי זענען דער נאַטירלאַכער מעדיום פון דער מענטשלאַכער פּסיכאָפיזישער אָרגאַניזאַציע. אין דערציילן ווערט דאָס לעבן ניט אוועקגעשטעלט ווי אַן אָביעקט צו באַטראַכטן — ווי דאָס ווערט געטאָן, למשל, אין ביכער איבער פּסיכאָלאָגיע,

סאָציאָלאָגיע און פילאָזאָפיע—עס איז ניט קיין שורה דרויסנדיקע ווענד־פונקטן פאַר אונזער מאָמענטאַלן באַוואוסטזיין. אין דער מעשה ווייזן די לעבנס-פּראָצעסן אַרויס אַ צוציאונג וואָס שמעקט מיט אַן אינערלאַכן „מוז“, און זיי פאַרשאַפן אונז די פאַרגעניגנס און עגמת נפש'ן וואָס טראָגן אין זיך די סמנים פון סוביעקטיווער איבערלעבונג. פונדעסטוועגן איז עס אָבער דאָך ניט דאָס זעל־ביקע וואָס אַ סוביעקטיווע איבערלעבונג. מען קען לייענען, למשל, אַ טרויעריקע מעשה און וויינען מיט ביטערע טרערן, און ציטערן מיט אמת'ער שרעק פאַר'ן שיקזאַל פון די העלדן, און דאָך ניט פאַרגעסן אויף איין רגע אַז מיר לייענען אַ בוך. מיר אידענטיפי־צירן זיך מיט די העלדן און געשעענישן, אָבער מיר ווייסן דאָך אַז עס איז אַ דערציילט לעבן. דאָס בילד איז דעמאָלט, ווי מען זאָגט, „אַזוי ווי“ מיר וואָלטן געשטאַנען דערביי, אָבער מיר ווייסן גאַנץ קלאָר אַז מיר שטייען ניט „דערביי“.

אָט דער „אַזוי ווי“ איז דער ספּעציפישער פילאָמיטישער עפּעס, דאָס באַזונדערע אינ'ם פילאָמיטישן באַוואוסטזיין. אמת דער „אַזוי ווי“ דריקט ניט אויס קיין פּאָזיטיווע אייגנאַרטיקייט, דער „אַזוי ווי“ דריקט בלויז אויס אַ פאַרגלייך פונ'ם פילאָמיטישן זיגזאַג מיט'ן זיגזאַג פון געשען, אָבער דאָס איז בלויז אַ שפּראַכלאַכע הינטערשטעליקייט. און דאָס דאַרף זיין קלאָר פאַר יעדן איינעם, ווייל דאָס פאַרגעניגן און די אינטערעסאַנטקייט פונ'ם „אַזוי ווי“ איז דאָך לחלוטין אַנדערש ווי אין יענע מאָמענטן (ווירקלאַכע לעבנס-פּראָצעסן, זיגזאַגן פון געשען) מיט וועלכע דער „אַזוי ווי“ פאַרגלייכט זיך. אינ'ם דערציילטן לעבן קענען מיר האָבן די דער־פאַרונגען פון אַ באַשעפעניש אין איר נאַטירלאַכער סביבה—„אַזוי ווי לעבעדיק“ — און דאָך קענען מיר אין דער זעלביקער צייט באַטראַכטן דאָס לעבן פון אַ געוויסער דיסטאַנץ, אַזוי ווי מען וואָלט געשטאַנען אָן אַ זייט און געהאַט אַ מעגלאַכקייט עס צו זען אין דער געהעריקער פּערספּעקטיוו, ד. ה. דאָס לעבן ווערט סוביעקט און אָביעקט אין דער זעלביקער צייט.

דער תמצית פון לעבן אין דער געשעעניש, דאָס איז איר פּלאַן, כאַראַקטער, ריכטונג און שוואונג, אָבער דאָס אַלץ איז אין איר טונקל און מטושטש. דער אָרגאַניזם האַלט אין איין אויפנעמען

איינדרוקן און זיך אָפּרופן אויף זיי. די אָריענטאַציע בייט זיך יעדע רגע. עס האָגלט מיט אָפּרופן, שטעלונגען, באַציאונגען. מען זעט ניט דעם שטייגנדיקן וואוקס פון׳ם שטאַם צוליב די בלעטער און צווייגן, און די ביימער פאַרשטעלן בוכשטעבלאַך דעם וואַלד. אין דער געשעעניש גליט טאַקע די דירעקטקייט פון דער איבער־לעבונג, אָבער עס פעלט די גרויסע הנאה פון ארומכאַפּן דעם גאַנצן שטח, פון דערבליקן דעם תוך. דאָס פּרובירט מען אָפּט צו טאָן מיט וויסנשאַפטלאַכע און פילאָזאָפישע מיטלען, אָבער דאָרט ווערט ווידער אָפּגעטויט די איבערלעבונג, וואָס איז אָן אַ שיעור ערגער. די מעטאָדע פון דער וויסנשאַפט איז צו אַנאַליזירן און דאָס איז פּונקט ווי מען זאָל צעשניידן אַ מענטשן כדי מען זאָל זיך באַקענען מיט די פונקציעס פון זיינע אָרגאַנען אין נאָרמאַלן געזונטן צו־שטאַנד. דער עפּיזאָד אָדער די מעשה גיט קודם כל איבער דעם סאַמע תוך, דעם זיגזאַג כאַראַקטער פון לעבנס־וויכטיקע געשעענישן, און האַלט דאָך אויף אין דער זעלביקער צייט די דירעקטקייט פון דער איבערלעבונג. אָט דאָ ליגט איינס פון די הויפּט סבות פון׳ם דאָרשט צו דערציילן. דאָס דערציילן עפנט אויף די גרויסע מעג־לאַכקייט צו מאַכן אַ טראָט נענטער צום תמצית פון לעבן.

די העלדן פון אַ מעשה רופן אַרויס פרייד און טרויער, מיט־געפיל און אַנטיפּאַטיע, ליבע און האַס, אָט פּונקט ווי אין אַ זיגזאַג פון געשען. אין דער זעלביקער צייט אָבער זע איך ריכטונגען און מאָטיוון, סבות און רעזולטאַטן, אַן „אַרויף" און אַן „אַראָפּ", כחות וואָס ווירקן און ווערן באַווירקט, דאָס אַלץ צו וואָס איך בין בלינד אין דער ווירקלאַכקייט. אין „ווירקלאַכן" לעבן איז ראַסקאָלניקאָוו אַ מערדער, טביה דער מילכיקער אַ שלים מזל, און פאַלק (פון פּשי־בישעווסקי׳ס „האָמאָ סאַפּיענס") אַ מיאוסע שטיק צעלאָזנקייט. און אַנדערש קען עס ניט זיין. ווייל אין זיגזאַג פון געשען זענען מיר געצוואונגען צו האַנדלען, און האַנדלען קען איך בלויז אין הסכם מיט די רעזולטאַטן פון מיין שכנ׳ס טעטיקייט, וועלכע איך זע און פיל, אָבער ניט מיט אירע סבות, וועלכע איך זע ניט. אין די איבערלעבונגען פון געשעענישן זענען מיר געצוואונגען צו דאַנ־קען פאַר אַ טובה, און ווערן בייז פון אַ רעה, ווייל מיר זעען ניט קיין זיגזאַג, נאָר דאָס סאַמע לעצטע פּינטעלע, וואָס איז גראָד גוט

אָדער שלעכט פאַר אונז, בעת אין דער מעשה קענען מיר זעען דאָס ווייטערע און טיפערע וואו „טובה" און „רעה", ווי לעצטע רעזול-טאַטן, באַקומען גאָר אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער. די מעשה רופט אַרויס אַן אַריינגעטאָנקייט און אַן אָפּגעטיילטקייט אין זעלביקן מאָמענט, און דאָס גיט אַ מעגלאַכקייט פאַר גלייכצייטיקן מיטלעבן, דורכלעבן און זיך אַרומקוקן און באַאָבאַכטן פון דער זייט, פון „וואו בין איך ערגיץ אין דער וועלט?" די פילאָמיטישע טענדענץ זוכט אויפצובויען דעם זיגזאַג פון דערציילן כדי מיט זיין הילף זאָלן מיר קענען צוקומען צו דער ווירקלאַכקייט פון יענער זייט וועלכע איז פאַרשטעלט פאַר אונז אין דירעקטן זיגזאַג פון געשעען. מיט אַנ-דערע ווערטער, די פילאָמיטישע טענדענץ גיט אונז אַ קלאָר בילד פונ'ם לעבנס-זיגזאַג, וועלכער איז אונז אַזוי נאָענט, אַזוי אייגן, די סאַמע לעבעדיקסטע רעאַליטעט, און דאָך פאַרהוילן פון אונז אין די געוויינטלאַכע פּראָצעסן.

פאַרשטייט זיך, אַז די רעטאָריקער האָבן באַמערקט אַ וויכטיקן אמת ווען זיי דערציילן אונז אַז אַ מעשה איז אַ פאַראייפאַכונג פון לעבן; אַז דאָרט ווערן אַרויסגעוואָרפן די אומוויכטיקע דעטאַלן כדי צו שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צום עיקר. דער געדאַנק איז זיכער אַן אמת'ער, נאָר די אויסטייטשונג שמעקט מיט צופיל איינפאַכקייט. אויב אונטער דעם אויסדרוק „פאַראייפאַכונג פון לעבן" זאָלן מיר פאַרשטיין דאָס אַרויסוואַרפן פּרטים, ווינקלען, שפּיציקייטן א. א. וו. איז דאָס טאַקע אמת, אָבער ניט וויכטיק. ערשטנס איז די „פאַראייפאַכונג" על פּי רוב אַ געצוואונגענע און דאָ איז שוין וויכטיקער פון אַלץ דער כח וואָס צווינגט. צווייטנס, און דאָס איז דער עיקר, די דאָזיקע פאַראייפאַכונג איז, ווי מיר האָבן געזען, פריער פון אַלץ אַן אַנטפּלעקונג, וואָס דאָס צינדט אָן אַ ניי ליכט אין די טונקלקייטן פונ'ם פילאָמיטישן אויפבוי.

פון דעם שטאַנדפּונקט קענען מיר טיפער אַריינדרינגען אין אַן אָפּט באַמערקטער דערשיינונג אויף וועלכער אויך וואַלאַשעק שטויסט זיך אָן באַם פאָרשן פּרימיטיווע מוזיק. „מען האָט אָפּט געפרעגט פאַרוואָס אונזערע דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען נעמען אָפּט אָן אַ טראַגישן כאַראַקטער, כאָטש מיר זענען פריי אויסצו-קלייבן אַן אַנדערע, אפשר אַ מער צופרידן-שטעליקע, טעמע. אָבער

אַ פאַרלאַנג נאָך טראַגישע געשעענישן זעט אויס צו זיין טיף איינגעוואָרצלט אין דער מענטשלאַכער נאַטור, און רופט תמיד אַרויס אַ פרישקייט און אייגנאַרטיקייט אין געפילן וואָס, ווייל זיי ווערן ניט אויסגענוצט אין לעבן ביז'ן סוף, רייסן זיי זיך אַרויף צו דער אויבערפלאַך כדי פאַנאַנדערצואַוויקלען זייער גאַנצע עמאָציאָנעלע קראַפט אין די טייערסטע און ריינסטע טיילן פון אונזער גייסטיקן לעבן — אין אונזער פאַנטאַזיע. בלויז אַ מענטש וואָס זיין לעבן איז אַליין אַ מאַשין אָדער אַ טראַגעדיע, נייטיקט זיך ניט אין אַן ערנסטער שפּיל פון דער פאַנטאַזיע. פּרימיטיווע מענטשן זענען נאָך ניט, ווי עס ווייזט אויס, אין אַזאַ צושטאַנד פון גייסטיקער דעקאַדענץ".*) דאָס דאַרף, הייסט עס, דערקלערן פאַרוואָס מיר געפינען בא פּרימיטיווע שבטים דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען מיט אַ טראַגישן סוף.

די אויסזעצונגען אַנטקעגן אַזאַ טעאָריע וואָלטן געדאַרפט פאַרנעמען צופיל פלאַץ און האָבן דאָ אַהער אַ קנאַפּע שייכות. אָבער אויף איין וויכטיקן פּסיכאָלאָגישן טעות לוינט זיך אָפּצושטעלן. וואַלאַשעק שטעלט זיך פאָר די געפילן אַזוי ווי דער מענטש וואָלט זיך מיט זיי אַרומגעטראָגן פאַרפּאַקט פאַרטיקערהייט אין קעסטלאַך. אויב בא אימיצן איז פאַראַן אַ מאַשין־מעסיק לעבן, הייסט עס אַז זיינע געפיל־קעסטלאַך זענען ליידיק. ממילא קענען דאָך קיין טראַגעדיעס ניט האָבן פאַר אים קיין זינען. אַזאַ, ווידער, וואָס זיין לעבן איז אַליין אַ טראַגעדיע, גיט אויס אַזוי פיל „געפיל" אין זיין טאָג־טעגלאַכן לעבן, אַז ער קען זיך פשוט ניט פאַרגינען צו זיין אַ געפיל הולטאַי און צעטרענצלען זיין קאַרג פאַרמעגן אויף דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען. דער פשוט'ער מענטש, אָבער, האָט געפּאַקטע קעסטלאַך, צופיל פאַר אים, ממילא זוכט ער טראַגעדיע כדי צו באַפרייען זיך פון דער געפיל־משא. דאָס איז אַ שרעקלאַך נאַאיווער בליק אויף דער זאַך. געפילן זענען נאָך אַלעמען ניט קיין פּאַפּיראָסן וואָס מען טראָגט אַרום אין קעשענע פאַרטיקערהייט. אָפּגעזונדערטע געפילן אָן שייכות'ן צו קאָנקרעטע סיטואַציעס זענען ניטאָ. און ווען די פּאַסיקע סיטואַציע פעלט, טראָגט

---

*) Primitive Music. Richard Wallaschek, 1893, p. 228.

מען ניט אַרום די געפילן ביז עס וועט קומען די ריכטיקע געלעגנ־הייט; עס איז פּשוט ניטאָ וואָס אַרום צו טראָגן. אָבער דער פאַקט איז פון דעסטוועגן זייער אַן אמת'ער. איבערצולעבן אַ טראַגישע סיטואַציע ווי אַ זייטיקער צוקוקער, און ספּעציעל אין פילאָמיטישע פאָרמען, איז אַ כאַראַקטעריסטיש מענטשלאַך פאַרגעניגן. פאַר־וואָס? די טראַגישע פּונקטן אויף דער זיגזאַג ליניע, סיי ווען זיי פאַרענדיקן זיך מיט אַ גליקלאַכן סוף, סיי ווען זיי נעמען אָן דעם כאַראַקטער פון אַ טראַגעדיע, שטעלן מיט זיך פאָר אַ פּערפעקטן אָנוואורף פונ'ם לעבנס־זיגזאַג וואָס דאָס פילאָמיטישע אין אונז קען נאָר אַרויסברענגען. דער שנעלער און קלאָרער לויף פון דער ליניע, די אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע געשפּאַנטקייט פון פּונקט צו פּונקט, די טיפע סוביעקטיווע אַריינגעטאָנקייט און די פעסטע צוגעקניפּט־קייט צום אָביעקט, — ווי קען מען נאָך נענטער צוטרעטן צום סאַמע פּולס פון לעבן? די טראַגעדיע און דער „פריילאַכער סוף“, וואָס ביידע זענען אַ קוואַל פון טיפער הנאה, זענען אמת'ע מאָדעלן אין זייער ליכטיקן און בולט'ן אַרויסברענגען דעם סך הכל פונ'ם לעבנס־זיגזאַג.

דאָס איז די פילאָמיטאָלאָגישע דערקלערונג פון דער טענדענץ צו דערציילן אַ „שיינע מעשה“, ד. ה. באַוואוסטזיניק צו ענדערן די פּונקטן פון אַ געשעעניש און עפּעס צוצוגעבן אָדער אַראָפּצונעמען כדי עס זאָל זיך באַקומען אַ שענערע מעשה. קאָמישע און טראַ־גישע פּאַסירונגען ווערן פאַרגרעסערט, חסרונות און מעלות ווערן בילדלאַכער אַרויסגעבראַכט, ווייל דאָס פּאָדערט דער זיגזאַג פון דערציילן, וועלכער האָט, ווי שוין אָנגעוויזן, זיינע אייגענע אינ־טערעסן. אָפט מאָל ווערן אַזעלכע מעשות — אונטער דער פילאָ־מיטישער רעדאַקציע — אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין זכרון, אַז מען פאַרגעסט גאָר אָן די ענדערונגען וואָס מען האָט אליין גאַנץ באַוואוסטזיניק אַריינגעבראַכט, און מען גיט זיי איבער ווי „פאַקטן“. אַזוי האָט כמעט יעדער מענטש באַ זיך אַ סך אַזעלכע מעשות וועגן זיך און אַנדערע, וואָס זענען באַוואוסטזיניקע ענדערונגען פון פאַק־טישע געשעענישן. פון דעם שטאַנדפּונקט קען מען אויך זען ווי ווייניק מען קען זיך פאַרלאָזן אויף ביאָגראַפיעס און אפילו אויף אויטאָביאָגראַפיעס, מעגן זיי זיין די אַרבעט פון די סאַמע ערלאַכ־

סטע מענטשן. דער אמת איז אַז אַזעלכע ווערק — צוליב באַוואוסטזיניקע און אומבאַוואוסטזיניקע נייגונגען צו „רעדאַקטירן" — זענען פאַר פסיכאָלאָגישע אונטערזוכונגען אַ מאַטעריאַל פון אַ גאַנץ קנאַפּן ווערט. וואָרים דער פאַרלאַנג צו דערציילן אַ שיינע מעשה באַהערשט די וועלט.

די סאָציאַלע קאָנסטרוקטיווקייט וואָס ליגט אין פּראָצעס פון דערציילן ווייזט אונז אָן אויף נאָך אַ וויכטיקער זייט פון דער פילאָמיטישער טענדענץ. דאָס וואָרט „דערציילן" אונטערשיידט זיך פון „זאָגן" דערמיט וואָס דאָס לעצטע באַציט זיך אויפ'ן אויסגעדריקטן געדאַנק, בעת דאָס ערשטע שטרייכט אונטער דעם פאַקט, אַז ס'איז פאַראַן, לכל הפחות, נאָך איינער וואָס נעמט אַ געוויסן אַנטייל אינ'ם פּראָצעס. ז אָ ג ן דאַרף מען „עפּעס", ד ע ר צ י י ל ן דאַרף מען „עמיצן".

דער גאַנצער באַגריף פון אַ זיגזאַג וואָלט געווען אָן איינזייטיקער ווען מיר זאָלן פאַרגעסן אַז ער שפּילט זיך אָפּ אין אַ געזעלשאַפטלאַכער אַטמאָספערע. דאָס פילאָמיטישע שאַפן גיט אָבער צו דאָס, וואָס עס באַזייטיקט די שטערנדיקע עלעמענטן אין אונזער צוזאַמענלעבן. עס דערהייבט די מענטשן וועגן וועלכע מען דערציילט — די ראַסקאָלניקאָוו'ס, די טביה'ס — און עס בינדט נעענטער צוזאַמען די, וואָס באַטייליקן זיך דירעקט אינ'ם פילאָמיטישן זיגזאַג — די דערציילער און די הערער, אָדער לייענער.

ווען איך האָב פריער באַמערקט, אַז ביים דערציילן ווערט דער תמצית פון לעבן אַן אָביעקט, וואָלט מען אייגענטלאַך געקענט זאָגן, אַז עפּעס ענלאַכס קומט פאָר ווען מיר זענען זייטיקע צוקוקער צו זיגזאַגן פון געשען, בעת מיר אַליין זענען אין זיי דירעקט ניט פאַרוויקלט. אָבער צווישן אַלע אַנדערע אונטערשידן וואָס זענען פאַראַן צווישן די צוויי פאַלן, איז פאַראַן איינער אויף וועלכן מען דאַרף קלאָר אָנווייזן. דער זייטיקער צוקוקער איז, אין פאַרגלייך מיט די וואָס זענען דירעקט פאַרוויקלט, אַן א ו י ס נ ע ש ל אָ ס ע נ ע ר, און ווי גרויס זיין אינטערעס זאָל ניט זיין אין דער געשעעניש, ווערט ער אָפּגעשטויסן צוליב די אַנטי־סאָציאַלע סימפּטאָמען וואָס מען

זעט בא אים, וועלכע שטאַמען פון דער אויסגעשלאָסנקייט. אין אַזעלכע פאַלן וועט דער זייטיקער צוקוקער אָפט מאָל דערצער־נען די פאַראינטערעסירטע צדדים מיט זיין שמייכל, איראָניע, אומפאַסיקער עצה, אָדער מיט אַ באַמערקונג מיט וועלכער ער פאַלט אריין ווי „אַ יון אין סוכה". אין דער מעשה, פאַרקערט, ווערט ער אַ ר י י נ ג ע צ ו י ג ן, ער אידענטיפיצירט זיך מיט העלדן און סיטואַציעס און טוליעט זיך שטאַרקער צו אַלע אַרום אים. ווען מען דערמאָנט זיך אַז דער פּילאָמיטישער אויס־דרוק האָט אורשפּרינגלאַך געהאַט צו טאָן ניט מיט ביכער, נאָר מיט געזעלשאַפטלאַכע געלעגנהייטן, וואו אַלע זיצן צוזאַמען און הערן מיט פאַרכאַפּטן אָטעם וועגן דעם שיקזאַל פון נאָענטע און ווייטע, פון גוטע און שלעכטע, — ווען מען האָט דאָס אין זינען, זעט מען קלאָר אַרום די סאָציאַלע קאָנסטרוקטיווקייט פון פּילאָמיטישע פונקציעס.

דערפאַר, ווען דרויסנדיקע אומשטענדן שטערן דעם געזעל־שאַפטלאַכן צוזאַמענהאַנג, ווערט די פּילאָמיטישע נייגונג אַ ליידנ־שאַפט וואָס זוכט אַלע מיטלען זיך צו שטילן. אין רעגנדיקע טעג, ביים קאַמין, אין איינזאַמע פאַרנאַכטן, אין דער טונקלקייט וואו מען ווערט אריינגעטאָן אין זיך, און ווי אָנגעוויזן אויף זיך אַליין; ווען מען פאַרלירט דאָס געפיל פון זיכערקייט, וואָס בלויז אַ האַרמאָניש־געזעלשאַפטלאַך לעבן קען שאַפן — ווי נוט איז אין אַזעלכע מאָמענטן זיך איינצובירגערן אין דער פּי־לאָמיטישער וועלט. איך האָב דאָ ניט אין זינען די קראַנקע פאַנ־טאַסטישע געוועבן פון נעוראָטיקער וועגן וועלכע עס רעדן אַזוי פיל די פסיכאָאַנאַליטיקער, נאָר דעם געזונטן, נאָרמאַלן, סינטעטישן מעשה־געוועב אין וועלכן עס לעבט דער געזונטער נאָרמאַלער מענטש.

די פסיכאָאַנאַליטיקער רירן זיכער אָן אַ גאַנץ וויכטיקן פונקט ווען זיי שרייבן אונטער די ראָלע פון'ם קראַנקהאַפטן פאַנטאַ־זירן. דאָס באַווייזט, אַז עס איז אויך פאַראַן אַ קרענקלאַכע, אַ פּאַטאָלאָגישע פּילאָמיטיע, פונקט ווי יעדע גייסטיקע טעטיקייט האָט איר פּאַטאָלאָגישן צושטאַנד. די געזונטע פּילאָמיטישע טע־טיקייט, כאָטש זי ברענגט אריין ענדערונגען אין דער ווירקלאַכ־

קייט, איז זי אָבער ניט קיין „אַנטלויפן פון דער ווירקלאַכקייט", ווי פרויד דריקט זיך אויס. עס איז אַ טעטיקייט וואָס פּאַראייניקט מעגלאַכקייטן, ניט אַזאַ וואָס צערייסט ווירקלאַכקייטן.

די סאָציאַלע זייט פון פּילאָמיטישן אויסדרוק דערקלערט אונז: די דערשיינונג פון „אָפּרעדן זיך פון הארצן", וואָס איז, אין פלוג, אומפאַרשטענדלאַך. פאַר וואָס זאָל ווערן גרינגער ווען מען „רעדט זיך אָפּ?" וואָס האָבן מיר דען געטאָן מיט אונזער טרויער, מיט די קאָנפליקטן וואָס צערייסן אונזער וועלט, דורך דעם וואָס מיר האָבן עמיצן דערציילט וועגן זיי? וואו ליגט דען דאָס געווינס אינ'ם הויכן אַרויסרעדן דאָס, וואָס קומט פאָר בא אונז? אַראָפּרעדן זיך פון הארצן, הייסט פאַקטיש פאַרשטאַרקן די געזעלשאַפטלאַכע אָנשפּאַר־פּונקטן אין אונזער לעבן. דאָס וואָס נאָך איינער ווייס פון מיין צער, הייסט, אַז נאָך איינער לעבט מיט, און אָט דער „נאָך איינער" איז געוויינטלאַך אַ נעענטערער מענטש, ד. ה. אַ מענטש, וואָס איז אַליין אַ פּונקט, אָן אורזאַך און אַ פּועל יוצא, אין דער זיגזאַג־שפּיל פון מיין לעבן. אַזוי לאַנג ווי דאָס באַוואוסטזיין פון די טרויעריקע פּאַסירונגען ציט זיך בלויז צו מיר, ריכטיקער, ציט זיך אַוועק פון מענטשן, וואָס בלויז מיין פאַרבינדקייט מיט זיי גיט מיין לעבנסיסטעם אַ זינען, אַזוי לאַנג ווי דאָס קומט פאָר, שאַפט עס אַ צעריסנקייט אין מיר, אַ מין שפּאַלטונג אין דער לעבנס־אָרגאַניזאַציע, און שוואַכט אָפּ מיין פּסיכישע גאַנצקייט אין די קריטישסטע מאָמענטן. מחמת ענלאַכע טעמים, מיט געוויסע ענדערונגען, רייסן מיר זיך באַקאַנט צו מאַכן אונזער גליק, אָבער דאָ איז שוין די איבערלעבונג אַן אַנדערע, און עס איז שוין ניטאָ דער ספּעציפישער געמיטס־טאָן פון „אַראָפּרעדן זיך פון הארצן". די סאָציאַלע טבע פון דערציילן און די ספּעציעלע אייגנשאַפטן פון דער שפּראַך ווירקן אויך דערויף, אַז דאָס פיזישע בייזיין פונ'ם הערער זאָל ניט זיין קיין אַבסאָלוטע באַדינגונג, ממילא גייט מען שוין איין טראָט ווייטער און מען רעדט צו זיך אַליין. מען מאַכט זיך אַליין, הייסט עס, פאַר'ן אָביעקט, פאַר'ן הערער, און מען האַלט אויף די סאָציאַלע אימפּליקאַציעס וואָס ליגן אין שפּראַך און אין דערציילן.

מיר האָבן זיך ביז איצט מער אָפּגעשטעלט אויפ'ן כאַ־ראַקטער פון דער שטייגנדיקער ליניע פונ'ם זיגזאַג פון דערציילן און אויף איר ספּעציעלן ווערט. אָבער אויך די פאַלנדיקע ליניע צייכנט זיך אויס מיט אַ גאַנץ באַזונדערער אייגנאַרטיקייט: זי האַקט זיך אין גאַנצן אָפּ, זי האָט אַ סוף, דאָס וואָס מיר גע־פינען ניט אין זיגזאַג פון געשען. אין דער מעשה האָט יעדער עפּיזאָד מער פאַרענדיגקייט און גיט דעם באַוואוסטזיין אַן אַפּרו־פּונקט, אַ פּונקט וואו מען קען אָפּלאָזן די לייצעס, אַזוי צו זאָגן, פון דער שטענדיקער אָנגעצויגנקייט. די גאַנצע מעשה, ווידער, לייזט זיך אויף אין איר לעצטער דערגרייכונג, און גיט אונז אַ מעגלאַכקייט צו ווערן סיי רעטראָספּעקטיוו, סיי פּראָס־פּעקטיוו, ד. ה. זיך אומצוקוקן אויף אַלץ וואָס עס איז פאָר־געקומען פריער און וואָס דאָס איז מחייב אויף שפּעטער.

דער דאָזיקער מאָמענט איז דאָך אַן אַ שיעור וויכטיק פאַר אַ באַשעפעניש וואָס קען רעפלעקטירן, וואָס קען אויפפאַסן די שייכות'ן פון זיין לעבן, וואָס האָט אַ פאַרלאַנג זיך דורכצורייסן די גרענעצן וואָס דערפאַרונגען שטעלן אַוועק. די אָפּרו־פּונקטן גיבן אַ גינסטיקע געלעגנהייט אויפצוכאַפּן די טיפערע שייכות'ן פונ'ם דערציילטן, און אויף אַזאַ'ן אופן גיבן זיי דער מעשה איר דערציערישן ווערט.

וואָרים געשעענישן זענען ניט קיין אָפּגעריסענע דערשיי־נונגען וואָס הייבן זיך אָן, שפּרייטן זיך פאַנאַנדער און ענדיקן זיך אין זיך אַליין. אַ געשעעניש איז אַ טרייב־כח און אַ וועג־ווייזער פאַר דער קומענדיקער געשעעניש, פּונקט ווי זי אַליין איז אַ פּועל יוצא און ציט זיך אין דער ריכטונג, וואָס איז אָנגע־וויזן געוואָרן פון דער פריערדיקער. די שטייגנדיקע ליניע הייבט זיך אָן מיט'ן אימפּעט, וואָס רייסט זיך אַרויס סיי פונ'ם אינס־טינקטיוון לעבן, סיי פון די מאָטיוון וואָס די פריערדיקע זיג־זאַגן האָבן אָנגעקליבן אויף זייער וועג. און בעת די ליניע ציט זיך אַרויף, פאַרשטאַרקט זיך איר כח, און אָט דער כח ווערט אַ פאַקטאָר אינ'ם אויפשטייג פונ'ם קומענדיקן זיגזאַג, און אַזוי כסדר. פון דאַנען נעמט זיך סיי די עקשנות, סיי די איינזייטי־קייט פון יעדן דורכשניטלאַכן לעבן. יעדער מענטש ווערט גע־

שטויסן אין אַ ריכטונג וואָס זיינע אינטערעסן האָבן פאַר אים אָנגעצייכנט, און יעדע אָפּנייגונג פון אָט דער ריכטונג, וואָס ער זעט אין אַנדערע, קומט באַ אים אויס ווי אַ דערוויטערונג פון די „אמת'ע", „פּראַקטישע", מענטשלאַכע אינטערעסן.

אויב, למשל, מיר באַטיטלען דעם פילאָזאָף מיט'ן נאָמען בטלן וואָלטן מיר, גלויב איך, געדאַרפט געבן דעם זעלביקן קאָמפּלי־מענט דעם באַנקיר, וואָרים וואָסער פּראַקטישן ווערט האָט עס צו מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען אויף אָנצוזאַמלען מיליאָ־נען פון וועלכע מען וועט קיינמאָל, קיינמאָל ניט קענען געניסן? מיר דוכט אַז אַזאַ רייסעניש צו מיליאָנען געהערט גיכער צו דער קאַטעגאָריע וואָס מען רופט פּסיכאָלאָגיע איידער צו עקאָ־נאָמיק.

סיי דער באַנקיר, סיי דער פילאָזאָף האָבן לכתחילה געקוקט אויף זייערע טעטיקייטן ווי אויף מיטלען, ווי אויף עפּעס וואָס האָט בלויז אַן אינסטרומענטאַלן ווערט. דער ציל האָט געקענט זיין פּרנסה, אָדער כבוד, אָדער ביידע צוזאַמען, אָדער גאָר אַ דריטע זאַך. פאַראַן גענוג צילן אין לעבן פאַר וועלכע מיר זוכן מיטלען כדי זיי דורכצופירן. אָבער אַזוי שנעל ווי יעדער פון אָט די צוויי האָט זיך אָוועקגעלאָזט אויפ'ן זיגזאַג־וועג צו זיין ציל, זענען ממילא נייטיק געוואָרן נייע דערגרייכונגען; די זיג־זאַגן האָבן זיך גענומען הייבן און פאַלן, ניט לויט דער ערשטער אויסרעכנונג, נאָר לויט'ן דראַנג פון די כחות וואָס זייער איי־גענער גאַנג האָט אַרויסגערופן. דאָס האָט צוגעגעבן דער טעטי־קייט אַ ניי ליכט און אַ נייעם זינען, און זי האָט אָנגעהויבען צו ווערן אַ צוועק אין זיך אַליין און ניט בלויז אַ מיטל.*)

אויב מיר אַלע זעען מער פּראַקטישקייט אינ'ם באַנקיר איי־דער אינ'ם פילאָזאָף, איז עס דערפאַר ווייל מיר איגנאָרירן די טעטיקייט און באַטראַכטן בלויז רעזולטאַטן, און פון דעם שטאַנד־פּונקט קענען מיר גיכער זעען אינ'ם באַנקיר (ס'הייסט אין זיין געלט) אַ מיטל צו אונזערע אייגענע צוועקן איידער אינ'ם פילאָ־

*) דער דאָזיקער ענין ווערט דעטאַלער באַהאַנדלט אין זיבעטן און אַכטן קאַפּיטל.

זאָך. דער באַנקיר, הייסט עס, איז פאַר אונז דער „פּראַקטי־שער", ווייל מיר אידענטיפיצירן זיינע צוועקן מיט אונזערע מיטלען. ווען מיר זאָלן אָבער אויף אַ ווײַלע באַטראַכטן דעם באַנקיר אין זיין אייגענעם ווינקל, און די מיליאָנען זיינע ווי זיגזאַג־שפּיצן, ווי צוועקן, אָט ווי זיי זענען באַ אים, דעמאָלט וואָלט אונז זיין גאַנצע אַרבעט געמוזט אויסקוקן אומגעלומפּערט נאַריש. יעדער פון אונז איז אין זיין לעבן אַ שטיקל באַנקיר און אַ שטיקל פילאָזאָף. פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן מער צו טאָן מיט באַנקירישע ענינים, אַנדערע מיט פילאָזאָפישע, איז די דאָזיקע וואָס געפינען זיך מער אויף דער פילאָזאָפישער זייט — שרייבער, לערער, דיכטער, א. ד. ג. — וועלן שענקען מער אויפמערקזאַמקייט דעם פילאָזאָף, און מחמת פונקט דעם זעלביקן טעם: זיי, אין זייער אַרבעט, האָבן אַ נייטיקייט צו אידענטיפיצירן דעם פילאָזאָפ'ס צוועקן מיט זייערע מיטלען, זיי נייטיקן זיך אין פילאָזאָפישע זיגזאַגן, אַזוי צו זאָגן, ווי מיטלען אין זייער אַרבעט, ממילא וועט פאַר זיי דער פילאָזאָף זיין דער פּראַקטישער מענטש.

אָט די טבע פונ'ם זיגזאַג פון געשען יאָגט און רייצט און זוכט צו פירן דאָס לעבן אויף איינגעפּעסטיקטע רעלסן — דאָס איז די כסדר'דיקע שפּיל פון מיטלען וואָס ווערן צוועקן, ווען די טעטיקייט איז ניט קיין געצוואונגענע פון דרויסן. בעת מיר געפינען זיך אויף דער פּאַלנדיקער ליניע פון אַ זיגזאַג, ווען די אָנגעצווינגקייט לאָזט נאָך, און דער אימפּעט פון די שטויסנדיקע כחות ווערט אָפּגעשוואַכט, דעמאָלט זוכן מיר „צעשטרייאונג". עס הייסט, מיר זוכן זיך אַוועקצו'גנבה'נען פון די רעלסן אין וועלכע מיר זענען איינגעקלאַמערט אויפצונעמען אַ נייע זיגזאַג ריכטונג. אָט דאָ קומט אונז צו הילף דאָס דערציילן. דאָס דערציילן איז ניט בלויז אַ צעשטרייאונג אין נעגאַטיוון זין, ניט בלויז אַן אָפּווייכונג פון עפּעס, נאָר אַ נייע פּאָזיטיווע ביישטייערונג, אַ פול־דערוואַקסענער זיגזאַג. אמת, בעת מיר קומען אַריין אין פולן שוואונג פון אַ נייעם זיגזאַג פון געשען, קומט צו אַ נייער טרייב־כח וואָס שטאַמט פונ'ם איבערגעלעבטן פילאָמיטישן זיגזאַג, ד. ה. די מעשה איז ניט קיין „גאַסט אויף אַ ווייל"

וואָס לאָזט נאָך זיך קיין שפּורן ניט איבער. זי האָט זיכער אַן איינ־פלוס אויפ'ן שפּעטערדיקן לעבן, זי וועבט זיך אַריין צווישן די פעדים פון ווירקלאַכע לעבנס־פּראָצעסן. אָבער זי האָט די מעלה וואָס אָט די ראָלע אירע זעט זיך ניט אָן.

און דאָס איז דער עיקר, דאָ ליגט אַ וויכטיקעביישטייערונג מיט וואָס די פּילאָמיטישע דערפאַרונג צייכנט זיך אויס. אויך דאָ האָבן מיר איבערגעלעבט אַ זיגזאַג, אָבער ער שפּאַנט אונז ניט איין אינ'ם ענגן וועג וועגן וועלכן מיר האָבן פריער גערעדט. מעשׂות האָבן אַ געוואַלטיקע פאַרשידנאַרטיקייט, מעשׂות ענדיקן זיך, האַקן זיך אָפּ, און גיבן אונז דורך דעם דאָס געפיל פון באַפרייטקייט. ביי געשעענישן האָבן מיר קיינמאָל ניט דאָס פאַרגעניגן פון איבערלעבן אַן אמת'ע פאַרענדיגקטקייט, ווייל וועןן די געשעענישן פאַרענדיקן זיך טאַקע אויף אַן אמת'ן, איז שוין ניטאָ ווער עס זאָל זיי איבערלעבן. אויף אַזאַ'ן אופן באַפרייען מיר זיך, ביים דערציילן, פון זיין פאַרשקלאַפט צו אַ דערעסנדיקער שטענדיקייט, און דאָך, אין מאָמענטן פון ישוב הדעת, ווייסן מיר גאַנץ גוט, אַז די פולע אָפּגעהאַקטקייט פון דער מעשׂה, איז בלויז אַן אנגענעמער איינדרוק.

דאָס ברענגט אונז צו דער עטישער באַדייטונג פון פּילאָמי־טישע טענדענצן. צו זאָגן אַז דאָס דערציילן האָט אַ צוקונפטיקע ווענדונג, וואָלט געהייסן, ביז אַ געוויסער מדרגה, איבערצוחזר'ן אַלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן די סאָציאַלע אימפּליקאַציעס פון דערציילן און וועגן דעם ווערט פון שפּראַך בכלל. דאָס דערציילן, — אָדער, אין אַ געוויסן זינען, זיך דערציילן, וואָס רופט זיך „הערן" — גיט אונז אַ מעגלאַכקייט צו פאַרברייטערן און רעאָרגאַניזירן שייכות'ן, צום גרויסן מענטשלאַכן „אַראָפּ־רעדן זיך פון האַרצן", און שפּראַך איז דאָס בעסטע מיטל דערצו.

די מעשׂה דערציילט ניט בלויז וואָס ס'איז געווען, נאָר אויך וואָס כ'דאַרף זיין, וואָס מיר זאָלן טאָן. אמת, מיר זענען אָפּטמאָל אין דעם פּרט איינזייטיק און זעען בלויז מעשׂות אין ליכט פון סבות און ניט פון רעזולטאַטן. מיר ווייסן צו דערציילן וועגן דעם אַז שילער'ס „רויבער" אָדער אַרציבאַשעוו'ס „סאַ־נין", האָט אַרויסגערופן אַ באַוועגונג, מיר פאַרגעסן אָן דער

באַוועגונג. אָן דעם געזעלשאַפטלאַכן צושטאַנד, וואָס האָט אַרויס־גערופן די ווערק. אָבער מעשות גיבן צו אַ קלאָר געשטאַלט צו מעג־לאַכע שפּעטערדיקע טעטיקייטן, זיי פאָרמירן און פאָרמולירן, און דאָ ליגט זייער גרויסער עטישער ווערט, און נאָך גרעסער איז זייער עטישער ווערט דערמיט וואָס זייער פאָרמירן און פאָרמולירן ווערט געטאָן מיט דער הילף פון לעבעדיקע זיגזאַגן און ניט דורך אַבסטראַקטע ליניעס פון דערקלערונגען און פעסטשטעלונגען.

דער וואָס זעט ניט איין די ווichtיקייט פון אָט דעם לעצטן פונקט רעדוצירט זיין דערציילן צום מוסר השכל טיפּ, און דערמיט צעפּאַלט זיין זיגזאַג, עס ווערן גלייכע ליניעס, וואָס טראָגן אויף זיך די סמנים פון אַן אינווייניקסטער סתירה. די טיפּישע מוסר השכל מעשה טראָגט אין זיך דעם ריח פון פאַלשקייט, פון אַ „פּסעוודאָ“, ווייל זי דערווייטערט זיך פון דער כאַראַקטעריסטישער שייכות סיסטעם, וואָס רופט זיך מעשה. מען וואָלט זיכער געקענט זאָגן אַז אַ מעשה וואָס זוכט צו לערנען, און שטרייכט אונ־טער דעם דאָזיקן פונקט, פאַרלירט אין גאַנצן איר פּילאָמיטישן ווערט, בעת אַ מעשה וואָס לערנט ניט איז בכלל ניט מעגלאַך.

די מעשה ווי אַ מיטל צום לערנען, דערציען און פאַרווירקלאַכן פאַרלאַנגטע צוועקן, ווי קליין אָדער גרויס, ווי פערזענלאַך אָדער געזעלשאַפטלאַך זיי זאָלן ניט זיין, איז אַ פּילאָמיטישע כאַראַקטע־ריסטיק וואָס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן. דער אייביקער דאָרשט נאָך גערעכטיקייט אין ענגערן אָדער אין ברייטערן זינען, וואָס ווערט אַן איינגעוואָרצלטע געוואוינהייט אין די ערשטע יאָרן פון דער קינדהייט, געפינט זיין בעסטן אויסדרוק אין דער מעשה. אויף דער דאָזיקער דערשיינונג וועלן מיר זיך ספּעציעל אָפּשטעלן אינ׳ם קאַפּיטל „קינדער־מעשיות“. אָבער אויך אין דערוואַקסענעם לעבן שפּילט זי אַן אומגעהייער גרויסע ראָלע. לאָרד בעיקאָן האָט נאָך באַמערקט די דאָזיקע עטישע כאַראַקטעריסטיק ווען ער זאָגט אַז: „פּונקט ווי די אַקטיווע וועלט איז נידעריקער פון דער שׂכל׳דיקער נשמה, אַזוי גיבן מעשות („פּיקשאָן“) דער מענטשהייט דאָס, וואָס געשיכטע זאָגט אָפּ, און, ביז אַ געוויסער מאָס, באַפרידיקן זיי דעם גייסט מיט שאָטנס ווען ער קען ניט הנאה האָבן פונ׳ם שטאָף.

וואָרים ווען מען קוקט זיך גוט צו זעט מען, אַז מעשות ווייזן בולט, אַז אַ גרעסערע פאַרשידנקייט פון זאַכן, אַ פולקאָמענערע אָרדנונג, אַ שענערע פאַרשידנקייט איידער מען קען געפינען ערגיץ וואו אין דער נאַטור, איז אַ פאַרגעניגן פאַר'ן גייסט. אַן אמת'ע געשיכטע גיט אונז דעם ערפאָלג פון זאַכן לויט די פאַרדינסטן פון זינד און טוגנט; די מעשה פאַרריכט דאָס, און שטעלט פאַר אונז פאַר גליק און אומגליק פון מענטשן, וואָס ווערן באַלוינט אָדער באַשטראָפט לויט זייער פאַרדינסט. און אַזוי ווי אמת'ע גע־שיכטע דערעסט אונז מיט אַ שטענדיקער ענליכקייט פון זאַכן, באַפרידיקט אונז די מעשה דורך אומגעריכטע צוגן און ענ־דערונגען, און אויף אַזאַ'ן אופן איז ניט בלויז וואָס זי דערפרייט אונז, נאָר זי לערנט אונז מאָראַל און ריינקייט פון דער נשמה. זי דערהייבט דעם גייסט דורך צופּאַסן די פאָרשטעלונג פון זאַכן צו אונזערע פאַרלאַנגען, און ניט ווי די געשיכטע און שכל וואָס פאַר־שקלאַפן דעם גייסט צו זאַכן. *)

דאָס ווייזט אונז נאָך אַ זייט פון וועלכער צו קוקן אויפ'ן פאַר־לאַנג צו זען אַ פריילאַכן סוף, בפרט נאָך אין דער מעשה וואו דער סוף איז טאַקע אַ פולשטענדיקער סוף. דער גאַנצער פּילאָמיטישער זיגזאַג איז פול מיט אריינגעטייטשטע און אריינגעטראַכטע פּונקטן ווייל זיי פאַרווירקלאַכן אין דער מעשה אומפאַרווירקלאַכטע פאַר־לאַנגען אין לעבן.

## ד. דאָס פּילאָמיטישע געוועב און די „אמת'ע“ מעשה

זאָל דער דאָזיקער בליק ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ סתירה צו דער געוויינטלאַכער פאָדערונג נאָך אמת'ע מעשות, נאָך שיל־דערונגען פון „רעאַלן“ לעבן, וואָס איז אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן דעם פּראָסטן עולם. דאָס איז אייגנטלאַך אַ נייע דערשיינונג און איז אומבאַקאַנט צווישן פּרימיטיווע שבטים. די דאָזיקע דער־שיינונג האָט צו פאַרדאַנקען איר עקזיסטענץ דעם פאַקט וואָס מיר האָבן אַ ליטעראַטור מיט פּראָפעסיאָנעלע שרייבער אויף וועל־

*) History of Prose Fiction. John C. Dunlop, Vol I, 2.

כע מען קען קאָנקרעט אָנווייזן אַז זיי זענען די באַוואוסטזיניקע שאַפער פון אַלץ וואָס מיר לייענען ד.ה. אַז זיי זענען עס די וואָס „טראַכטן אויס“. דער פּראָסטער מענטש זעט ניט אינ'ם שרייבער קיין פאַרפּולקאָמונג פון זיינע אייגענע פּילאָמיטישע טענדעצן נאָר אַ מענטשן מיט שרייבערשע פייאיקייטן — ד. ה. אייגנטלאַך, ער קען „נאָכמאַכן“, פעלשעווען — און ער פירט בלויז אויס אין די מעשות זיינע צופעליקע קאַפּריזן. צו זיין אונטער דעם כשוף פון אַ מענטשלאַכן קאַפּריז איז אַ דערנידעריקונג, איז אַ באַליידיקונג פאַר אונזער מענטשלאַכער חשיבות. דער דאָזיקער סאָרט מעשה קען דעריבער ניט באַפרידיקן קיין פּילאָמיטישע נויט בא אַזא מענטשן, ווייל די שייכות'ן וואָס אַ מעשה שטעלט מיט זיך פאַר איז צעבראָכן געוואָרן, ווייל דעם שרייבער ווערט בלויז צוגעשריבן די פייאיקייט פון פאַנטאַסטישע קונצן.*)

אין אמעריקע האָבן מיר אַ ספּעציעלן ענגלישן זשורנאַל „אמת'ע מעשות“ וואָס זוכט צו באַפרידיקן דעם דאָזיקן פאַרלאַנג. דאָרט ווערן געדרוקט די געוויינטלאַכע שונד מעשות, נאָר עס ווערן אָנגענומען געוויסע רעטאָרישע מיטלען צו געבן זיי אַ שיין פון „אמת“, פון אַ באַריכט. פאַרשטייט זיך, אַז ליטעראַרישע אינטע־ליגענץ און ברייטערע ליטעראַרישע דערפאַרונג פירט דערצו מען זאָל זען אינ'ם שרייבער־קינסטלער'ס אַרבעט אַ פּילאָמיטישע נויט־ווענדיקייט, און מען פילט זיך אויך באַרעכטיקט אים אָנצואווייזן אויף חסרונות, ווייל נאָך אַלעמען איז ער דאָך ניט דער גאַנצער באַלאַבאָס איבער זיין שרייבן. אָט דער שטאַנדפּונקט וואָס זעט אויס צו זיין אַזוי פאַרשטענדלאַך פאַר אַן אינטעליגענטן לייענער,

---

*) עס דערמאָנט אָן דער שנאה פון פרומע פּוילישע אידן צו פּרץ'ן, ווייל „ער מאַכט חוזק פון חסידים“. לכתחילה קומט אויס ווילד אַזאַ באַשולדיקונג. אָבער אַז פּרץ'עס אידעאַליזירונג זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין „חוזק“ איז פאַרשטענדלאַך פאַר מענטשן וואָס האַלטן פּרץ'עס שאַפן פאַר אַ צופעליקן קאַפּריז. און אַזוי ווי ער אַליין איז ניט איינער פון זיי, פאַרוואָס זאָל ער זיך ניט ווערן אָפּרעכענען מיט'ן חסידיזם דורך זיינע מעשות? נאָך אַלעמען ליגט דאָך דאָס שרייבן אין גאַנצן אין זיין האַנט, קען ער דאָך טאָן וואָס ער וויל און פאָלגן גיכער זיינע „אפּיקורסי־שע נייגונגען“ איידער דעם „אמת“.

איז אָבער לחלוטין פרעמד, מוז זיין פרעמד, דעם מענטשן וואָס האָט מיט ליטעראַטור קנאַפּ וואָס צו טאָן, און וואָס איז געוואוינט צו שטילן זיינע פילאָמיטישע דאָרשטן אויף אַנדערע אופנים. אין „אמת'ע מעשיות" — צו וועלכע עס ציט זיך דער, וואָס ליטע־ראַטור איז אים פרעמד — איז ניטאָ קיין פּערזענלאַכע מענטש־לאַכע סבה (קיין שרייבער) פאַר זייער עקזיסטענץ; זיי זענען די רעזולטאַטן פון אן אלגעמיינער באַשערטקייט, אַזוי צו זאָגן, און טראָגן אין זיך די וויכטיקייט פון אן אוניווערזאַלן כח.

דער אינטעליגענטער לייענער לעבט אייגנטלאַך צוויי פילאָ־מיטישע לעבנס. ער לעבט דעם געוויינטלאַכן זיגזאַג פון דערציילן, ווי אַלע מענטשן, און אחוץ האָט ער זיך אויך געשאַפן אַ ליטע־ראַריש-פילאָמיטיש לעבן. פאַר אים איז, אין ליטעראַטור, דער שריי־בער קיין מניעה ניט, פאַרקערט, ער זעט אין אים אַ גרויסע הילף אינ'ם גאַנג פון זיינע אייגענע פילאָמיטישע פּראָצעסן. פאַר אים איז שוין קלאָר דער כאַראַקטער פון דער פילאָמיטישער נויטווענדיקייט און ער זעט אינ'ם שרייבער ניט בלויז דעם באַהערשער נאָר אויך דעם באַהערשטן. ער ווייס אַז ער איז פּונקט אַזוי אַ וועג־ווייזער פאַר'ן שרייבער ווי דער שרייבער איז אַ וועג־ווייזער פאַר אים. פאַר אים איז דעריבער ניט וויכטיק דער אמת פון „פאַקט", נאָר דער אמת פון תוך, ער זוכט דערפאַר ניט די זיגזאַגן אַרום די עקסטרעמען פון לעבן — טראַגעדיעס, אָדער „פריילאַכער סוף" — נאָר דעם צענטער, דעם כאַראַקטעריסטישן זיגזאַג פון געשען. די דאָזיקע ליטעראַרישע טעטיקייט (דאָס לייענען איז אויך אַ טעטיקייט) פירט געוויינטלאַך צו אַ באַפרייאונג פון דער שטרע־בונג צו פאַרווירקלאַכן קלענערע, פּערזענלאַכע דאָרשטן דורך פילאָמיטישע מיטלען. לכל הפחות באַפרייט מען זיך דערפון ביס־לאַכווייז אין דער ליטעראַטור. דאָס אַלץ עפנט אויף ברייטערע וועגן פאַר די פונדאַמענטאַלערע פילאָמיטישע טרייב־כחות אין לי־טעראַרישן שאַפן און געניסן.

כדי צו זען דעם חסרון פון אַ לייכטער טעאָריע, דעם חסרון פון צופיל פאַראיינפאַכונג, איז כדאי זיך צו באַקענען מיט דעם ווי אַזוי ספּענסער דערקלערט דעם אָפּשטאַם פון אויסגעטראַכטע מעשות; „אַז אויסגעטראַכטע מעשות האָבן

זיך אנטוויקלט פון ביאָגראַפיע, איז קוים נייטיק צו באווייזן. עס איז אומפאַרמיידלאַך פאַר'ן ביאָגראַף — סיידן ער איז פּינקט־לאַך, וואָס אַלטע ביאָגראַפן זענען עס זיכער ניט געווען — אַז ער זאָל מער אָדער ווייניקער צוגעבן פאַנטאַזיע צום פאַקט.... ....פאַרשטייט זיך, אַז דער דערציילער וואָס האָט געגעבן די פּרעכטיקסטע ווערסיע פון אַן אונטערנעמונג, אָדער דערגרייכונג, איז געוואָרן ביליכער באַ די צוהערער, און, פאַרשטייט זיך, זייענדיק תמיד גערייצט צו פאַרגרעסערן זיינע פאַנטאַסטישע הוספות, איז ער אומבאַמערקבאַר געוואָרן אַ פאַרפאַסער פון מעשות. *)

ווי עס ווייזט אויס פאַרשטייט ספּענסער אונטער „ביאָ־גראַפיע“, אַ באַריכט, אַן „אמת'ע מעשה“. סוף כל סוף הייסט עס אַז אַ זיגזאַג פון דערציילן איז געבויט אויף אַ זיגזאַג פון געשען, אַ זעלבסטפאַרשטענדלאַכקייט וואָס זאָגט גאָר ניט. וואָרים „ביאָ־גראַפיע“ פּלוס „פאַנטאַסטישע הוספות“ איז אויך אין אַ געוויסן זינען דער אינהאַלט פון יעדער מעשה היינט, און קען אַנדערש ניט זיין. אָבער ווי אַזוי דער „פּלוס“ צווישן „ביאָגראַפיע“ און „פאַנטאַסטישע הוספות“ ווערט ארויסגעוואָרפן און ס'ווערט איין גאַנצע, נייע סיטואַציע — אַ מ ע ש ה, אָט דאָ ליגט די הויפּט־שוועריקייט, און גראָד דאָס ווערט אין דער פריערדיקער ציטאַטע ניט אָנגערירט. עס איז זיכער אמת אַז דער פּרימיטיווער ביאָ־גראַפער איז ניט געווען פּינקטלאַך, און דער היינטיקער איז עס אויך ניט, און קען ניט זיין, ווייל פּילאָמיטישע טענדענצן דער־לאָזן עס ניט. אָבער בלויז די געשיכטע, אַנטוויקלונג און דער ספּע־ציעלער כאַראַקטער פון אָט דער אומפּינקטלאַכקייט וואָלטן אונז געקענט געבן אַ באַגריף פון אַן אָפּשטאַם. אַ חוץ דעם איז סתם אומבאַגרינדעט די השערה אַז אויסגעטראַכטע מעשות שטאַמען אָפּ פון באַריכטן פון געשעענישן. די פּרימיטיווע מי־טאָלאָגיע, און נאָך מער די אַנטראָפּאָמאָרפישע מעשה וועגן חיות, איז זיכער ניט געווען קיין קלענערער לערער איידער דער באַריכט.

בלויז דער דאָרשט צו פאַראיינפאַכן קאָמפּליצירטע דערשיינונ־גען קען אויך פירן אַ שרייבער אויפצופּאַסן אַזאַ אומגעהייער וויכ־

*) Principles of Sociology. Herbert Spencer, Vol. 3, 243.

טיקן ליטעראַרישן פּראָדוקט, ווי דעם ראָמאַן, ווי א טייל „פון'ם קלאַס וואָס מען רופט אָן קאָלעקטיוו „לוקסוסן“, ווייל ער (דער ראָמאַן) גיט דירעקט גאָר ניט צו צו דער אויפהאַלטונג פון לעבן אָדער פון געזונט. ער געהערט צום קלאַס פון „אַרטיסטישע לוקסוסן’“.*) די דאָזיקע באַגרענעצטע אויפפאַסונג פון ליטעראַטור גלייכט זיך אין גאַנצן אויס מיט'ן נאַאיוון קוק אויף „לעבן“ און „געזונט“ וואָס ווערט דאָ אויסגעדריקט. פאַרשטייט זיך, אַז אויב „לעבן“ און „געזונט“ האָבן בלויז צו טאָן מיט אָטעמען, פאַרדייען אָדער בלוט־צירקולאַציע, דעמאָלט איז ליטעראַטור — אָדער בכלל מעשות — קיין דירעקטער בייטראַג ניט, אַלזאָ א „לוקסוס“. אָבער מענטשלאַך לעבן — אפילו אונזערע עלעמענטאַרע פיזאָלאָגישע פּראָצעסן, ווי יעדער פסיכאָלאָג ווייס — איז א סך מער ווי דאָס, וואָס אַן אויבן־אויפיקער בליק קען דערין זען. ווי עס ווייזט אויס איז פונקט דאָס זעלביקע אמת וועגן אונזער דערציילעריש לעבן.

*) The Novel—What It Is. F. M. Crawford, p. 8.

## קאפיטל IV

# מעשות באַ פּרימיטיווע שבטים

### א. די שוועריקייטן באַם שטודירן מעשות פון פּרימיטיווע שבטים.

די ליטעראַטור וואָס פאַרנעמט זיך מיט באַשרייבן דאָס לעבן פון פּרימיטיווע שבטים איז אומגעהייער גרויס, ברייט און פאַר־שידנאַרטיק. קיין איין וויסנשאַפטלער האָט אפשר ניט אַזאַ רייכן און פאַרטיקן מאַטעריאַל פאַר זיך ווי דער עטנאָלאָג. און דאָס איז קיין וואונדער ניט בעת מיר האָבן אין זינען די פאַרשידענע פאַר־אינטערעסירטע צדדים וואָס האָבן געאַרבעט אויף אָט דעם פעלד. קודם כל זענען געקומען די אַנטדעקער און האָבן פאַרעפנטלאַכט זייערע באַאָבאַכטונגען אין אַפריקע, אויסטראַליע, אַמעריקע, און אומעטום וואוהין זייער נייגיריקייט האָט זיי געטריבן. דערנאָך האָבן מיר די שילדערונגען פון דער גרויסער אַרמיי קריסטלאַכע מיסיאָנערן, וואָס זייערע רעליגיעזע צוועקן האָבן ניט באַוויזן אָפּ־צוטייטן דעם מענטשלאַכן אינטערעס אין די „ווילדע" געצנדינער. אַ חוץ דעם האָבן מיר נאָך אַ צד. ווי זאָגט דער ענגלישער וויץ: גרויס בריטאַניע באַמיט זיך צו פאַרשפרייטן גאָט'ס וואָרט אין די ווילדע לענדער, און אַזוי שנעל ווי די ווילדע נעמען גאָט'ס וואָרט נעמט בריטאַניע די לענדער. און אַז מען נעמט איין לענדער, שיקט מען שוין אַהין פאַרשידענע ציווילע און מיליטערישע באַאַמטע. און די אינטעליגענטערע פון אָט דעם קלאַס — וואָס האָבן נאָר אַ פעדער אין דער האַנט — באַשרייבן וואָס זיי זעען און פאָרשן אויס. צום סוף קומט דער עטנאָלאָג מיט זיין וויסנשאַפטלאַכער אָריענטאַציע, געשולטקייט און פּאָרזיכטיקער באַאָבאַכטונג. אויף אַזאַ אופן איז אויפגעבויט געוואָרן אַ גראַנדיעזער בנין פון אַן עטנאָלאָגישער ליטעראַטור וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט.

אָבער דער פאַקט וואָס דער בנין איז געבויט געוואָרן פון גאַנץ פאַרשידענע מענטשן מיט פאַרשידענע אָריענטאַציעס האָט דעם עטנאָלאָג קיין גרויסע טובה ניט געטאָן. דער אמת איז אַז פון דער קולטור־אַנטראָפּאָלאָגישער געביידע וואָס איז מיט אַזוי פיל מי געבויט געוואָרן אין משך פון צענדליקער יאָרן איז היינט כמעט קיין איין ציגל ניט געבליבן אויף זיין פריער־אָוועקגעלייגטן פּלאַץ. דער מאָדערנער עטנאָלאָג האָט איינגעזען אַז אַלע פריערדיקע טעאָריעס פון פרימיטיוון לעבן, אַלע טעאָריעס וועגן דער פּרימיטיווער פאַמיליע, מיטאָלאָגיע, רעליגיע, פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, קונסט, פּסיכאָלאָגיע, שפּראַך, מיט איין וואָרט אַלע טעאָריעס וועגן פּרימיטיווער קולטור זענען געבויט געוואָרן אויף טעות׳ן, פאַלשע אויסטייטשונגען און אויפ׳ן פאַרלאַנג צו מאַכן קאָמפּליצירטע זאַכן איינפאַך. די עוואָלוציע טעאָריע, למשל, ווי זי איז לכתחילה פאָרמולירט געוואָרן, האָט אָנגעטאָן אַ שיעור צרות.*) יעדער איינער וואָס האָט זיך צוגעקוקט צום פּרימיטיוון לעבן האָט זיך רק געפלייסט צו שאַפן אַ גלייכע לייטער מיט בסדר׳דיקע מדרגות פון אַנטוויקלונג, וואָס זאָל זיין גילטיק פאַר אַלע שבטים אין דער גאַנצער וועלט. עס איז ניט אַזוי געווען קיין אָנשטרענגונג צו פאָרשן דאָס פּרימיטיווע לעבן ווי פעסטצושטעלן אַ טעאָריע, אַז יעדע מענטשלאַכע געזעלשאַפט מוז דורכגיין אַ געוויסע צאָל אַנטוויקלונגס־מדרגות, אין אַ באַשטימטער אָרדנונג, און אַז אָט די אָרדנונג איז די זעלביקע באַ די אינדיאַנער אין אַמעריקע ווי, זאָגן מיר, באַ די בושמענער אין אַפריקע. אויב מיר זעען דאָך אַז עס זענען פאַראַן גרויסע אונטערשידן צווישן שבטים, איז עס בלויז דערפאַר וואָס בעת איין שבט געפינט זיך אויף אַן אָנגענומענער ערשטער מדרגה, געפינען זיך אַנדערע שוין אויף דער דריטער, א. אַ. וו. דאָס ספּעציעלע לעבן פונ׳ם שבט, זיין באַזונדערע

*) Cultural Antropology, A. Goldenweiser, in History and Prospects of the Social Sciences, H. E. Barnes Ed. 221 ff; The Evolution of Intelligence and the Thraldom of Catch-Phrases. G. Elliot Smith, in Problems of Personality, Studies in Honor of Morton Prince, 9, 10.

געשיכטע און די כאראקטעריסטישע איינפלוסן מיט וועלכע ער איז ארומגערינגלט, איז ווייניק וואס גענומען געווארן אין אכט.

א חוץ דעם, און אפשר טאקע צוליב דעם, איז דאס פרי־מיטיווע לעבן שטודירט געווארן פונקטנווייז, לויט דער באזונדער אריענטאציע פונ׳ם פארשער. און ווי זאגט גאם: „דער רעקארד פונ׳ם פרימיטיוון לעבן ווערט צעטיילט אויף קאפיטלען וואס זענען אראנזשירט, ניט אויפ׳ן באדן פון פרימיטיווע אידייען, נאר אויפ׳ן באדן פון ציוויליזירטע אידעען.*) מען צעטיילט, הייסט עס, דאס פרימיטיווע לעבן אויף שורות דרויסנדיקע וועגד־פונקטן, און דאס שאפט א געפאר זיך אין גאנצן אפצופרעמדן פון אלע פאר־בינדונג־פעדים פונ׳ם פרימיטיוון טאג־טעגליכן לעבן, וואס גיבן יעדע דערשיינונג איר זינען און ווערט. דאס איז די גרויסע געפאר פון יעדן אנאליזיר־פראצעס. ווארים ווען מען צעטיילט און צע־פיצלט ווארפט מען שוין דערמיט אליין ארויס די שייכות׳ן וואס האבן פריער געשאפן דאס גאנצע, און ווען מען וויל פון די טיילן צוריק צונויפשטעלן דאס גאנצע, באקומט זיך שוין א גאנץ אנדערע זאך.

די דאזיקע חסרונות ווייזן זיך ארוים זייער בולט ווען מיר ווילן אויספארשן די טבע פון די פילאמיטישע טענדעצן אין דער פרימיטיווער וועלט. אין פלוג קען זיך אויסווייזן אז מיר זענען געוואלטיק רייך אין געזאמלטע מאטעריאלן פונ׳ם פרימיטיוון דערציילער. עס איז דאך פארצייכנט געווארן אזוי פיל מיטאלאגיע און פאלקלאר פון אלע שבטים אין אלע וועלט־טיילן. אבער דא מישט זיך אריין די ספעציעלע אריענטאציע פון די זאמלער, וואס דערלאזט ניט מיר זאלן זיך קענען אין זיי ווי געהעריק פאנאנ־דערקלייבן פון א פילאמיטאלאגישן שטאנדפונקט. ווארים עס דארף פאר אונז קלאר זיין אז דער עטנאלאג איז ניט פאראינטע־רעסירט אין פרימיטיווער טאג־טעגלאכער פילאמיטישער טעטיקייט, נאר אין א מער וויסנשאפטלאכן סארט פון פאלקלאריסטישן מאטעריאל. פאר אים איז וויכטיק די מעשה אויף וויפיל זי דער־

*) Folk-Lore as an Historical Science. Laurence Gomme, 145.

קלערט וואָס דער פּרימיטיווער מענטש ד ע נ ק ט ווענן דעם אורשפּרונג און דער טבע פון זיין וועלט. דאָס וועט אים, דעם עטנאָלאָג, געבן א מעגלאַכקייט צו פאַרגלייכן פּרימי־טיווע טעאָריעס מיט מאָדערנע, און דאָס איז טאַקע דאָס וויכ־טיקסטע וואָס מיר זענען געוואוינט צו זוכן אין פּרימיטיווער מיטאָלאָגיע.

אָט האָבן מיר, למשל, א פיינעם און פּאָרזיכטיקן באריכט פון צענטראַל אויסטראַליער שבטים. ווערט דאָרט אנגעגעבן, באמערקט אז: „ביינאַכט זעצן זיך די מענער, פרויען און קינדער ארום די לאַגער־פייערן, רעדן, זינגען זייערע מאָנאָטאָנע געזאַנגען שעה נאָך שעה, ביז איינער נאָך איינעם פארלאָזן זיי דעם קרייז און גייען אוועק אין זייערע פארשידענע לאַגערן".*) אויב איר זייט פאַרינטערעסירט אין מער איינצלהייטן, איז ניט שווער אויסצוגעפינען. איר קענט געפינען אן איבערזעצונג פון די לידער, איר קענט געפינען באשרייבונגען וועגן דעם אופן פון אוועקזעצן זיך, פון מאכן דאָס פייער, באוועגונגען ארום פייער, פּאָזיציע פון פרויען און מענער, רעליגיעזע מאָמענטן, מיט איין וואָרט, עס איז ניט שווער צו געפינען איינצלהייטן וועגן אַלץ וואָס איז מאָדנע, אנדערש און וואַרפט זיך אין די אויגן. אָבער ווען איר פרעגט אזא פּשוט'ע פראגע, ווי: וועגן וואָס רעדן זיי? וואָסערע מאָמענטן פון זייער געוויינטלאַכן לעבן כאַפּן זיי אויף? ווי אזוי דריקן זיך אוים זייערע קענגזייטיקע באציאונגען ארום אזעלכע טעמעס? וואָס דערציילן זיי זיך איינס ס'אַנדערע בא אזעלכע פּשוט'ע גע־לעגנהייטן? דאָס וואָלט דאָך אונז געווען פיל וויכטיקער צו וויסן איידער די ענטפערס וואָס זיי גיבן אויף די פראגן פון אן עטנאָלאָג, אָדער די מעשיות וואָס זיי דערציילן אים. אָבער וועגן דעם האָבן מיר שוין זייער קאַרגע ידיעות. דער ענטאָלאָג וויים אויסגעצייכנט דעם דאָזיקן פעלער, און ער האַלט שטענדיק אין איין וואָרענען מען זאָל זיין געהיט פון אָננעמען די דערקלערונגען וואָס פּרימיטיווע מענטשן גיבן א ציוויליזירטן פאָרשער. אָבער עס איז לייכט צו פארשטיין ווי שווער עס איז צו קריגן דירעקטע ידיעות פון פּרי־

*) Native Tribes of Central Australia, Spencer and Gillen, 53.

מיטיוון לעבן סיי צוליב שפראך מניעות *) סיי צוליב די ענדערונגען וואס קומען פאר אין פרימיטיוון געמיט מחמת דעם וואס א ווייסער מענטש איז דא דערביי. און גראד נייטיקן מיר זיך דוקא אין אט אזא דירעקטן מאטעריאל בעת מיר ווילן זיך דערגרונטעווען צום פילאמיטישן אויסדרוק אין דער פרימיטיווער געזעלשאפט.

## ב. פילאמיטישע טעטיקייט אין דער פרימיטיווער געזעלשאפט.

אויב דער דירעקטער וועג האט אזעלכע שטרויכלונגען וואס מען קען דערוויל ניט בייקומען, וועלן מיר זיין געצוואונגען זיך צו ווענדן אין דער ריכטונג פון אן אומוועג וואו מיר וועלן, ווי מיר דוכט, קענען צונויפקלייבן מאטעריאל אויף צו באלייכטן אונזער ענין. קודם כל דארף פאר אונז שטיין די פראגע: וואסער פלאץ ווערט אפגעגעבן אין פרימיטיוון לעבן פאר דערציילן מעשות? דאס האט ניט קיין שייכות צו דער רייכקייט פון דער פרימיטיווער מיטאלאגיע, אדער צו איר כאראקטער, נאר פשוט צו דער טעטיקייט פון דערציילן, צו דער צאל געלעגנהייטן בא וועלכע מען דערציילט, צום קלאס מענטשן וואס פארנעמט זיך מיט'ן דערציילן א. א. וו.

פילאמיטיע געפינט איר אויסדרוק אין דער פרימיטיווער נע־זעלשאפט אין דריי ריכטונגען: אין דער פאנטאמינע, אינ'ם ליד, אדער באלאדע, און אין דער מעשה. די פאנטאמינע איז אן אוניווער־סאלע דערשיינונג אין דער גאנצער פרימיטיווער וועלט. אין דער פראגראם פון יעדן יום־טוב'דיקן צוזאמענקום, סיי צוליב רעליגיע צוועקן, סיי צוליב ריין געזעלשאפטלאכע, אויף וויפיל דאס איז מעגלאך אין פרימיטיוון לעבן, איז די פאנטאמינע כמעט א שטענ־דיקער פונקט. די פאנטאמינע האט זיכער א נאענטע שייכות צום טאנץ, אבער זי האט אנטוויקלט אן אייגענע טעכניק און א גאנצ־

*) דר. מאלינאווסקי גיט זייער אן אינטערעסאנטן ביישפיל וואס ווייזט ווי פארפירעריש עס קען זיין אפילו א אידעאלע איבערזעצונג פון א פרימיטיווער שפראך.
The Meaning of Meaning. Ogden and Richards, 457 ff.

קייט, וואָס רעכנט זיך מיט א קלאָרן און באַשטימטן אינהאַלט. די פאַנטאָמינע קען זיין אזא איינפאַכע פאָרשטעלונג ווי פאַנגען א חיה. עטלאַכע מענטשן פאַרשטעלן זיך פאַר חיות, און אַנדערע ווענדן אָן די געוויינטלאַכע מיטלען זיי צו כאַפּן, און אַלץ ענדיקט זיך נאַטירלאַך מיט א פרייליכן סוף. עס קען אויך זיין א פאָר־שטעלונג וואָס איר צוועק איז אָפּצושפּאָטן פונ'ם ווייסן מענטשן,*) א. ד. ג. אין אַזעלכע איינפאַכע פאָרשטעלונגען זעט זיך ארויס די פּילאָמיטישע טענדענץ אין איר פּשוט'סטער פאָרם — א פאַר־לאַנג און א דערגרייכונג. אָבער אפילו אין די מער קאָמפּליצירטע פאַנטאָמינעס בא פאַרשידענע רעליגיעזע געלעגנהייטן און ימים טובים איז די דאָזיקע טענדענץ פאַראַן. אָפּט מאָל זענען אָט די ספּעקטאַקלען אַזוי מאָדנע און פאַרפּלאָנטערט אז עס איז ניט לייכט פאַר אַן אונזעריקן מענטשן צו טרעפן וואָס דאָרט קומט פאָר, און צו פאַרלאָזן זיך אין גאַנצן אויפ'ן פּרימיטיוון אַנטיילנעמער איז אויך ניט קיין זיכערע זאַך, ווי לאָואי באַמערקט גאַנץ ריכטיק.**) ווי אָנזעעוודיק דער רעליגיעזער פאַקטאָר זאָל אָבער ניט זיין אין אַזעלכע פאַלן, איז ער פונדעסטוועגן בלויז איין זייט פון דער מטבעה.

די פאַנטאָמינע איז נאַטירלאַך בלויז צוגעפּאַסט צו די גע־דיכטערע שטריכן פון מענטשלאַכער האַנדלונג, צו די הויפּט מאָ־מענטן פון א זיגזאַג. זי האָט אָבער א באַזונדערע כאַראַקטעריסטיק וואָס איז אָן א שיעור וויכטיק: די זשעסטיקולאַציע, די באַוועגונג. וואָרים די באַוועגונג פון לעבעדיקע באַשעפענישן איז פאַר אונז ניט סתם באַוועגונג, נאָר באַוועגונג וואָס שטאַמט פון א צענטער וואָס שאַפט זי, וואָס איז איר סבה. דער אומגעריכטער בייג, די שיינע, גראַציעזע ליניע אין באַוועגונג, גיט אונז דאָס געפיל אז דער אָרגאַ־ניזם איז דער באַלעבאָס איבער זיין טבע, אז ער באַשטימט דעם כאַראַקטער פון זיינע מאַניפעסטאַציעס, און דערין זעען מיר קודם כל דעם טיפן אונטערשיד צווישן „לעבן“ און „מאַשין“. מען וואָלט אפשר געקענט מיינען אז די פאַטאָמינע איז אַן אויסוועג פון שפּראַך־

*) The Negro Races, Jerome Dowd, Vol. I, 341.
**) Primitive Religion, Robert H. Lowie, 274.

אָרימקייט, אָבער דאָס זעט אויס צו זיין אַ פאַלשע דערקלערונג. די זעלביקע טעאָריע האָט מען אַמאָל פאָרגעלייגט כדי צו דערקלערן די שטאַרקע זשעסטן וואָס פרימיטיווע מענטשן באַנוצן באַם רעדן. אָבער די דאָזיקע טעאָריע האָט שוין איצט זייער ווייניק אָנהענגער.*) אפילו באַ מאָדערנע פעלקער איז נאָך אַלץ אמת אַז „ווערטער, ווען זיי קענען זיך דירעקט ניט פאַרבינדן מיט זשעסטן און זיך ניט שטיצן אויף זיי, זענען דערוויַיל אַ זייער אומפּולקאָמען פאַרקער-מיטל".**) אַ סך ערגער איז אָבער פאַר'ן זשעסט (אַ חוץ אין ספּעציעלע מאָמענטן) ווען איר נעמט פון אים אַוועק דאָס וואָרט.

די פאַנטאָמינע האָט אַ גרויסן ווערט באַ פרימיטיווע מענטשן אויך מסתמא צוליב דעם וואָס יעדער פון די צוקוקער קען פערזענלאַך די אַקטיאָרן, אָדער לכל הפּחות ווייס יעדער אַז די טעטיקייט ווערט דורכגעפירט פון אייגענע מענטשן, און זייער מימיק האָט דעריבער אַ באַזונדערס קלאָרן זינען פאַר'ן גאַנצן שבט. די אַנטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע וואָס האָט געפירט צו אַ גרעסערער אָפּגעשיידטקייט צווישן מענטש און מענטש, האָט נאָר געקענט אויפהאַלטן די פרימיטיווע בינע פאָרשטעלונג דורך צוגעבן שפּראַך, און אויף אַזאַ'ן אופן איז געבוירן געוואָרן די מאָדערנע דראַמע.

ווי אַזוי איז פאָרגעקומען די אַנטוויקלונג פון איצט-אָנגענומענע ליטעראַרישע מוסטערן? וואָס קומט פריער און וואָס שפּעטער? אַ לאַנגע צייט האָט געהערשט די מיינונג, אַז די באַלאַדע איז דער ערשטער ליטעראַרישער אויסדרוק פונ'ם מענטשן. וואַלאַשעק איז דערמיט ניט מסכים. ער האַלט אַז „די היסטאָרישע אָרדענונג פון אַלע צווייגן פון פּאָעזיע, הייבט זיך ניט אָן מיט עפּיק — ווי ס'ווערט אָפט געלערנט — נאָר מיט דער דראַמע. ליריק קומט נאָך דעם און צום סוף קומט עפּיק. דאָס איז די אָרדענונג וואָס דער עטנאָלאָג קען דערזען, דאָס איז אין דער זעלביקער צייט דער איינפאַכסטער און נאַטירלאַכסטער וועג אין דער אַנטוויקלונג פון

*) Native Tribes of South East Australia, Howitt, ch. XI.

**) The Meaning of Meaning, Ogden and Richards, 21.

פּאָעזיע".*) די דאָזיקע וואָס האַלטן פון דער עפּיק ווי די ערשטע ליטעראַרישע פאָרם שטעלן זיך אָפּ דערויף וואָס לכתחילה איז די שאַפונג געווען א צוזאַמענדיקע און א ספּאָנטאַנע, און האָט דעריבער קיין לירִיק ניט געקענט זיין, ווייל לירִיק איז שוין מחייב אַן אינ־דיווידועלן קינסטלער. לואיז פּאָונד איז שטאַרק ניט צופרידן מיט אזא שטאַנדפּונקט און ברענגט א סך ביישפּילן צו דערווייזן אַז אפילו בא די סאַמע פּרימיטיווע שבטים איז שוין פאַראַן אזא זאַך ווי אינדיווידועלע ליטעראַרישע קאָמפּאָזיציע.**)

די דאָזיקע דיסקוסיעס באווייזן בלויז די מענטשלאַכע מאָניס־טישע ליידנשאַפט וואָס די עוואָלוציע טעאָריע האָט איר געגעבן אזא שטאַרקן שטויס. עס איז טאַקע זייער אַנגענעם צו דערפירן דערשיינונגען צו איין איינציקן דרויסנדיקן וועגד־פּונקט, דערקלערן אים פאַר'ן אורשפּרונג, און צווינגען אים צו שפּילן די פּאַטער ראָלע. בנוגע פּאָעזיע און פּראָזע איז נאָך ביז איצט אָנגענומען, אַז דער אורשפּרונג געהערט צו פּאָעזיע. דאָס קומט זיכער פון דער ספּע־ציעלער חשיבות וואָס פּאָעזיע האָט באַקומען אין אונזערע אויגן א דאַנק דער גריכיש־לאַטיינישער טראַדיציע. אפילו די עטנאָגראַפן וואָס האָבן זיך נאַטירלאַך געפונען אונטער'ן דרוק פון אָט דער טראַדיציע, האָבן מער אויפמערקזאמקייט געשאָנקען דער פּאָעזיע. אַ חוץ דעם פאַרגעסט מען אַז „אין די אַלטע צייטן איז די בלויזע קונסט פון שרייבן געווען צו שווער און חשוב, אַז מען זאָל זי באַנוצן אויף פּראָזע, און אפילו די געזעצן פון הויפּט געזעץ-געבער זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין פערזן... אין די שפּעטערדיקע פּעריאָדן פון גריכנלאַנד... וואָלטן געניאַלע מענטשן מיט פאַראַכטונג זיך אָפּגעזאָגט צו שרייבן אַ פּשוט'ע פאַמיליע מעשה אין פּראָזע".***) ווער ווייס וויפיל דאָס האָט געווירקט אויף גרים'ס טעאָריע אַז די אורשפּרינגלאַכע פאָרם פון שפּראַך בכלל איז פּאָעזיע, ניט פּראָזע.

דער אמת איז אַז פּאָעזיע און פּראָזע, דראַמע און עפּיק, לירִיק און באַלאַדע, אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלאַכע שאַפונג, אַלץ

*) Primitive Music, 215.
**) Poetic Origins and the Ballad, 4—27.
***) History of Prose Fiction, Dunlop, 9.

געפינט מען באַ אַלע שבטים ווי פּרימיטיוו אָדער קולטורעל זיי זאָלן ניט זיין. אמת, לירִיק ציט איר יניקה ניט אַזוי ווייט פון פילאָ־מיטישן, ווי פון רעליגיעזן קוואַל. לירִיק איז אַ תפילה אָדער אַ פּראָטעסט, דריקט אויס אונטערטעניקייט אָדער רעוואָלט, און שטאַמט דריבער פון דער ספּערע פון רעליגיעזע טענדענצן. לירִיק איז אַפּהענגיק אָן דער אָביעקטיווירונג פון איבערלעבונגען וואָס ווערן פאַרקערפּערט אין אַ העכסטן דרויסנדיקן ווענד־פּונקט, אַ גאָט, אָדער — לויט מאַטיו אַרנאָלדס דעפיניציע — „אַ כח וואָס פירט צו גערעכטיקייט“. לירִיק האָט נאָר אַ הויך פון פילאָמיטיע אויף וויפיל זי נעמט אריין אין זיך דעם מאָמענט פון דערציילן. כאָטש דער „הערער“ איז דעמאָלט דאָס געפיל וואָס איז אָביעקטי־ווירט און פאַרקערפּערט געוואָרען אין אַ העכסטן דרויסנדיקן סימבאָל.

אָבער עס איז פּונקט אַזוי מעגלאַך זיך פאָרצושטעלן אַ מענטש־לאַך צוזאַמענלעבן אָן לירִיק ווי פּרימיטיווע מענטשן אָן רעליגיע. עס איז גאַנץ לייכט איינצוזען ווי פון טאַנץ ווערט דראַמע, פון דער דראַמע — לירִיק, עפּיק, מעשה, א. א. וו. אָבער איר קענט פּונקט אַזוי גוט אָנהייבן פון לירִיק, אָדער פון פּראָזע, אויב עס איז פאַראַן אַ שטאַרקער חשק צו געפינען דעם איינציקן אָנהייב, מיטן און סוף, און דאָרט איז פּונקט אַזוי פיל גערעכט ווען ער מאַכט די דראַמע פאַר'ן אורשפּרונג ווי גראָסע וואָס הייבט אָן מיט'ן טאַנץ.*) עס וואָלט אַ סך פּרוכטבאַרער געווען צו פאַרשטיין אַנטוויקלונג אינ'ם זין פון העכערע, רייכערע און פילזייטיקערע דערגרייכונגען פון יעדער ליטעראַטור צווייג, איידער צו זוכן אַ כסדר'דיקע לייטער, וואָס הייבט זיך אָן פון איין איינציקן פּונקט. דראַמע, ליד און מעשה זענען אָן אוניווערסאַלע דערשיינונג אין דער גאַנצער פּרי־מיטיווער וועלט, און עס מאַכט ניט אויס וואָס מען זאָל אוועקשטעלן פאַר'ן אורשפּרונג, קיין איינע פון אַזעלכע השערות האָט דערוויַיל ניט אויף וואָס זיך צו שטיצן.

דאָס דערציילן מעשות, אַ חוץ דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, פאַרנעמט אויך זייער אַ וויכטיקן פּלאַץ איבער דער גאַנצער לענג

*) Dowd, Vol I, 333, 334.

און ברייט פון פרימיטיוון לעבן. וועגן די עסקימאָסן דערציילט נאַנסען אַז יעדן אָוונט פאַרנעמען זיי זיך מיט דערציילן מעשות. וויכטיקע פאַסירונגען פון פאַרגאַנגענעם לעבן ציען זיך פאַרביי די אויפמערקזאַמע צוהערער, און דאָס האָט אַ באַזונדערס גוטע ווירקונג אויף דער יוגנט. *) וועגן די אינדיאַנער דערציילט אַן אַנדער שרייבער אַז „ווינטער איז די צייט צו דערציילן מעשות. דעמאָלט, בײַ נאַכט, ווען איך קום אויף באַזוך צו אַ שכן, טרעף איך געוויינטלאַך אין גאַסט־צימער פון׳ם גרויסן הויז אַ גרופּע זקנים און זייער יונגע קינדער, פאַרזאַמלט אינ׳ם מאָדנעם וויינקעלע אַרום פייער מיט זיינע שטענדיקע פלאַקערנדיקע שטעקלאַך. זיי זענען אויך געקומען אַהער אויף באַזוך. די יונגע לייט פאַרזאַמלען זיך אין אַן אַנדער ווינקל פאַר זיך אַליין, און רעדן שטילערהייט כדי זיי זאָלן ניט שטערן די עלטערע... מען פאָדערט ניט זיי זאָלן הערן די מעשות, ווייל זיי דאַרפן זיי שוין וויסן פון פריער“. **) וואָרים עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פרימיטיווע שבטים, אַז אפילו קליינע קינדער זענען לחלוטין ניט הינטערשטעליק אין זייערע ידיעות, כאָטש זיי האָבן ניט קיין ספּעציעלע אינסטיטוציעס פון דעם סאָרט ווי עס זענען אונזערע שולן. בנוגע דעם טראַדיציאָנעלן לאָר פון דער גרופּע, וואו מעשות שפּילן נאַטירלאַך אַ גרויסע ראָלע, איז אַ היפּשע טייל דערפון באַקאַנט צו קינדער אפילו פון אַכט־ניין יאָר.***) די מעשות זענען אַזאַ נאַטירלאַכע טייל פון׳ם לעבן, זיי ווערן אַזוי אָפט און אויף אַזאַ׳ן אופן דערציילט אַז ס׳איז גאָרניט נייטיק צו מאַכן ספּעציעלע אָנשטרענגונגען אַז די קינדער זאָלן אין זיך איינזאַפּן די גאַנצע גייסטיקע אייגנאַרטיקייט פון דער גרופּע וואו זיי וואַקסן אויס. „אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, באַמערקט ריגס, ווען דאָס פייער ברענט העל אין צענטער פון געצעלט, און די מאַנסבילן קומען זיך צוזאַמען רייכערן, הערט עס (דאָס קינד) דעם פאָלק־לאָר און די לעגענדעס פון זיין פאָלק פון די ליפּן פון די עלטערע. עס לערנט זיך אויס

*) Eskimo Life. F. Nansen, 73.

**) The Man Who Married the Moon. C. F. Lummis, 8, 9.

***) Early Civilization. A. A. Goldenweiser, 256.

זינגען ליבע לידער און מלחמה לידער פון די פאַרגאַנגענע דרות.*) איסטמאַן, אַליין אַן אינדיאַנער, גיט איבער אַז די מעשה איז אפילו גאַנץ באַוואוסטזיניק אויפגעפאַסט געוואָרן ווי אַ בילדונגס־מיטל: „זייער פּרי האָט דאָס אינדיאַנער אינגל גענומען אויף זיך אויפצו־האַלטן און איבערצוגעבן די לעגענדעס פון זיינע אבות און זיין ראַסע. כמעט יעדן אָוונט האָט עמיצער פון די עלטערן אָדער אור־עלטערן דערציילט אַ מיטאָס אָדער אַן אמת'ע מעשה, וואָס דאָס אינגל האָט אויסגעהערט מיט צעשפּרייטע ליפּן און בלישטשענדיקע אויגן. צומאָרגענס, אין אָוונט, האָט מען געוויינטלאַך פאַרלאַנגט ער זאָל איבערדערציילן. אויב ער איז ניט געווען קיין פייאיקער תלמיד, האָט ער זיך לאַנג אָנגעשטרענגט באַ זיין ארבעט. אָבער בכלל איז דאָס אינדיאַנער אינגל אַ גוטער הערער, און האָט אַ גוטן זכרון אַזוי אַז ער האָט די מעשות נישקשה'דיק געדענקט. די פאַ־מיליע איז געוואָרן זיין פּובליקום וואָס האָט אים אַמאָל קריטיקירט און אַמאָל אַפּלאָדירט".**) דאָס איז אייגנטלאַך שוין אַ העכערע מדרגה וואו די פּילאָמיטישע נייגונג ווערט באַוואוסטזיניק איינגע־שפּאַנט צו טאָן „פּרעמדע ארבעט", און איז ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן פּרימיטיוון לעבן.

די אינדיאַנער, פּונקט ווי די מזרח פעלקער, האָבן געהאַט ספּעציעלע מעשה דערציילער, וואָס זייער איינציקע עובדא איז געווען צו דערפרייען די הערצער מיט שיינע מעשות. אַז אַזעלכע מענטשן זאָלן אַליין ווערן פאַרשענערן די מעשות וואָס זיי דער־ציילן איז זעלבסט פאַרשטענדלאַך. אַזוי ווייזט אָן קנאָרץ: „אַז דעם באַגאַבטן אינדיאַנער וואָס האָט הנאה צו דערציילן זיינע מענאַשובאָ-מעשות פאַר אַ נייגיריק פּובליקום און ער באַצירט זיי מיט נייע הוספות פון זיין אייגענער דיכטונג, רופט מען אַ פאַרבער, אָדער אַ מענטש וואָס גיט זאַכן אַן אנדער פּנים".***) טשעמבער־לעין ציטירט פון פּאַורס'ן אַז „צווישן קאַליפאָרניער שבטים באַגע־

*) The Child and Childhood in Folk Thought. Alexander F. Chamberlain, 198.

**) Indian Boyhood, Charles A. Eastman.

***) Amerikanische Skizzen, Karl Knortz, 294.

נענען מיר דעם מאַן־פרוי. צווישן די יוקי צ. ב. ש. זענען געווען מענער, געקליידט און געהאַנדלט ווי פרויען, און זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען מיט די קינדער דורך דערציילן לעגענדעס און מאָראַלע מעשות. א טייל פון די דאָזיקע לייט פלעגן זיך אָפּשליסן אין פאַר־זאַמלונג־פּלאַץ אויף א חודש, מיט קורצע איבעררייסונגען, לעבנדיק דאָס לעבן פון א נזיר, און אָפּגעבנדיק די גאַנצע צייט אויף איבער־דערציילן די געשיכטע פונ׳ם שבט אין א מאָנאָטאָנעם קלינג־קלאַנג, פאַר אַלע וואָס האָבן געוואָלט הערן״.*) לויט קלאַרק׳ן זענען בא געוויסע שבטים פאַראַן שטענדיקע מעשה־דערציילער, ד. ה. אז דערציילן מעשות איז בא יענע שבטים אַן אָנערקענטע געזעלשאַפט־לאַכע אינסטיטוציע, וואָס פאָדערט ספּעציעלע מענטשן צו פאַר־טרעטן דעם אמט. דאָס זענען „מענטשן וואָס האָבן אוועקגעגעבן א גרויסע טייל פון זייער צייט צו לערנען מיטאָס׳ן און מעשות פון זייער פאָלק, און וואָס האָבן, א חוץ א גוטן זכרון, א לעבעדיקע פאַנטאַזיע. די מוטער שיקט נאָך איינעם פון די דאָזיקע, גרייט פאַר אים צו א סעודה, און זי, צוזאַמען מיט אירע קליינע חברה־לייט, וואָס ליגן איינגעקאָרטשעט לעבן איר, וואַרטן אויף די צויבער־מעשות פונ׳ם טרוימער, וועלכער, נאָכ׳ן עסן און רייכערן, אונטער־האַלט זיי שעה׳ן לאַנג. א סך פון די פאַנטאַסטישע סקיצן אָדער חזיונות זענען אינטערעסאַנט און שיין אין זייער רייכער בילד־לאַכקייט״.**) אויך צווישן אפריקאַנער שבטים געפינען מיר אזעל־כע פערזענלאַכקייטן. ווי עלים גיט איבער „האָבן זיי פּראָפעסיאָ־נעלע מעשה־דערציילער וואָס וואַנדערן אַרום פון איין אָרט צום צווייטן און גיבן איבער א סך פאַנטאַסטישע דערפאַרונגען צווישן מענטשן און חיות. עס זענען אויך דאָרט פאַראַן דערציילער פון נאַציאָנאַלע טראַדיציעס. זיי זענען פאַרבינדן מיט יעדן קעניג אָדער הויפטמאַן און שפּילן די ראָלע פון רעזערוואואַרן פון אַלטע כראָניקעס״.***) אפילו בא אייראָפּייאישע פעלקער געפינען מיר

---

*) Chamberlain, l. c. 205.

**) The Indian Sign Language, N. P. Klark, 109.

***) J. Dowd, l. c. 344.

פאַלן ווען דאָס דערציילן מעשות ווערט דורכגעפירט אויף אַ באַ־וואוסטזיניקן, אָרגאַניזירטן און געזעלשאַפטלאַכן אופן. *)

באַ די פּועבלאָ אינדיאַנער זענען קיין ספּעציעלע מעשה־דער־ציילער ניטאָ, דאָך ווערט אָבער די דאָזיקע טעטיקייט בשום ניט איגנאָרירט. „די זיידעס פון׳ם דאָרף זענען די מעשה־דערציילער, די פּרימיטיווע לערער און היסטאָריקער פון׳ם שבט. אין די אָוונטן ווען די פייערן טליען און דאָס ענגע צימער איז קוים באַלויכטן, איז די בעסטע צייט איבערצו׳חזר׳ן די דאָזיקע מעשות. און די פייער־לאַכע האַלב־מעלאָדישקייט מיט וועלכער זיי ווערן דערציילט, צו־זאַמען מיט די שטאַרקע זשעסטיקולאַציעס וואָס ווערן דערביי גע־מאַכט, גיבן זיי צו אַ כשוף׳דיק דראַמאַטישן עפעקט״.**) באַ די דאָזיקע אינדיאַנער זענען פאַראַן דערקלערונגען פאַר יעדער קלייני־קייט פון זייער לעבן, און אָט די דערקלערונגען זענען מעשות, פילאָסאָפישע בנינים, וואָס נעמען אַרום זייער גאַנצע ווירקלאַכקייט.

בעת מיר באַקענען זיך מיט׳ן פּרימיטיוון פאָלקלאָר באַקומען מיר אָפט דעם איינדרוק אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן אַ באַזונדערע נייגונג זיך צו פאַרנעמען מיט ניט געשטויגענע, ניט געפלויגענע מעשות פון געטער, האַלב־געטער און ענלאַכע פאַנטאַסטישע באַ־שעפענישן. מיר זעען דערין עפּעס אַ ווילדן פאַרלאַנג צו שפּינען וועלטן פון אומזין, נאַרישקייט און הוילע איינרעדענישן. און אַפילו דאָרט וואו מיר זעען שוין איין די פולע ערנסטקייט פון׳ם מיטאָס זענען מיר נאָך אַלץ גענייגט דאָרט צו געפינען בלויז געדאַנקען, געפילן, אָבער ניט קיין קאָנקרעטע שייכות׳ן מיט דער דרויסנדיקער ווירקלאַכקייט. ווי זאָגט גאָם: „אַלץ האָט מען געקירעוועט אין דער מיטישער זייט. פאָלק־מעשות, האָט מען גערעכנט, זענען אין גאַנצן דאָס אייגנטום פון׳ם מיטאָלאָג, און די וואָס האָבן גע׳טענה׳ט אַז זיי באַזירן זיך אויף די פאַקטן פון ווירקלאַכן לעבן, צו זיי האָט מען זיך זעלטן צוגעהערט״.***) און דאָך איז פּרימיטיווער פאָלק־

*) L. Gomme, l. c. 149.

**) The Education of the Pueblo Child, F. C. Spencer, Columbia Univ. Contributions to Phil. Psych. & Educ. Vol. 7, No. 1. Oct. 1899, 80.

***) L. Gomme, l. c. 128.

לאַר פונקט אזוי אן אָפּשפּיגלונג פון אמת'ער געשיכטע, פון ווירק־לאַכע איבערלעבונגען סיי פון יחידים, סיי פון גאַנצע גרופּעס, ווי א פאָרמולירונג פון פארלאַנגען און טרוימען. און אפילו דאָרט וואו מיר זעען בלויז הוילן אבערגלויבן, דארף מען אין זינען האָבן, אז אָט די פאַנטאַסטישע געוועבן זענען פאר זיי א סך מער ווירק־לאַכקייט, א סך מער „דרויסנדיקער" אמת, ווי זיי זעען אויס פאר אונז. דער עצם בליק וואָס שאַפט אזא וואָרט ווי „אבערגלויבן" איז דאָך אונזערער, ניט זייערער, און דאָרט וואו מיר זעען פּראָ־דוקטן פון דער פאַנטאַזיע, זעט דער פרימיטיווער מענטש א ווירק־לאַכקייט, אן אמת'ן „אמאָל איז געווען". א חוץ דעם פילן מיר אָפט אזא מאָדנעקייט, אזא ווייטקייט אין דער פרימיטיווער מעשה, צוליב דעם וואָס די קאָנקרעטע ריכטונג פון זייערע זיגזאַגן איז אן אנדערע, א פרעמדע פאר אונז, און מיר קענען ניט כאַפּן די שייכות'ן וואָס זענען פאר'ן פרימיטיוון מענטשן גאַנץ קלאָר.

לאָמיר נעמען, ווי א ביישפּיל, די מעשות וועגן חיות, די „טיר־פאַבעל", אויף וועלכע וואונט שטעלט זיך אזוי פיל אָפּ.*) אָט די מעשות בילדן אן אומגעהייער גרויסע טייל פון דער גאַנצער פרימי־טיווער פאָלקלאָריסטישער שאַפונג. בא אונז איז אויך פאַראַן נענוג פאַראינטערעסירטקייט אין אזעלכע מעשות, אָבער בלויז אין די קינדער יאָרן. שפּעטער ווערט דער דאָזיקער אינטערעס אָפּגע־שוואַכט, ווייל ווי גרויס איז דען אונזער שייכות מיט חיות ? חיות זענען פאר אונז אייגנטלאך געוואָרן אויסשטעלונגען אין זאָאָלאָ־גישן גאָרטן. מיר לויפן אויף „בייז וואונדער" זיי צו זען. זיי ליגן ניט דירעקט אויף די ליניעס פון אונזערע זיגזאַגן, ממילא זענען זיי פאר אונז אי פרעמדקייט אי נייאיקייט. דאָס מאָדערנע לעבן שטעלט אונז אוועק אין אזא לאַגע אז מיר פארגעסן גאָר אז חיות זענען ניט סתם אזוי זיך זאכן אין דער וועלט, זיי זענען קודם כל לעבעדיקע באַשעפעניש און זענען אונז א סך נענטער ווי עס קען זיך אויסדרוכטן אויפן ערשטן בליק.

די גאַנצע מענטשלאַכע געשיכטע איז דורך און דורך פאַר־בונדען מיט'ן לעבן פון חיות. שוין צענדליקער טויזנטער יאָרן

*) Volkerpsychologie, Bd III, Die Kunst, 415—19.

זינט דער מענטש האט געצאמט די ווילדע חיה, און דאס וואס איז פריער באטראכט געווארן בלויז ווי א מיטל צו זעטיקן דעם הונגעריקן מאגן, איז איצט געווארן א שטענדיקער ארויסהעלפער אין לעבן, א שפייזער און א פריינט. פערד, קו, אייזל, קעמל, אקס, הונט, און א סך אנדערע באשעפענישן, זענען שוין אזוי לאנג פארבונדן מיט די טראגישע, דראמאטישע און קאמישע שטריכן פון מענטשלאכן מזל, זענען אזוי טיף ארייננעפלאכטן געווארן אין דער זיגזאג־שפיל פון לעבן, אז עס איז גאר קיין חידוש ניט וואס זייער אנדערשקייט פונ׳ם מענטשן זאל ארויסרופן דעם טיפסטן וואונדער און, די גרעסטע אנשטרענגונג זיי צו פארשטיין. אין די אנטדעקטע צייכענונגען פונ׳ם מענטשן פון דער פאלעאליטישער צייט זעט מען ניט, אז ער זאל האבן געשאנקן אויפמערקזאמקייט צו אלע זייטן פון דער נאטור, א חוץ צו חיות און מענטשן.

דער פרימיטיווער מענטש שטייט אזוי נאענט צו דער חיה, אז זי איז פאקטיש א טייל פון זיין לעבן. ער זעט ווי זי איז כמעט מענטשלאך אין אירע וויכטיקסטע פיזיאלאגישע פונקציעס, ווי אטעמען און עסן; זי האט בלוט אין זיך, באוועגט זיך לויט איר פרייען ווילן, אדער אינוויניקסטער טבע, אבער אן שום דרויסנדיקער סבה. זי שלאפט און מאכט אפילו דעם איינדרוק, אז זי האט חלומות, זי לעבט געשלעכטלאך און אָרדנט איין פאמיליעס, זי ווייזט ארויס אזעלכע געפילן ווי מורא, בראווקייט, פחדנות, גאוה, שפארזאמקייט, געטריישאפט, תאוה, זי איז ארבייטזאם, און ווייזט ארויס ריזיקע פיזישע כחות. דאס אלץ איז דאך אייגנטלאך בלויז ווי א טראפן אין ים לגבי דער גאנצער ליסטע פון „מענטשלאכקייטן" און „איבער־מענטשלאכקייטן", וואס דער פרימיטיווער מענטש קען זען אין דער חיה.

די פונקציעס וואס גייען אריין אין דער פסיכאלאגיע פון דערציילן וואלטן זיך אין דער פרימיטיווער וועלט באין אופן ניט געקענט אויסשעפן ווען די חיה, אט די מאדנע, נאענט־פרעמדע באשעפעניש, אט די אפענע־פארבארגענע בריאה, זאל ניט שפילן איר וויכטיקע ראלע אין דער מעשה. די חיה ווי א טאטעם, ווי א הייליקייט, ווי א רעליגיעזער ענין, ווי א דערקלערונג פון גע־

היימע זאַכן, ווי אַן אורשפּרונג פון אַ שבט און פון אַן איינצעל־נעם, די חיה ווי אַ הילף און אַ שטערונג, ווי אַ פריינט און אַ לערער, — דאָס אַלץ איז אַ ווירקלאַכקייט אין דער פּרימיטיווער וועלט, און ווערט דערהויבן אין דער מעשה צו אַ כאַראַקטע־ריסטישער גאַנצקייט, וואָס האָט איר באַזונדערן ווערט אין לעבן. בלויז מיר זעען אין אַזעלכע מעשות אַ משל וואו דער נמשל איז דער מענטש. און דער דאָזיקער משל וואָלט פאַר אונז אויך קיין ווערט ניט געהאַט, ווען מיר אַליין וואָלטן ניט געהאַט די טענ־דענץ אויפצופאַסן דאָס לעבן פון חיות אַנטראָפּאָמאָרפיש, ד. ה. אַז אַפילו פאַר אונז איז דאָרט פאַראַן ניט בלויז אַ משל. פאַר'ן פרימיטיוון מענטשן איז די דאָזיקע מעשה אי משל אי נמשל, פונקט ווי יעדע מעשה איז פאַר אונז, אַ סינטעטישע משל־נמשל־שפּיל וואָס פירט דורך אַ ספּעציעלע עובדא.

פון דעסטוועגן ווען מיר וואָלטן געהאַט מער ידיעות איבער דער גאַנצער פּרימיטיווער דערציילערישער טעטיקייט, וואָלטן מיר בלי ספק איינגעזען, אַז זי נעמט אַרום אפילו אַזאַ מאַטעריאַל, וואָס איז אויך פיל נעענטער צו אונז, און שטעלט מיט זיך פאָר אַ קלאָרערן טיפּ פונ'ם פילאָמיטישן אויסדרוק. דער דאָזיקער אויסדרוק, כאָטש ער געפינט זיך ניט אויף דער רייפקייט־מדרגה פון אַ מאָדערנעם מענשן, ווייזט ער אָבער שוין אַרויס בולטע סמנים פון די כאַראַקטערשטריכן וואָס גייען אַריין אין דער פּסיכאָ־לאָגיע פון דערציילן. עס איז גענוג צו זען דעם גרויסן מעשה רע־פּערטואַר ביי וועסטערמאַנ'ען *) אָדער די באַאַרבעטונגען פון קאָלומ'ען **) כדי זיך איבערצוצייגן אַז אומעטום זוכט דער פילאָמיטישער מאָמענט אַרויסצוברענגען די ספּעציעלע שייכות־סיסטעם און דעם איינגאַרטיקן סינטעז, וואָס רופט זיך מעשה. בלויז די נעמען פון די מעשות ביי וועסטערמאַנ'ען זענען גענוג צו באַקומען אַזאַ'ן איינדרוק. וואָרים אַזעלכע נעמען ווי דער „הונט און דער פוקס", „דאָס קעמל און דאָס אייזל", „מלחמה", „דער ליגנער", „דאָס מיידל און דער הונט", „דער קראָקאָדיל יע־

---

*) The Shilluk People. Dietrich Westermann, 1912.

**) The Bright Islands. Faradaic Colum, 1925.

גער", „דאָס לאַנד װאו דער טויט איז ניטאָ", א. אַז. װ. אזעלכע נע־
מען װײַזן אָן אַז די פּרימיטיװע װעלט קען פילאָמיטיש שטײגן װײַט
אַריבער די גרענעצן פון שטרענג לאָקאַלער מיטאָלאָגיע. אַ סך
פון אָט די מעשות װעגן חיות האָבן אַ בולטן מאָראַלן טאָן,
כאָטש פאַר דעם פּרימיטיװן צוהערער איז אפשר די מאָראַלע
כונה ניט אַזױ אָפן, װי זי זעען אױס פאַר אונז. און ממילא איז
דער פילאָמיטישער װערט דערמיט גרעסער. קײן כלל איז דאָס
אָבער ניט. נאָר װען דאָוד זאָגט, רעדנדיק װעגן געװיסע נעגרישע
שבטים, אַז זײער רעפּערטואַר פון פאָלק־מעשות איז זײער רײַך,
„זײ האָבן אָבער ניט קײן באַזונדער זינען אָדער מאָראַל"*) װען
מיר הערן אַזעלכע רײד װעגן פאָלק־מעשות, מעגן מיר זײַן זיכער,
אַז דער שרײַבער האָט זײער אַ באַגרענעצטע אױפפאַסונג סײ װעגן
די פּסיכיש|ע כחות װאָס װירקן אױף דער שאַפונג פון מעשות, סײ
װעגן די נויטװענדיקע שײַכות'ן װאָס זענען פאַראַן אין יעדער
מעשה. אַ מעשה אָן אַ זינען אָדער מאָראַל איז אַן אינװײניקסטע
סתירה, פּונקט װי מען זאָל זאָגן טרוקן װאַסער, אָדער אַ נשמה אָן
אַ גײַסט. עס קען זײַן אַז דער שרײַבער האָט דאָ אין זינען מעשות
מיט אַן אָפענעם, פּראָפּאַגאַנדע-אַרטיקן, מוסר השכל, אָבער דאָס
איז דאָך אַ לעכערלעכער באַגריף פון מאָראַלע מעשות.

דאָ זעט זיך װידער אַרױס די פאַרפירטקײט פון'ם עװאָלו־
ציאָניסט. עס לײגט זיך לײַכט אױפ'ן שכל, לױט דער טעאָריע,
אַז די מאָראַלע מעשה איז אַ שפּעטערדיקע אַנטװיקלונג און אַז
אורשפּרינגלאַך האָט די מעשה קײן שום מאָראַלן אינהאַלט ניט
געהאַט. עס קומט אױס אַזױ װי אַמאָל האָבן מענטשן סתם אַזױ
„געדרײט אַ קאָפּ" מיט פאַרשידענע אױסגעטראַכטע פּאַסירונג־
קאָמבינאַציעס. און פון אָט דער אומזיניקער סתם־קאָפּ־דרײעניש
איז שפּעטער אַרױסגעװאַקסן די מאָראַלע מעשה. אַזאַ השערה איז
פאַרשטײט זיך מחייב אַ כסדר'דיקע לײטער װאָס פירט פון דער
סתם־מעשה צו דער מאָראַלער מעשה. די דערמאָנטע נעגרישע
שבטים, הײסט עס, האַלטן נאָך, לױט דאָוד'ן, אױף דער מדרגה
פון דער סתם־מעשה.

*) Dowd, l. c. 336.

כדי עס זאָל פאַר אונז זיין קלאָר וואָס דאָוד רופט אָן מעשות און מאַראַל, וועל איך איבערגעבן אַ מעשה וואָס איז פאַרשפּרייט אין יענער געגנט. איך נעם זי פון איינעם פון די קוועלן אויף וועלכע דאָוד שטיצט זיך.*)

אמאָל האָבן אַ קראָ און אַ גייער (אַ קאַרשון, אַזאַ רויב־פויגל) געדינט ביי איין באַלאַבאָס. האָט ער זיי געשיקט אין מאַרק אַריין עפּעס קויפן. אַזוי ווי זיי זענען געפלויגן, האָט דער גייער דער־זען פון דער ווייטנס צוויי קעסטעלאַך, איינס איז געווען זייער שיין געמאַכט, מיט פאַרשידענע אָרנאַמענטאַציעס באַצירט, בעת דאָס אַנדערע איז געווען אַ פּראָסט הילצערן קעסטל. אַזוי ווי דער גייער האָט דערזען די דאָזיקע זאַכן האָט ער זיך שנעל אַראָפּגעלאָזן און געכאַפּט דאָס שיינע קעסטל, אַזוי אַז פאַר דער קראָ איז בלויז געבליבן צו נעמען דאָס פּראָסטע הילצערנע קעסטל. די קראָ האָט זיך לכתחילה אביסל געקרימט און מקנה געווען איר גליקלאַכן חבר, אָבער דער גייער האָט איר גלייך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זי האָט באַקומען וואָס זי פאַרדינט און זי דאַרף זיך גאָר ניט באַקלאָגן. דאָס האָט דער גייער געזאָגט אויף אַ שטעכיקן אופן, אָבער די קראָ האָט געדולדיק אַראָפּגעשלונגען די באַליידי־קונג און ווייטער געפלויגן.

דערווייל האָבןביידע גענומען עפענען די קעסטלאַך, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי. צו זיין גרויס וואונדער האָט דער גייער געפונען אין זיין אָרנאַמענטירטן קעסטל בלויז שמאַ־טעס, מיסט און אָפּפאַל, בעת אינ׳ם הילצערנעם קעסטל איז גע־לעגן אַ גרויס שטיק גלאַנציק זייד און אַ ווייסער זיידענער פּאַס. פאַרשטייט זיך אַז דער גייער האָט גלייך געוואָלט זיך בייטן, אָבער די קראָ האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, און פאַרגעלייגט זיך צו פאַרלאָזן אויפ׳ן פּסק פון ריכטער. דערויף האָט דער גייער מסכים געווען. אַזוי רעדנדיק צווישן זיך זענען זיי אָנגעקומען אין מאַרק. זיי האָבן צוזאַמענגערופן די אַלטע לייט פון דאָרף און פאַרגעלייגט זייערע טענות. ווען די אַלטע לייט האָבן אויסגעהערט

*) Travels and Life in Ashanti and Yaman, R. Austin Freeman, 284.

ביידע צדדים האבן זיי גע'פסק'נט אז די קרא איז גערעכט: אויב דער גייער האט פריער דוקא געוואלט דאס שיינע קעסטל זאל ער זיך איצט האלטן דערמיט.

דעם גייער האט דער דאזיקער פסק דין זייער נישט גע־שמעקט און ביידע פייגל זענען איינגעגאנגען דערויף, אז מען זאל די טענות נאך אמאל פארלייגן פאר זייער באלאבאס, און וואס ער וועט הייסן אזוי זאל בלייבן. האבן זיי גענומען די שפיין וואס זיי האבן איינגעהאנדלט און געפלויגן א היים.

ווען זיי זענען געקומען אהיים האבן זיי דערציילט דעם באלע־באס וועגן זייער סכסוך, אבער דער באלאבאס האט ווידער גע'־פסק'נט אז די קרא איז גערעכט. און די מעשה ענדיקט זיך אזוי: „און ביז'ן היינטיקן טאג גייט די קרא אנגעטאן אין זיידענע קליידער און טראגט אויף איר ברוסט א שניי־ווייסן פאס, בעת דער גייער גייט ארום אין שמאטעס, און פארברענגט זיין לעבן אין מיסט און אפפאל." מיר דארפן דערביי געדענקען אז די געוויינטלאכע קרא פון יענער געגנט (מערב אפריקא) האט גלאנ־ציק שווארצע פעדערן און א ברייטן ווייסן פאס אויף דער ברוסט.

צו פרובירן דערווייזן אז די דאזיקע מעשה האט א גרויסן מאראלן ווערט הייסט זיך רייסן אין אן אפענער טיר, און איז איבעריק. דאס זעלביקע איז אמת וועגן אלע אנדערע מעשות.*)

באנוויק דערציילט א מעשה וואס ער האט אויפגעכאפט אין טאסמאניע — איינס פון די פרימיטיווסטע געגענטן אין אויסט־ראליען — וועלכע האט אין זיך אזוי פיל נאענטקייט צו אונז, אזוי פיל מאדערנקייט, שיר ניט אן אמת'ער היינטיקער ראמאן.**) דאס איז א דערציילונג פונ'ם ריינעם מענטשלאכן לעבן, כמעט אן שום צומישונג פון מיטישע אדער פאבעל עלעמענטן. עס איז בלויז א שאד וואס די מעשה איז אפילו ניט קיין איבערזעצונג,

---

וועגען דעם זע אויך:

*) A History of Story-Telling, Arthur Ransome, ch.I.

**) Daily Life and Origin of the Tasmanians, James Bonwick, 34-5.

נאָר א פרייע באַארבעטונג אין א געפליגלטן ענגליש און פון דער פרימיטיווער פאָרם איז שוין אפילו קיין סמן ניטאָ. עס איז אָבער נאָך א גרעסערער שאָדן וואָס אזעלכע מעשות זענען בכלל אזוי ווייניק געזאַמעלט געוואָרן.

## ג. אימפּראָוויזאַציעס ביי פּרימיטיווע שבטים.

פונדעסטוועגן וואָלט מען אפשר געקענט אָפּפרעגן די גאַנצע טעאָריע פון א פילאָמיטישער טענדענץ בא פרימיטיווע מענטשן. אויב מען וואָלט ביי זיי ניט געקענט געפינען די רויע פאָרם פון א רייסן זיך, פון א ליידנשאַפטלאַכן אויסברוך און דערציילערישע ריכטונגען. דאָס וואָלט געדאַרפט פירן צו אזעלכע פילאָמיטישע מאָמענטן ווען דאָס דערציילן איז פאַרבונדן אויף אן אומצווייפל־האַפטן אופן מיט א קלאָרן זיגזאַג פון געשעען, ווען עס ניט אי־בער, הייסט עס, א קאָנקרעטע פּאַסירונג אָן שום צוגרייטונג. און דאָס איז טאַקע א זאַך וואָס פאַרנעמט אן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין פרימיטיוון דערציילן. א רייזנדער פון יאָר 1774 שטעלט פעסט אן אינטערעסאַנטן פאַקט. אויף זיין רייזע צום דרום־פּאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין אָטאַהעיטע. פון דאָרט איז א מיידל פונ׳ם אָרטיקן שבט, מיט זיי מיטגעפאָרן צו א נאָענטן פּלאַץ, פון וואַנען זיי האָבן זיך שפּעטער אומגעקערט. ביי נאַכט זענען אלע געגאַנגען אויף א פאַרוויילונג וואו עס האָט אויך געדאַרפט פאָרקומען א דראַמאַטישע פאָרשטעלונג. עס איז אָבער פאַר זיי געווען אן אמת׳ע איבעראַשונג צו זען ווי מען שטעלט פאָר אין שוואַרצע פאַרבן א בילד פון א מיידל, וואָס לויפט אוועק מיט ווייסע מענטשן, און באַקומט דערנאָך א טרויעריקן קבלת פנים בעת זי קומט צוריק. דאָס מיידל אליין איז אויך געווען ביי דער פאָרשטעלונג, אָבער עס איז שווער געווען ביי איר צו פועל׳ן זי זאָל זען די שפּיל ביז׳ן סוף, אָדער זי זאָל זיך אָפּהאַלטן פון גיסן מיט ביטערע טרערן.*) אין אלגעמיין גע־

---

*) A Voyage Towards the South Pole and Round the World, 1797, James Cook, Vol. I, 366.

פינען מיר א טענדענץ בא די אויסטראַליער, זאָגט ראָט, פאַר־צושטעלן אימפּראָוויזירטע זאַכן — וואָס האָבן א שייכות צו פּאַסירונגען וואָס זענען מיט א קורצער צייט צוריק פאָרגעקומען ביי זייערע קאַראַבאַרים, ד. ה. ביי זייערע כאַראַקטעריסטישע ביי־נאַכטיקע פאַרווייַלונגען.*) די באַרירונג מיט די ווייסע האָט דע־ריבער געהאַט אַזאַ שטאַרקן איינפלוס אויף זייער רעפּערטואַר, אַז אין די לעצטע יאָרן שטעלן זיי פאַר א סך סצענעס וואָס באַ־האַנדלען אינצידענטן צווישן זיי און זייערע ווייסע שכנים.**)

דאָס זעלביקע איז אמת וועגן לידער. זייערע לידער — דערציילט אונז א פירער פון אן עקספּעדיציע קיין אויסטראַליע — ווערן על פי רוב פאַרפאַסט אויף׳ן שטעל און האָבן א שייכות צו עפּעס וואָס האָט פּונקט דעמאָלט צוגעצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט.***) מונגאָ פּאַרק דערציילט, אַז בעת זיינס א רייזע אין אפריקע האָט דער מלאך המות אָנגעמאַכט א חורבן אין זיין קאַראַוואַן און, ווי א צוגאָב, איז אים זיין פערד פאַרלוירן געוואָרן. ער האָט זיך ווי עס איז דערשלעפּט צו דער שטאָט סעגאָ וואו ער האָט זיך אָוועק־געזעצט אין שאָטן פון א בוים. קיין עסן האָט ער ניט געהאַט, און עס האָט אים אפילו קיינער ניט באַמערקט. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט ער גענומען ארויפקלעטערן אויף א בוים, צוליב מורא פאַר ווילדע חיות. אין דער רגע האָט אים אַן אָרטיקע פרוי באַמערקט. האָט זי זיך מרחם געווען אויף אים, און געבעטן ער זאָל גיין מיט איר. זי האָט אים אַריינגעפירט אין איר געצעלט, אָפּ־געבראָטן א פישל פאַר אים, און אָנגעוויזן אים אויף א ראָגאָזשע פאַר א געלעגער. בעת ער איז אַזוי געלעגן אויף דער ערד, האָט ער געהערט ווי די פרוי, צוזאַמען מיט נאָך עטלאַכע פרויען, וואָס האָבן געשפּונען ביימוול אינ׳ם געצעלט, האָבן געזונגען מיט טרויע־ריקע טענער:

---

*) Ethnological Studies Among the North-West-Central Queensland Aborigines, Walter E. Roth, 1897, 117.

**) The Drama of the Savage Peoples, Loomis Havemeyer, 227.

***) Journals of Expeditions of Discovery into Central Australia, 1845, E. J. Eyre. Vol. II, 239.

„די ווינטן האָבן געברומט און דער רעגן איז געפאַלן.
„דער אָרימער ווייסער, שוואַך און מיד,
„איז געקומען, זיך געזעצט אונטער אונזער בוים.
„ער האָט ניט קיין מאַמע וואָס זאָל ברענגען אים מילך,
„קיין ווייב צו מאָלן זיין קאָרן."
און די איבעריקע האָבן צוגעזונגען אין כאָר:
„לאָמיר מיטלייד האָבן מיט'ן ווייסן,
„קיין מאַמע האָט ער ניט," א. א. וו.*)

אָט האָבן מיר נאָך אַ קלאָרערן באַריכט וואָס טראָגט אויך אַ מער אַלגעמיינעם כאַראַקטער: „זייערע לידער זענען אַ סאָרט דעקלאַמאַציעס, מעלאָדיש, מיט אַ קורצן כאָר. זיי ווערן אָפט אימ־פּראָוויזירט, דער הויפּט זינגער גיט די ערשטע שורה און אַ חברה כאָריסטן זינגען דעם רעפרעין. ער שטעלט זיך אויף, בעת די אַנדערע זיצן אַרום אים, און ווענדט זיך פון איינעם צום צווייטן, אין דער צייט ווען ער גיסט אויס זיין ניט־צוגעטראַכט ליד. ווען איינער ווערט מיד, אָדער ווען זיינע איינפאַלן טויגן ניט, פאַרנעמט אַן אַנדערער זיין פּלאַץ, און האַלט אָן די פאַרווייַלונג וואָס דויערט אָפט שעה'ן לאַנג. זיי זענען גוטע עקספּערטן צוצופּאַסן די טעמעס פון זייערע לידער צו לויפנדיקע פּאַסירונגען, און גיבן זיך אָפּ מיט אַפּשפּאַטנדיקן חוזק, בייסיקן סאַרקאַזם, מיאוס'ער חניפה, אָדער מיט געררעכטן לויב צו מענטשן און זאַכן, לויט ווי די אומשטענדן פאָדערן. דער קוראַזש פון אַ גנב, די שיינקייט פון אַ יונג מיידל, די גרויסמוטיקייט פון אַ פּריינט, די ציטערדיקייט פון אַפּחדן, די ליבע פון אַ מאַמע, אַנטווישונגען פון אַ געליבטען, אָט דאָס זענען שטענדיק די טעמעס פון די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע השתפּכות'ן**) און גאָר אַן אינטערעסאַנטן פאַקט דערציילט טיילאָר וועגן די עס־קימאָסן. בּאַ די אַלטע אייזלענדער איז פאַראַן אַ זייער פאַרשפּריי־טער און איינגעוואָרצלטער מנהג מען זאָל איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן פאַרפאַסן און דעקלאַמירן סאַטירישע פּערזן. דאָס האָט

*) Dowd, l. c. 342.

**) Eighteen Years on the Gold Coast of Africa, Brodie Cruickshank, 1853, Vol. 2, 226.

געפירט צו מערדערלאכע מחלוקת'ן, ביז מען איז געווען געצוואונ־
גען ארויסצוגעבן געזעצן וואָס האָבן געסטראַשעט מיט ארויסשיקן
פון לאַנד די וואָס וועלן פאַרפאַסן אַזעלכע סאַטירישע לידער.*)

עס איז אוממעגלאַך זיך אָפּצוהאַלטן פון דער באַמערקונג,
כאָטש זי האָט ניט קיין דירעקטע שייכות צום איצטיקן פּונקט, אַז
אין דער דאָזיקער פּרימיטיווער טעטיקייט זעט זיך ארויס אויף אַ
באַזונדערס רויען, כמעט ברוטאַלן אופן. די שייכות צווישן פילאָ־
מיטישער טעטיקייט און געזעלשאַפטלאַכער מאָראַל. עס איז שווער
צו זאָגן צי דער פּרימיטיווער דיכטער האָט טאַקע אין זינען עפּעס
אויסצובעסערן בעת ער לויבט אָדער לאַכט אָפּ. מסתמא האָט ער
עס ניט אין זינען, ווייל ער ווערט געפירט פון דער אינווייניקסטער
אַנטוויקלונג פון זיגזאַג פון דערציילן. אָבער דער מאָראַלער זינען
און איינפלוס פון זיין דיכטונג איז דאָ קלאָר און בולט, פּונקט
ווי זיי זענען פאַרוויקלט און קוים מערקבאַר אין דער קאָמפּלי־
צירטקייט און פאַראַלגעמיינערטקייט פון דער מאָדערנער קונסט.

אסך פון די ציטירטע פאַקטן דערווייזן, דוכט מיר, גאַנץ קלאָר
אַז די פריער דערמאָנטע לויאיז פאַונד איז פולשטענדיק גערעכט
ווען זי לייקנט אָפּ די פאַרשפּרייטע מיינונג אַז אין דער פּרימי־
טיווער געזעלשאַפט איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ריין אינדיווידועלע
שאַפונג. אמת דער איינצלנער דיכטער זעט זיך דאָרט ניט אַזוי
בולט ארויס, זיין קונסט איז ניט פּראָפעסיאָנאַליזירט; ער איז
ענג פאַרבונדן מיט'ן שבט און אַלע איבעריקע טיילן פון לעבן. אין
געוויסע פאַלן איז ער טאַקע אָפּגעזונדערט, אָבער ווי אַ הייליקער,
ווי אַ מענטש מיט אַ ספּעציעלער שליחות פאַר'ן כלל, און ניט ווי
אַ געבענטשטער איינצלנער וואָס האָט צופעליק געקראָגן פון גאָט
אַ גרויסע גייסטיקע מתנה. די גאַנצע טעאָריע אַז פּרימיטיווע
שאַפונג איז תמיד אַ כלל־שאַפונג, איז געבויט אויף דער טעאָריע,
אַז דער אויסנעמלאַכער יחיד איז אַ רעזולטאַט פון אַ העכערער
אַנטוויקלונג, דאָס איז אָבער אַ סברא וואָס האָט קיין שום גרונד

*) Scandinavian Civilization Among the Modern Esquimaux, E. B. Tylor. Journal Anthropological Institute, 1883, Vol. 13, 253.

ניט. אפילו בא חיות זענען פאַראַן באַשעפענישן וואָס שטייגן אריבער פיל אַנדערע פון זייער מין מיט זייער ספּעציעלער באַגאַבט־קייט. וועגן דעם אַז צווישן פּרימיטיווע שבטים זענען פאַראַן מענטשן מיט דעם וואָס מיר רופן „טאַלאַנט" קען גאָר קיין שום ספק ניט זיין.*)

אין אַלגעמיין פאַרנעמט דער פירער נאָר אַ געהויבענעם פּלאַץ אין דער פּרימיטיווער וועלט. און עס איז אַ טעות צו מיינען אַז דער פּרימיטיווער פירער צייכנט זיך בלויז אויס מיט זיינע פייאיקייטן אין מלחמה. פאַרקערט, דאָרט איז דער פירער אַ סך נענטער צום טיפּ דיכטער־דענקער איידער די וואָס פאַרנעמען בא אונז די העכסטע פּאָליטישע אַמטן. וועגן דער גרויסער פּערזענ־לאַכקייט זינגט דער פּרימיטיווער מענטש, דראַמאַטיזירט זיין לעבן, שטעלט אים אַוועק ווי אַ מוסטער־מענטש פאַר זיינע קינדער, און פּילט זיין איינפלוס אין יעדן ווינקעלע פון לעבן.**)

## ד. די ראָלע פון מעשות אין די עלטערע יאָרן.

די פאַרשטאַרקונג פון פּילאַמיטישע פונקציעס אין די עלטערע יאָרן, זעט אויס צו זיין אַן אוניווערסאַל געזעץ. וואָרים מיר גע־פינען די דאָזיקע דערשיינונג אין דער פּרימיטיווער געזעלשאַפט פונקט ווי בא אונז. דאָס איז דאָך אַזוי שטאַרק קענטיק אומעטום וואו עס רעדט זיך נאָר וועגן די אַלטע לייט, אָדער די זיידעס פון'ם שבט. מיר דוכט אַז דאָס וואָרט „זיידע" איז אין אַ געוויסן זינען אַ סינאָנים פון מעשה־דערציילער. אין די עלטערע יאָרן שרייבט מען אויטאָביאָגראַפיעס, און מען פאַרוואַנדלט בכלל אַ גרויסע טייל פון לעבן אין אַ וועלט פון מעשות, סיי פּערזענלאַכע סיי אַלגעמיינע. מיר באַגעגענען אָפט בא אַ קאָנגאָ־נעגער, זאָגט וואַרד, ווען ער

---

*) Evolution of Literature, A. S. Mackenzie, 405; Early Civilization, A. A. Goldenweiser, 68; Fletcher, l. c. 116.

**) Spencer and Gillen, l. c. 10; Goldenweiser, l. c. 113; Howitt l. c. 297; Polynesian Research, W. Ellis, Vol. I, 199; Eastman, l. c. 49,50; Native Tribes of South Australia, J. D. Woods, 1878, 38; Primitive Society, Robert H. Lowie, 1920, 356.

רעדט עפעס וועגן פערזענליכע ענינים, זאָל ער פלוצלונג נעמען דערציילען מעשות פון אמאָליקע יאָרן, כאָטש אָט די מעשות האבן ניט קיין דירעקטע שייכות צו די ענינים וועגן וועלכע עס האנדלט זיך.*) עס זעט אוים אז צווישן אַלטקייט און מעשות איז פאראַן א ספעציעל נאָענטע און דירעקטע שייכות.וואָס איז ניט פאראַן, אָדער ניט פאראַן אין אזא אָנגעזעענער מאָס, אין קיין שום פריערדיקן עלטער.

נעוויינטלאך זאָגן מיר אז אַלטקייט לעבט מיט דער פאַרגאנגענהייט, מיט זכרונות. פון א פילאָמיטישן שטאַנדפונקט איז דאָס לחלוטין ניט אמת. איך האב ספעציעל באַנוצט דאס וואָרט „מעשות" און ניט „זכרונות", ווייל זכרונות האָבן בלויז א ווענדונג צו פריערדיקע צייטן, און מעשות, כאָטש געבויט אויף פאַרגאַנגענע געשעענישן, זענען אָבער וויכטיק נאָר אויף אזוי ווייט אויף וויפיל זיי האָבן אַן איצטיקן זינען. צו זאָגן אַז א זקן דערציילט מעשות, ווייל ער לעבט שוין לאַנג, און ער האָט א סך מאַטעריאַל אָנגעזאמלט, הייסט בלויז צו זאָגן אַז ער האָט וואָס צו דערציילן ווייל ער האָט וואָס צו דערציילן. דאָס דערקלערט אָבער ניט פאַר וואָס ער דערציילט, וואָסער ספעציעלן בייטראָג דאָס מאַכט צום איצטיקן לעבן זיינעם.

דער אמת איז אז די אַלטקייט־פעריאָדע איז א טייל־ווייזער אַפרו-פונקט, אַן ענין וועגן וועלכן עס האָט זיך גערעדט אין פריערדיקן קאַפיטל. דאָס איז א צייט ווען די זיגזאַג ליניעס האָבן ניט מער זייער אַמאָליקן אימפעט, און דאָס באַוואוסטזיין פון טויט גיט א מעגלאַכקייט צו זען זיגזאַגן אין זייער גאַנצקייט און פאַרענדיקטקייט, צו כאַפן דעם פולן גאַנג פון געשעענישן און אויף אזאַ'ן אופן זיך דערנענטערן צום ריטעם פון לעבן. דערין ליגט דער גרויסער ווערט פון דער מעשה בכלל, אָבער אַלטקייט האָט די מעלה וואָס זי קען זיך אַליין זען אינ'ם ליכט פון א מעשה. פאַרשטייט זיך אז דאָ גייען אויך אריין אַלע איבעריקע פאַקטאָרן, ווי

*) Ethnographical Notes Relating to the Congo Tribes, Herbert Ward, Journal of the Anthropological Institute, 1894. Vol. 24, 295.

באַפרידיקונגען פון פאַרלאַנגען, דער דאָרשט נאָך געוועכטיקייט, די טענדענץ צו פאַרגעזעלשאַפטלאַכן דאָס לעבן, א. א. וו. מיט איין וואָרט, אַלטע לייט האָבן אַזוי שטאַרק ליב זיך אַריינצוטאָן אין אַ וועלט פון מעשות, ניט ווייל זיי האָבן שוין לאַנג געלעבט, נאָר ווייל זיי האָבן נאָך ווייניק צו לעבן. עס איז ניט קיין שפּיל פון פאַר־גאַנגענע זכרונות, נאָר אַ לעבן פון איצטיקע מעשות.

אין דער פּרימיטיווער וועלט איז קיין מעגלאַכקייט ניטאָ אַז פּילאָמיטישע דאָרשטן זאָלן געשטילט ווערן אויף געהיימע און אינדיווידועל־אָפּגעזונדערטע אופנים, ווי למשל דורכ׳ן געדרוקטן וואָרט. דאָרט ווערט דאָס גאַנצע לעבן געלעבט אין אָפענע געזעל־שאַפטלאַכע שייכות׳ן, און אַלץ ווערט אויסגענוצט פאַר דער טובה פונ׳ם כלל. דעריבער זעען זיך דאָרט בולט׳ער אַרויס די פּילאָמי־טישע, און ממילא דערציערישע, פונקציעס פון די אַלטע לייט.

## קאפיטל V

# קינדער מעשות

### א. דער דערוואַקסענער אין קינדער ליטעראַטור

אַן אַנאַליז פון קינדער מעשות דאַרף ניט בלויז באַפעסטיקן דעם טעאָרעטישן פונדאַמענט פון פילאָמיטאָלאָגישע פאָרשונגען, נאָר אויך אָנווייזן אויף זייער פראַקטישן ווערט. זינט דער גרויסער רעוואָלוציע אין שול-דערציאונג, וואָס האָט אויסגעבראָכן אַרום דעם אָנהייב פונ׳ם איצטיקן יאָרהונדערט איז די פּראָבלעם פון קינדער-מעשות געוואָרן אַ געוואַלטיק וויכטיקע. אין אונזער אייגענעם לאַגער איז די דאָזיקע פּראָבלעם אַרויסגעשוואומען אין פאַרבינדונג מיט דער אַנטוויקלונג פון אונזער וועלטלאַכן שול-וועזן. דאָ איז אונזער אויפגאַבע ניט בלויז קיין באַשרייבנדיקע און דערקלערנדיקע, נאָר דער עיקר, אַ נאָרמאַטיווע: וואָסערע מעשות זאָלן אונזערע קינדער הערן אָדער לייענען?

דער וועג פון מעשות צו ליטעראַטור איז בא קינדער ניט אַזוי בערגיק און טאָליק, ניט אַזוי ווייט און ניט אַזוי קאָמפּליצירט, ווי מיר געפינען עס אין דער וועלט פון דערוואַקסענע. דער איבערגאַנג איז מער דירעקט און עלעמענטאַר. עס זענען דעריבער ניטאָ קיין באַזונדערע טעאָרעטישע שוועריקייטן זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די פראַגן פון קינדער ליטעראַטור בכלל, בעת מיר זוכן צו פאַרשטיין די פילאָמיטיע פון קינדער-מעשות. אַזאַ פּראָצעדור ווערט נאָך וויכטיקער אין איצטיקן מאָמענט צוליב דעם וואָס אונזער קינדער ליטעראַטור האַלט אין איין וואַקסן און זיך פאַשפּרייטן, און דאָס זעלביקע איז אמת וועגן עלעמענטאַרע לערן-ביכער. מיר וועלן דעריבער אָנהייבן מיט דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן קינדער ליטעראַטור.

פאַראַן איין גרויסע שוועריקייט אין יעדער באַטראַכטונג וועגן דער שיינער ליטעראַטור פאַר קינדער וואָס האָט אונז תמיד פאַר-

פירט אין פאַרפּלאָנטערטע וועגן און אונז געבראַכט צו אומזיכערע רעזולטאַטן. די דאָזיקע שוועריקייט באַשטייט דערין וואָס סיי די שאַפונג סיי די קריטיק פון קינדער ליטעראַטור ליגט ניט אין די הענט פון די קינדער גופא. אַז קינדער זאָלן זיין ווייט פון יעדן סאָרט סיסטעמאַטיש אויסגעאַרבעטער קריטיק איז זעלבסטפאַרשטענדלאַך. קריטיק איז דאָך נאָך אַלעמען דער רייפּסטער אָפּרוף אויף אַרומיקע פּאַסירונגען סיי אין קונסט, סיי אין דער וועלט בכלל. קינדער זענען נאָך ניט פאַרטיק געוואָרן מיט דער זאַך גופא, אַז זיי זאָלן שוין קענען אָפּשפּאָרן געגנוג אויפמערקזאַמקייט אויף פּאָזיציע און שייכות. זיי האַלטן נאָך באַ דער ליניע, און קענען זיך נאָך ניט באַשעפטיקן מיט דער טבע פון פּערספּעקטיוו. אַזעלכע באַגריפן ווי אונטערשיד, ענלאַכקייט, ווערט, קאָנטראַסט, ציל, אידייע, א. א. וו. דער אמת'ער באַגאַזש פון קריטיק, זענען באַם קינד, פּונקט ווי באַם פּרימיטיוון מענטשן אין אַ קוים שפּראָצנדיקן צושטאַנד. דאָס קינד איז נאָך ווייט, ווייט ניט ביכולת צו מאַכן פון זיי אָביעקטיווע ווענד־פּונקטן. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס דעם קינדס דירעקטער ענטפער אויף דער פראַגע: „וואָס דערנקסטו וועגן דעם?" קען אונז ניט געבן קיין ווערטפולע רעזולטאַטן.

און ניט בלויז זענען קינדער קיין קריטיקער ניט, נאָר זיי הייבט ניט אָן צו אינטערעסירן דער גאַנצער ענין. זייער אָטעם דאַרף האָבן דעם פּשוט'ן זויערשטאָף פון לעבן, ניט דעם פּאַרפום פון מיינונגען. קריטיק אינ'ם מאָדערנעם זינען פון וואָרט איז איינגנטלאַך אַזאַ רייפער קולטור־געשיכטלאַכער פּראָדוקט, אַז אפילו קינדער פון מיטלשול־עלטער זענען נאָך היפּשלאַך ווייט דערפון. אויף מיינס אָן אַנקעטע אויף וועלכער עס האָבן געענטפערט דרייסיק מיטלשול־קינדער, זענען אָנגעגעבן געוואָרן פיר נעמען פון קריטיקער, שוין אַריינגערעכנט ציימונג־רעצענזענטן, בעת אין דער זעלביקער צייט זענען פאַרצייכנט געוואָרן צענדליקער נעמען פון שרייבער. מענלאַך אַז דער דאָזיקער רעזולטאַט איז שוין אַ צו נעגאַטיווער. מענלאַך אַז דערין איז שולדיק דאָס וואָס עס איז נאָך ניט געשאַפן געוואָרן אַזאַ פאָרם פון קריטיק, וואָס זאָל קענען אַפּעלירן צו דער יונגטלאַכער פּעריאָדע. דאָס איז בלי ספק אַ שווערע

אָבער, ווי מיר דוכט, אַ מעגלאַכע דערגרייכונג. ווי עס זאָל ניט זיין, ווייזט דאָס יעדנפאַלס אָן אויף די באַזונדערע שוועריקייטן פון אַזאַ לאַגע פאַר די וואָס באַשעפטיקן זיך מיט פּראָבלעמען פון קינדער ליטעראַטור.

אַן ענלאַכע לאַגע, כאָטש אין אַ פּיל קלענערער מאָס, איז בנוגע שאַפן. עס האָט נאָך דערווייל ניט פּאַסירט אַז אַ קינד זאָל שרייבן פאַר קינדער און ס׳זאָל האָבן אַ דויערנדיקן ווערט. די סבה איז אַ גאַנץ פּשוט׳ע: אויב עס געפינט זיך אַ קינד וואָס ווייזט אַרויס אומגעוויינטלאַכע ליטעראַרישע פייאיקייטן, אַזאַ וואָס מיר זענען גרייט אַרויפצולייגן אויף זיין קעפּל דעם לאָרבער־קראַנץ פון „טאַלאַנט“, דעמאָלט איז אַ סמן אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ שאַפונג פאַר אַ העכערן עלטער; אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ קינד וואָס איז פרי רייף געוואָרן, אַזוי אַז עס קען שוין אָפּערירן מיט געפיל־ניואַנסן און אַ ליטעראַרישער טעכניק וואָס שטייגט ווייט איבער זיין כראָנאָלאָגישן עלטער. ממילא איז אַזאַ שאַפונג, על פּי רוב, ניט צוגעפּאַסט פאַר קינדער. וואָרים די העכערקייט פון אַזאַ קינד לגבי דורכשניטלאַכע קינדער איז גאָר אַן אַנדערע ווי פון׳ם טאַלענטירטן קינסטלער אין פאַרגלייך מיט׳ן דורכשניטלאַכן דערוואַקסענעם מענטשן. אין לעצטן פאַל שטייט דער קינסטלער אויפ׳ן באַזיס פון אַ לעבן וואָס איז גלייך פאַר אַלעמען. זיין מאַטעריאַל שטאַמט דירעקט פון אַלגעמיין מענטשלאַכע איבערלעבונגען. בעת דאָס טאַלאַנטפולע קינד זאַפּט אין זיך איין עפּעס רייפערס, עפּעס אומקינדישס, און קען מער צום קינדישן האַרצן ניט רעדן. אויף אַזאַ׳ן אופן האָבן מיר אַ קינדער ליטעראַטור וואָס ווערט געשאַפן און באַוואוסטזיניק אָפּגעשאַצט פון דערוואַקסענע.

בלייבט אונז איבער בלויז צו בויען, ערשטנס, אויף די עמאָציאָנעלע אָפּרופן פון קינדער אויף מעשׂות וואָס זיי לייענען און, צווייטנס, אויף די מעשׂות וואָס די קינדער אַליין דערציילן און שאַפן. אמת, אַזעלכע שאַפונגען וועלן אונז קיינמאָל ניט געבן קיין קינדער־ליטעראַטור, מיר קענען אָבער פון זיי קריגן אַן אויסגאַנגס־פּונקט וועגן דעם וואָס עס דאַרפן זיין אונזערע צילן אין קינדער־ליטעראַטור. זיי וועלן אונז אויך העלפן פאָרמולירן געוויסע

אַלגעמיינע פּרינציפּן, וואָס וועלן אונז באַהילפיק זיין אין באַ־טראַכטן דעם גאַנצן ענין מיט מער זיכערקייט.

קומען מיר צום ערשטן פּונקט, צום געוויינטלאַכן אָפּרוף פון קינדער אויף זייער ליטעראַטור, אָדער צו דער אוממיטלבאַרער קינדער „קריטיק", אַזוי צו זאָגן, איז די לאַגע מער אָדער ווייניקער נשקשה׳דיק. הערט מען דאָך וואָס קינדער זאָגן וועגן די מעשות וואָס זיי לייענען. אַ חוץ דעם זענען געמאַכט געוואָרן אַ סך פאָר־שונגען סיי מיט דער הילף פון אַנקעטעס, סיי אויף אַנדערע אופנים, און וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן די רעזולטאַטן, אַן אָנהייב ,און זייער אַ וויכטיקער אָנהייב, איז דאָך געמאַכט געוואָרן.

ווען מיר קומען אָבער צום צווייטן פּונקט, צום פּונקט פון קינדערשן שאַפן, דעם סאַמע וויכטיקסטן מאָמענט אינ׳ם גאַנצן ענין, באַגעגענען מיר זיך מיט אומגעהייערע שוועריקייטן. ווי ווייט מיר איז באַקאַנט איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרן קיין איין וויכטיקע שטודיע, וואָס זאָל סיסטעמאַטיש נאָכפאָלגן אפילו איין איינציק קינד, און פאַרצייכענען אַלע פריי־געשאַפענע מעשות אין משך פון דער גאַנצער קינדהייט, זאָגן מיר, פונ׳ם דריטן יאָר ביז דער יונגנט־צייט. ווען דאָס זאָל געטאָן ווערן מיט אַ פאָרזיכטיק אויסגעאַרבעטער טעכניק, ווער שמועסט נאָך ווען מיר זאָלן האָבן אַ סך אַזעלכע שטודיעס פון פאַרשידענע לענדער, צייטן און באַדינגונגען, וואָלט פאַר אונז אויפגעלויכטן אַ נייע ליכט אין די טונקעלע חקירות וועגן דעם וואָס קינדער דאַרפן לייענען.

עס לייגט זיך אפילו זייער לייכט אויפ׳ן שכל אַז אַזעלכע וואָס פאַרברענגען תמיד צווישן קינדער — לערער, למשל — און האָבן אַזעלכע פיינע געלעגנהייטן איינצוזאַפּן אין זייערע מיי־נונגען וועגן קינדער־ליטעראַטור די סאַמע נאָענטע, דירעקטע איינדרוקן פונ׳ם קינד אַליין, עס לייגט זיך, זאָג איך, זייער לייכט אויפ׳ן שכל אַז אַזעלכע מענטשן זאָלן, אויב ניט זאָגן דאָס לעצטע, ענדגילטיקטע וואָרט, איז, לכל הפחות, אונז געבן די ברייטסטע און זיכערסטע אינפאָרמאַציעס. דאָ האָבן מיר אָבער איינעם פון די גאָר ניט זעלטענע פאַלן וואו די טעאָריע איז, אין פלוג, מחייב איין זאַך, בעת די פאַקטן באַווייזן גאָר עפּעס

אנדערש. די סבה איז א גאנץ פשוט'ע: לערער — דער ווייט גרעסטער רוב פון זיי — לעבן און ארבעטן תמיד אין אן אטמאָס־פערע פון דעם וואָס קינדער דאַרפן כדי די קלאַס־טעטיקייט זאָל האָבן וואָס מער ערפאָלג, ניט וואָס קינדער ווילן כדי זייער לעבן זאָל זיין רייכער, שענער און אינטערעסאנטער. א לערער קוקט ניט ווילנדיק אויף קינדער ליטעראַטור ווי אויף א הילף אין ז י י ן ארבעט. דאָס איז באין אופן קיין עולה ניט, אָבער דאָס באגרענעצט, פארפירט און שאפט א שעדלאכע איינזייטיקייט. און די שעדלאכקייט ווערט נאָך שעדלאכער צוליב דעם וואָס דאָ האַנדלט זיך וועגן א מענטשן וועלכער האָט, אין פלוג, מער רעכט פון אלע אנדערע צו באַשטימען א וואָג און א מאָס אין קינדער ליטעראטור. אין דער אמת'ן דאַרף א לערער אויף זיך ארבעטן א סך מער און א סך אָנגעשטרענגטער, איידער א מענטש וואָס האָט ניט קיין שייכות צו אָט דער פּראָפעסיע, כדי צו באפרייען זיך פון זיינע שמאָלע דידאַקטישע געוואוינהייטן און קענען באטראַכטן קינדער ליטעראַטור פון שטאַנדפּונקט פון ליטעראַטור פאר ק י נ ד ע ר, ניט פון שטאַנדפונקט פון מאַטעריאל פאר לערער. יעדער לערער, וואָס איז אויך א פּאָטער פון קינדער ווייס פון דערפאַרונג, אז ער לערנט מער וועגן קינדער בא זיך אין דער היים איידער אין קלאַס, כאָטש אין קלאַס איז די צאָל און די פאַרשידנקייט פון די קינדער א סך גרעסער. פאַר־שטייט זיך, אז איך האָב דאָ אין זינען אזעלכע לערער וואָס גיבן זיך אָפּ בלויז מיט זייער פּראָפעסיע און שטעלן זיך ניט קיין קינדער־פּסיכאָלאָגישע צילן אין זייער ארבעט. די רעזולטאַטן וואָס מען פארלאַנגט געוויינטלאַך פונ'ם לערערס ארבעט זענען בטבע אזעלכע, אז ער איז געצוואונגען אוועקצושטעלן זיין צוועק, ניט די קינדערס, אין קינדער ליטעראַטור. אָט דער צוואַנג ווערט ביסלאכווייז א „פרייע" געוואוינהייט, מיט א טעאָרעטישער בארעכטיקונג דערצו, און דאָס דערקלערט אָפּט די אומאיינשטי־מיקייט צווישן לערער וועגן דעם ענין. ווען איין לערן־בוך, למשל, שטרייכט אונטער „מאָראל" און דאָס אנדערע וויל דוקא האָבן „קונסט", ליגט דאָ דער חילוק ניט אין קאָנקרעטע באָאבאכטונגען פון קינדער לעבן, נאָר אין די צוועקן פון דערוואַקסענע מענטשן,

פון די לערער, אָן שום שייכות צו די פּראָבלעמען פון דערציערישע נויטווענדיקייטן.

אין פאַרגלייך מיט אַ סך אַנדערע דערשיינונגען פון קינדער לעבן זענען קינדער־מעשות זייער ווינציק אויסגעפאָרשט געוואָרן. די אונטערשידן צווישן רייפקייט און אומרייפקייט זענען בנוגע קינדער־מעשות אַ זייער טונקעלער ענין. און מער ווי אומעטום קען מען דאָ אָנווענדן געזעל'ס באַמערקונג: „ווען מיר וועלן מער אַריינדרינגען אין די כאַראַקטער־שטריכן פון אומרייפקייט וועלן אונזערע פילאָזאָפיעס האָבן אַ געזונטערן פונדאַמענט, וואָרים אויב אין נאָמען פון דערציאונג פאַרגעוואַלדיקן מיר די געזעצן פון אומרייפקייט, דעמאָלט שטעלן מיר אין געפאַר די נאָרמאַל־קייט פון רייפקייט אַליין.‟ *)

מיר זענען אין אַלגעמיין נאָך טיף פאַרוואָקסן מיט איינ־געוואָרצלטע אַבערגלויבנס אין אונזערע באַציאונגען צו קינדער. אַזוי איז נאָך אַלץ ניט אָפּגעשטאָרבן די השערה אַז יעדע מעשה וואָס אַנטהאַלט אין זיך גראָד דעם מוסר השכל וואָס איז אונז ליב, ווירקט זי אַז איר מאָראַל זאָל טאַקע ווערן אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אינ'ם קינדס לעבן. און טאָמער איז ערגיץ דער מוסר השכל ניט גענוג קלאָר, איז טאַקע אַ ספק צו אַזאַ מעשה קען האָבן וועלכן ניט איז מאָראַלן איינפלוס אויף אַ קינד. ווער שמועסט נאָך ווען אַ ווערק אַנטהאַלט אַ שלעכטן מוסר השכל, דעמאָלט איז דאָך קלאָר אַז דאָס מוז ווירקן שלעכט אויף קינדער. דער דאָזיקער בליק אויף קינדער ליטעראַטור איז שוין אייגנטלאַך זייער אַלט, און מיר האָבן זיך נאָך פון אים ניט אין גאַנצן אָפּגעוווינט, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די פּשוט'ע טאָג־טעגלאַכע פאַקטן פון לעבן שטימען לחלוטין ניט מיט אַזעלכע השערות.

שוין פּלאַטאָן האָט אין זיין „רעפּובליק‟ אויסגעדריקט אַ פּראָ־טעסט אַנטקעגן אַריינברענגען האָמער'ן און העזיאָד'ן אין דער שול, ווייל אין זייערע ווערק דערציילן זיך מיאוס'ע מעשות

---

*) The Mental Growth of the Pre-School Child, 1925, Arnold Gesell, 327.

וועגן די געטער.*) היינטיקע צייטן, אמת, בויט מען שוין ניט קיין טעאָרעטישע בנינים וועגן קינדער ליטעראַטור אויף אַ דורכויסיקן זיס־מאַראַלן פונדאַמענט. אין דער פּראַקטיק אָבער — די עלטערן אין דער היים און דער לערער אין שול — קענען זיך באַין אופן ניט באַפרייען פון דער דאָזיקער טראַדיציע.

דאָס זעט אָבער אויס צו זיין ניט מער ווי אַן איבערבלייבאַכץ וואָס פאַרלירט אַלץ מער באָדן אין דערציערישע אינסטיטוציעס. אַן אַנדער בליק האָט שוין לאַנג אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ; דאָס איז דער בליק אַז קינדער־ליטעראַטור דאַרף קודם כל זיין קונסט, און אויב דאָס איז פאַרזאָרגט האָבן מיר שוין פאַר קיין זאַך ניט וואָס מורא צו האָבן. די וואָס פאַרטרעטן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט ווילן מאַכן דעם איינדרוק אַז אין דער פאָרמולע „קונסט" ליגט שוין אַ זיכערער וועגווייזער און אַ קלאָרע ריכטונג. דאָס איז, דוכט מיר, זייער ווייט פון׳ם אמת, ווי עס וועט נאָך שפּעטער אויסקומען צו דערווייזן. אַ חוץ דעם באַגייט אַזאַ פאָרמולע די געוויינטלאַכע עולה, וואָס זי נעמט אָן דעם טערמין „קינדער" ווי אַן אויסדרוק פון אַ באַשטימטן איינהייטלאַכן פּסיכישן צונויפשטעל. דאָס ברענגט אַריין די גרעסטע צעמישעניש אין די ויכוחים וועגן קינדער ליטעראַטור. ווארים ווען מען ווייזט ניט אָן וועגן וואָסערע קינדער מען רעדט, האָט איינער געוויינטלאַך אין זינען פינף־יאָריקע, אַ צווייטער — אַכט־יאָריקע, און אַ דריטער — צוועלף־יאָריקע. אַזוי ווערן כסדר געפירט ויכוחים אָן אַ געמיינזאַמען באָדן, און דער סך הכל איז אַז יעדער דיסקוטירט אין דער אמת׳ן מיט זיך אַליין.

דער קרעפטיקסטער און קאָנסעקווענטסטער פאַרטרעטער פון אַזאַ שטאַנדפּונקט איז, דוכט מיר, היינריך וואָלגאַסט. וואָלגאַסט האַלט אַז אַ בוך פאַר קינדער דאַרף קודם כל זיין אַ קונסטווערק. ממילא, הייסט עס, אַז קינדער ליטעראַטור קען ניט געשריבן ווערן ספּעציעל פאַר קינדער. גוטע קינדער ליטעראַטור דאַרף אויך זיין אַ פּאַסיקער מאַטעריאַל פאַר גרויסע. ווי אַ מאָטאָ פאַר זיין בוך איבער דעם ענין באַנוצט וואָלגאַסט טעאָדאָר שטאָרמ׳ס אַ פאַ־

*) The Republic. Trans. by A. Kerr., Book II., 11 bb.

ראַדאַקס: „ווען די האָסט בדעה צו שרייבן פאַר קינדער זאָלסטו ניט שרייבן פאַר קינדער". *)

דאָ האָבן מיר גאַנץ קלאָרע דבורים. אָבער קען דאָס אונז ווייזן א באַשטימטן וועג אין קינדער ליטעראַטור? איז אזא פאָרמולע א זיכערע אין זיך אליין און שטעלט פאָר א פעסטגע־שטעלטן, קלאָרן באַגריף? איז אזא פאָרמולע, אפילו ווען זי זאָל זיין א פעסטע און א קלאָרע, א זיכערע פאַר יעדן עלטער? קען זי אונז וואַרפן א ליכט אויף די מער ספּעציפישע פראַגן און דעטאַלן וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם ענין? ווי געזאָגט, וועלן מיר זיך נאָך צו די דאָזיקע פראַגן אומקערן. דערווייל אָבער איז נייטיק מיר זאָלן קודם כל אויסהערן דאָס קינד אליין, און, ווי ווייט מעגלאַך, טאַקע פוןביידע זייטן, אי פון דער זייט פון „קריטיק", ד. ה. פון זיין רעאַגירן אויפ'ן געלייענטן מאַטעריאַל, אי פון דער זייט פון זיין פילאָמיטישן שאַפן.

## ב. קינדערס מיינונגען וועגן ביכער.

ווען מיר ווילען אויסגעפינען, וואָס קינדער דענקען וועגען קינ־דער ליטעראַטור, קענען מיר נאַטירליך דאָס בלויז דערגיין מיט עקספּערימענטאַלע מיטלען. אמת, דאָ איז אויך דער וועג ניט אזוי גלאַט, און דער וואָס איז ניט געניטן פאָרזיכטיק וועט ניט אַרויס־ברענגען קיין רעזולטאַטן אויף וועלכע מען זאָל זיך קענען פאַר־לאָזן. אזוי געפינען מיר, למשל אַז קינדער פון צווייטן קלאַס (זיבן־יאָריקע) האָבן געענטפערט אויף אַן אַנקעטע, אַז זיי האָבן ליב אלץ, וואָס לאַנגפעלאָו האָט געשריבן, אָבער די „קינדער'ס שעה" און דעם „תהילים פון לעבן" האַלטן זיי פאַר די פּראַכטפולסטע לידער. וויטיערס „מיין תהילים", האָבן זיי אָנגערופן „אויסגע־צייכנט". קינדער פון א פריוואַטער רעליגיעזער שול ברענגען מיט ליבע פאַר'ן קאַטעכיזם, פאַר דעם לעבן פון די הייליקע און די ביבלישע מעשות, איינער איז ספּעציעל פאַרליבט אין זיין געבעט־

*) Das Elend Unserer Jugendliteratur, 1905.

בוך.*) נו, עס ליגט זיך ניט אויפ'ן שכל, אז זיבן יאָריקע קינדער זאָלן אוועקשענקן זייער ביסל ליבע אַזעלכע לידער ווי:

„דערציייל מיר ניט אין טרויעריקע רייד,
אז דאָס לעבן איז בלויז אַ פּוסטער חלום,
וואָרים די נשמה איז דאָס וואָס דרעמלט
און זאַכן זענען ניט ווי זיי זעען אויס."

מען קען אויך ניט האָבן קיין פולן גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון קינדער וואָס „ברענען מיט ליבע" פאַר'ן קאַטעכיזם, אָדער רעליגיעזע תפילות, בפרט ווען מיר האָבן אין זינען זיבן יעריקע קינדער. עס איז גיכער מעגלאַך, אז דאָ האָבן די קינדער געענט־פערט וואָס זיי האָט זיך געדוכט, אז מען פאַרלאַנגט פון זיי. אָבער אַ געניטער פאַרשער ווייס ווי אַזוי אויסצומיידן אַזעלכע פּאַסטקעס און קען קאָנטראָלירן זיין אַרבעט.

אין 1889 האָט קלאַראַ וואַסטראָווסקי דורכגעפירט אַן אַנקעטע אויף וועלכער זי האָט באַקומען 1269 ענטפערס (604 אינגלאַך און 665 מיידלאַך).**) דאָס ווייזט זיך קודם כל אַרויס, אז דער סאַ־מע ערשטער מאָטיוו צו נעמען לייענען אַ בוך איז געווען די רעקאָמענדאַציע פון פריינט. בלויז אַ קליינע צאָל זיינען באַאיינ־פלוסט געוואָרן פונ'ם נאָמען פון שרייבער אָדער בוך. דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פּונקט. וואָרים אין דער וועלט פון דערוואַקס־סענע ווערן מיר אַזוי שטאַרק באַאיינפלוסט פון ליטעראַרישע פיר־מעס און קונסט־שולן, אז ס'איז אָפּטמאָל שווער צו זאָגן צי דער גוטער אָדער שלעכטער איינדרוק פון אַ ווערק נעמט זיך טאַקע פונ'ם אינהאַלט, אָדער פונ'ם פאָראורטייל וואָס מיר האָבן פאַר אָדער קעגן אַ באַשטימטער ליטעראַרישער פירמע, אָדער שול.

אין דער זעלביקער אַנקעטע באַקומען מיר אויך די וויכטיקע אינפאָרמאַציע, אז די סיבה פאַרוואָס קינדער האָבן ניט ליב גע־ווייסע ביכער, זעט אויס צו זיין דאָס, וואָס זיי האָבן צופיל

---

*) Children's Interest in Reading, by Isabel Lawrence, National Education Association, Addresses and Proceedings, 1888, pp. 1044-51.

**) Pedagogical Seminary, 1889, Vol. 6, pp. 523-35.

באַשרייבנדיקע דעטאַלן, וואָס זיי פאַרמאָגן טרויעריקע פּאַסירונגען וועלכע קוקן אויס אין די קינדער'ס אויגען ווי „נאַריש", אָדער וואָס עס זענען פאַראַן אַ סך שטעלעס וואָס די קינדער האָבן ניט פאַרשטאַנען.

וואָס זענען אָבער די מאָמענטן וואָס קינדער האָבן יאָ ליב און זוכן זיי אין דער ליטעראַטור? ידיעות וועגן דעם געפינען מיר אין די רעזולטאַטן פון אַן אַנדער אַנקעטע, דורכגעפירט פון פרענקלין אָריאַן סמיט, אויף וועלכער עס האָבן געענטפערט 2199 קינדער (915 אינגלאַך און 1284 מיידלאַך).*) דאָ ווייזט זיך ארוים, אַז דאָס ריזיקאַלישע איז דער הויפּט מאָטיוו אין אַלע קלאַסן פון דער אָנפאַנג שול. שפּעטער, אין דער מיטל שול, ווערן שוין אָפּגעשאַצט אַלגעמיינע שיינקייט, פאַרשידענע סענטימענטן וואָס ווערן פאַרקערפּערט אין בילדער, אויסדרוק-פאָרמען און טיפן שילדערונג. אין דער אָנפאַנג שול זענען הומאָר, פאַטאָס, פריינט-לאַכקייט, מיטגעפיל, קוראַזש, אידעאַלע עקשנות און ערלאַכקייט, שטאַרקע מאָטיוון. אין דער מיטלשול זענען די מאָטיוון שוין מער צעשוואומען און אומבאַשטימט.

ענלאַכע רעזולטאַטן זענען ארויסגעבראַכט געוואָרן אין פאַר-שידענע צייטן און אויף פאַרשידענע אופנים. מיט עטלאַכע חדשים צוריק איז מיר אויסגעקומען דורכצופירן אַן אַנקעטע אויף וועל-כער עס האָבן געענטפערט 55 קינדער אין עלטער פון 7 ביז 14 יאָר. עס האָט זיך ארויסגעוויזן אַז פולע 26 פון אַט דער צאָל — מייסטנס די 9, 10, 11 און 12 יאָריקע — האָבן אַ טבע אי-בערצוהיפּן בעת'ן לייענען. אַזעלכע שטעלעס וואָס פאַרנעמען זיך מיט געשלעכטלאַכער ליבע, נאַטור באַשרייבונג, אָדער וואו עס געפינען זיך שווערע ווערטער, ווערן פון די דאָזיקע קינדער ניט געלייענט.

די זעלביקע אַנקעטע האָט אויך געשטעלט די פראַגע: „וועגן וועמען האָט איר ליבער צו לייענען, וועגן קינדער אָדער דערוואַק-סענע?" די רעזולטאַטן זענען לחלוטין אומבאַשטימטע, מעגלאַך

*) Ped. Seminary, 1907, pp. 208-22.

דערפאר וואס די צאל קינדער איז געוועז אזוי קליין, קען מען דערפון גארניט דרינגען. בכלל ווערט אנגעגעבן, אז קינדער האבן ליבער צו לייענען וועגן העלדן פון זייער אייגענעם עלטער איידער פון דערוואקסענע. ארטור ע. באסטוויק האט סטאטיסטיש גע־פארשט דאס לייענען פון קינדער און דערוואקסענע אין ניו יאר־קער ביבליאטעקן אין משך פון א חודש צייט, און קומט צום שלוס, אז קינדער לייענען מער קינדער ליטעראטור, ד. ה. וועגן קינדער, און דערוואקסענע מער פון דערוואקסענעם מין. אגב אורחא פארצייכנט ער שוין אויך אז „דאס אומגעריכטע פא־סירט אבער אין געשיכטע, ביאגראפיע, און רייזע־באשרייבונ־גען, אין יעדער פון אט די אפטיילונגען, יאגן די קינדער אריבער די גרויסע. אז דאס איז ניט קיין צופאל באווייזט דער פאקט, אז מיט בלויז איין אויסנאם איז דאס זעלביקע אמת אין יעדער פון די זעקס ביבליאטעק צווייגן באזונדער".*)

אויך ענלאכע רעזולטאטן ווייזן אן די ארבעטן פון בולאק,**) הענדערסאן,***) און קוירפעטריק,****) וועלכע האבן צוזאמען באקומען ענטפערס פון 9899 קינדער, און א סך אנדערע. אין סך הכל קומט אויס, אז אנהייבנדיק פון זעקסטן ביז'ן צוועלפטן יאר, האבן קינדער ליב שטארקערע איבערלעבונגען, ווי מלחמה מעשות, ריזיקאלישע רייזעס, דעטעקטיוו מעשות, א. ד. ג. שפע־טער קומט פאר א טיפערע צעטיילונג צווישן אינגלאך און מייד־לאך. די ערשטע רייסן זיך גיכער צו ביאגראפיע, רייזע בא־

---

*) What Adults and Children Read. B Arthur E. Bostwick, Library Jour. 1896, Vol. 21, pp. 444-6.

**) Some Observations on Children's Reading. Proc. of N. E. A., 1897, 1015.

***) Report on Child Reading, N. Y. Report of State Supt., 1897, Vol. 2, 979.

****) Children's Reading, North-Western Mo., Dec., 1898, Vol. IX., 188 and Jan. 1899, 229.

שרייבונגען און געשיכטע, בעת צו די לעצטע אפעלירן מער מעשות פון שטילערן, היימישן לעבן און ליבע.*)

די ענדערונגען בנוגע דעם אינהאַלט פון לייענען וואָס קומען פאָר ארום דעם צוועלפטן אָדער דרייצענטן יאָר, קומען זיך צו־נויף מיט נאָך א וויכטיקער ענדערונג. עס קומט אוים אָפט צו הערן טענות, אז קינדער לייענען בכלל צופיל, אז זיי זענען צו וויניק איבערקלייבעריש און ווייזן ארוים א מאָדנע הנאה פונ׳ם פראָצעס פון לייענען גופא. אָט די אומקאָנטראָלירטע ליידנשאַפט צו לייענען רייסט זיך ארוים מיט א גוואַלטיקן אימפעט אין די דערמאָנטע יאָרן, ד. ה. אין עלטער פון דער געשלעכטלאכער רייף־צייט. די אויסטייטשונג אז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט א פאָר־נעניגן וואָס שטאַמט פונ׳ם הוילן פראָצעס פון לייענען, איז ניט אין גאַנצן פינקטלאך. עס איז גיכער א רייסן זיך אין דער וועלט אריין פון אַלע זייטן און ריכטונגען. אָפט מאָל פאַרמאָגט אָט דער לייען־דאָרשט אַזאַ אימפעט, אז יעדער אינהאַלט און יעדע פאָרם געווינט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פונ׳ם קינד. אַזוי למשל קומט פראָפעסאָר טשאַרלז ע. ראָסל צום שלום, אַז אין דרייצנטן יאָר וואַקסט די לייען־משוגעת צו אַזאַ מדרגה, אַז מען קען גאָר ניט געפינען קיין ביכער, וואָס זאָלן זיין מער באַליבט אָדער וויניקער. קינדער פון דעם עלטער „לייענען אַלץ וואָס פאַלט זיי אין די הענט אריין“.**) כמעט אַלע וואָס באַרירן די פראַגע וועגן דעם ווען קינדער לייענען מער און ווען וויניקער, שטרייכען אונטער דעם דערמאָנטן עלטער ווי א צייט ווען דער דאָרשט צו לייענען קען גאָרניט געשטילט ווערן, און ער זוכט אַלע מעגלאַכע קוואַלן פון וואַנען צו טרינקען.***) כאָטש א געוויסע איבערקלייבערישקייט איז יאָ דאָ, ווי עס איז שוין פריער אָנגע־וויזן געוואָרן.

---

*) Children's Interest in Books and Magazines. A. M. Jordan, Ped. Sem., Sept., 1925; Reading Interests, Lewis M. Terman, S. Margaret Lima, 1925, in Genetic Studies of Genius, ch. XV., 454.

**) Library Journal, 1897, Vol. 22, p. 194.

***) Conradi, Ped. Sem., Oct., 1903.

דאָס איז אויך די צייט ווען די קינדערס אינטערעס צו דער־ציילן אָדער שרייבן מעשות איז צום שוואַכסטן. דאָס לייענען, ריכטיקער, דאָס פאַרגעניגן אין לייענען, ציט צו די גאַנצע פּי־לאָמיטישע אויפמערקזאַמקייט. דאָס איז די צייט ווען דאָס באַ־וואוסטזיין פון׳ם אייגענעם אומרייפן צושטאַנד פאַלט צוזאַמען מיט אַ נעענטערער באַקאַנטשאַפט מיט דער דערוואַקסענער וועלט, וואָס שפּילט די באַשטימענדיקע ראָלע אין לעבן. אַ געפיל פון דער אייגענער באַוואוסטזיניק־געוואָרענער שוואַכקייט שאַפט דעם איינדרוק פון פאַרלאָזנקייט און איינזאַמקייט. דאָס איז אויך די צייט ווען פון איין זייט קומען פאָר פיזיאָלאָגישע און פּסי־כאָלאָגישע ענדערונגען צוליב די רייף־ווערנדיקע געשלעכטלאַכע אינסטינקטן, און בכלל צוליב דער נאַטירלאַכער ווייטערער אַנט־וויקלונג פון אַ העכערן עלטער, און פון דער אַנדערער זייט הויבט אָן אויפצוטויכן אין באַוואוסטזיין אַ מין אָנהויב פון דער פראַגע וועגן תּכלית און קאַריערע — ספּעציעל באַ אינגלאַך — וואָס דאָס איז אַ וויכטיקער מאָמענט אין פּסיכישן לעבן. דאָס קינד הויבט אָן פילן די באַגרענעצקייט און אָרימקייט פון זיין וועלט; עס פילט דעם ווידערשפּרוך צווישן דער הויכקייט פון׳ם פלי, וואָס איז איצט נויטיק און דער קליינקייט פון זיינע פליגל. דאָס לייע־נען גיט דעריבער די גרעסטע מעגלאַכקייט זיך אויסצוגלייכן מיט דער דערוואַקסענער וועלט, און שאַפט אויך די אָנגענעמסטע מאָ־מענטן, אין דער אומזיכערקייט פון יוגנט שטימונגען, דורך אויפ־בויען אַ באַשטימטע פילאָמיטישע וועלט אויפ׳ן אָרט פון אַן אומ־באַשטימטער ווירקלאַכקייט. *)

---

*) טייל פּסיכאָלאָגן לייקענען אַז אין דעם דאָזיקן עלטער קומען פאָר אַזעלכע גרינטלאַכע ענדערונגען ווי מען האָט אַמאָל געמיינט. אָבער אונזערע אויספירן דאָ ווערן ניט אָנגערירט אפילו פון דער דאָזיקער מיינונג.

זע וועגן דעם ענין :

Magnitude and Rate of Alleged Changes at Adolescence, E. L. Thorndike, Educational Review, Sept., 1917.

## ג. קינדער שאַפונגען.

דער אונטערשיד צווישן די קינדערס אָפּקלייב אין לייענען און זייערע אייגענע פרייע שאַפונגען איז ניט אַזוי ווייט־גייענדיק ווי עס קען זיך אין פלוג אויסדוכטן, אָבער דאָך זייער וויכטיק. באַם לייענען האָבן מיר די פּשוט'ע פיזישע באַגרענעצונג וואָס די קינדער האָבן פאַר זיך צוגעגרייטע ביכער און מעשות וועלכע זיי קענען ניט אַנדערש מאַכן. אָבער אין שאַפן, איז אַזאַ באַגרענעצונג ניטאָ. דאָ שאַפט די פילאָמיטישע טענדענץ וואָס איר איז ליב און נאָענט. אמת, דאָרט איז די באַגרענעצטקייט גאָר ניט אַזוי באַגרענעצט, און דאָ איז די פרייהייט נאָר ניט אַזוי פריי, ווייל פונקט ווי דאָרט האָבן מיר דעם איינפלוס פון'ם קינדערשן געשמאַק און די אָנשטרענגונג פון די דערוואַקסענע זיך צוצופאַסן צו אים, אַזוי האָבן מיר דאָ דעם איינפלוס פון די גרויסע און די קינדערס פאַרזוך צו בלייבן אין טאָן. איך וויל דערמיט ניט זאָגן אַז איןביידע פאַלן פעלט דער אמת'דיק פרייער אויסדרוק, וואָרים ווער עס זוכט אַן אויסדרוק וואָס קומט פון „זיך אליין", אָן שום זייטיקן איינפלוס האָט אין זינען אַן אבסאָלוטע „פרייהייט" און אַן אבסאָלוטן „זיך אַליין", וואָס געהערן צו דער מעטאַפיזיק, ניט צו דער לעבעדיקער, ממשותדיקער וועלט וואו אָן אַ קעגנזייטיקן איינפלוס איז קיין „זיך אליין" ניטאָ. עס איז אָבער, פאָרט פאַראַן אַ נפקא מינה וואָס מען טאָר באַין אופן ניט איגנאָרירן. די קינדערשע פרייע שאַפונג איז נאָך אַלעמען מער קינדעריש, מער אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ספּעציעלער מדרגה פונ'ם אומרייפן עלטער, איידער אַ שאַפונג פון אַ דערוואַקסענעם, ווי גרויס דעם דערוואַקסענעמס פייאיקייט זאָל ניט זיין זיך צוצופאַסן צום קינדערשן געמיט.

די סאַמע ערשטע סמנים פון פילאָמיטישן שאַפן באַ קליינע קינדער קען מען דוכט מיר שוין באַמערקן אין צוויי־יעריקן עלטער. איך האָב דאָ ניט אין זינען דעם כראָנאָלאָגישן עלטער, נאָר אַ געוויסע מדרגה פון שפּראַך אַנטוויקלונג צו וועלכער קינדער קומען צו אַרום יענער צייט. דאָס איז די מדרגה ווען דאָס קינד מאַכט די גרויסע „אַנטדעקונג", ווי די דייטשע קינדער־

פּסיכאָלאָגן, די שטערנס און בילער, רופן עס אָן, אַז יעדע זאַך האָט אַ נאָמען. דאָס איז שוין אויך מחייב אַז יעדע זאַך דאַרף האָבן אַ נאָמען, וועלכן מען קען צוטראַכטן אויב ער ווערט ניט געגעבן פאַרטיקערהייט. אָט די אַנטדעקונג פאַרשאַפט אַ גרויס פאַרגעניגן, וואָס דריקט זיך אויס אין דער קינדערשער הנאה אַרומצוגיין טייטלען מיט'ן פינגער אויף זאַכן און זיי אָנרופן ביי זייערע נעמען.

דאָס איז אויך די צייט ווען קינדער דריקן זיך שוין ניט אויס מיט בלויז איין וואָרט, מיט דעם אַזוי גערופענעם וואָרט־זאַץ — ד. ה. אַ וואָרט וואָס דריקט באמת אויס אַ פולן געדאַנק — נאָר מיט עטלאַכע ווערטער. און דער אויסדרוק דערציילט ניט בלויז פון אַ פאַרלאַנג אָדער אַ געפיל, נאָר גיט שוין איבער אַ שייכות צו אַ דרויסנדיקער זאַך, אַן אָביעקט, און עס ווערט שוין נייטיק אַריינצופירן אין לעבן דעם אָביעקט־סוביעקט סינטעז וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מעשה. דאָ הויבט זיך שוין אויך אָן די אַנטוויקלונג פון אַלגעמיינע אידייען, דער וויכטיקסטער מאָמענט פון שפּראַכלאַכן אויסדרוק, וואָרים שפּראַך איז דאָך אַ מין סטענאָגראַפישע פאַרקירצונג פון איבערלעבונגען. אירע סימבאָלן דריקן אויס גאַנצע גרופּעס, אָפּגעגרענעצטע קלאַסן, אָבער ניט די פּרטים פון געשעענישן. „בלויז אויף אַזאַ'ן אופן ווערט קעגנזייטיקער פאַרקער מעגלאַך, וואָרים די איינצעלנע איבערלעבונג לעבט אין אַן אינדיווידועלן באַוואוסטזיין און איז, שטרענג גערעדט, אוממיטטיילבאַר. כדי מען זאָל עפּעס קענען מיטטיילן דאַרף מען עס קענען צורעכענען צו אַ קלאַס, וואָס איר אידענטיטעט ווערט שטילערהייט אָנגענומען פון דער געזעלשאַפט“.*)

די ראָלע פון ווערטער אין דער סאַמע פריסטער קינדהייט איז אומגעהייער. די שוועריקייטן וואָס קליינע קינדער האָבן ווען זיי קענען ניט קלאָר מאַכן וואָס זיי ווילן, און פאַרקערט, דאָס פאַרגעניגן וואָס זיי האָבן ווען זייערע קלאַנגען העלפן אַרויס אין אָנשטויסן זיך אויף זייער פאַרלאַנג — וואָס ווערט נאַטירלאַך גלייך נאָכגעגעבן, אָט דאָס אַלץ מאַכט גרעסער דעם ווערט פון

*) Language, E. Sapir, 1921, 11.

פארשטיין, האָבן אַ קנאַפּן ווערט. עס דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר ווערן אַז פריער פאַר די מעלות פון קינסטלערישער הויכקייט און אינטעלעקטועלער צוגעפּאַסטקייט אין קינדער ליטעראַטור, שטייט די גרויסע מעלה פון פּילאָמיטישער וויכטיקייט. די דערמאָנטע צוויי שרייבערנס פאַרענדיקן זייער אַרבעט מיט אַזאַ באַמערקונג: „צווישן 1880 און 1910 האָט זיך אַנטוויקלט דאָס לערנבוך מיט ליטעראַרישן מאַטעריאַל. מענטשן האָבן געהאַט אַ באַגריף פון אַ ליטעראַריש לערנבוך אפילו פריער, אָבער זיי האָבן אויך געהאַט אַ באַגריף אַז אַ קינד איז אַן עמבריאָ דערוואַקסענער. פון זייער דערוואַקסענער הויך.... האָבן זיי כסדר אַראָפּגעגאָסן איבער, אין, און אַרום דעם קינד... די רייפע מאַטע־ריאַלן וואָס ליטעראַרישע מייסטער האָבן געשאַפן, אָן שום כונה אַז זיי וועלן זיין פאַר קינדער. זיי האָבן געטוליעט צו זיך די האָפע־נונג אַז די קינדער וועלן פּלוצלונג אויסוואַקסן מיט דער געוואוינ־הייט און דעם געשמאַק צו לייענען ליטעראַרישע שריפטן. אַ סך קינדער זענען טאַקע אַזוי אויסגעוואַקסן, אָבער דער קרעדיט געהערט צו זייערע עלטערן אָדער אַ דערבייאיקער ביבליאָטעק."
ווען מיר דערמאָנען זיך ווי אָרים עס איז דער קוואַל פון וואַנען אונזערע אידישע לערנביכער מוזן שעפּן, ווערט באמת ניט פריילאַך אויפ׳ן האַרצן.

די פערטע פעריאָדע, וואָס הייבט זיך אָן אַרום דעם דרייצנטן יאָר, צייכנט זיך אויס מיט דער אַנטוויקלונג פון עטוואָס נייע צענטערן סיי אין פיזיאָלאָגישן סיי אין פסיכישן לעבן. דער וואוקס פון האַרץ און אַרטעריען איז אַזאַ אַז די פּראָפּאָרציע איז לחלוטין ניט די זעלביקע ווי פריער, מיט׳ן רעזולטאַט וואָס עס קומט פאַר אַן אָנזעעוודיקע שטייגונג פון בלוט־דרוק. די טעמפּעראַטור שטייגט עטוואָס, וואָס דאָס איז אַן עדות אויף כעמישע ענדע־רונגען. דאָס קול בייט זיך באַביידע געשלעכטער. עס קומט פאָר אַ שנעלער וואוקס פון גאַנצן קערפּער, און דער וואוקס פון מאָרך דערגרייכט די לעצטע מדרגה. און פון אומגעהייערער וויכטיקייט איז דאָס וואָס די רעפּראָדוקטיווע אָרגאַנען ווערן רייף. ניט ווייניקער וויכטיק איז די אַנטוויקלונג אין דער פסיכישער ספערע. ווערטער, פאַסירונגען און מענטשן באַקומען אַ רייכערן

זינען. אָפּענע קעגנזייטיקע באַציאונגען ווערן געפירט אין גרענעצן פון מער קאָנטראָלירטע נאָרמען און לאָזן איבער אַ ברייטן שטח פון האַלב פאַרשטויסענע אידייען און ניט אויסגעדריקטע געפילן פאַר שטענדיקן פאַנטאַזירן און פאַרטיפטן חלום־אַרטיקן לעבן. דאָס אויפגעוואַכטע סעקסועלע לעבן, ווען דער מיטגליד פון צווייטן געשלעכט ווערט שוין אַן אָביעקט און אַ ציל, שטעלט לכתחילה אַוועק שאַטנדיקע אומבאַשטימטקייטן צו וועלכע עס ציט זיך די יונגע נשמה. עס קומט אויך פאָר אַ גלייכצייטיקע פאַרשאַרפונג סיי פון אינדיווידועלע סיי פון סאָציאַלע דאָרשטן.

אַזוי ווערט פאַר זיי די וועלט פול מיט קאָנפליקטן, קאָנפליקטן צווישן ברייט־אויסגעוואַקסענע פאַרלאַנגען און באַגרענעצטע מעגלאַכקייטן, צווישן דער אויפפּאַסונג פון פּערזענלאַכער פּייאיקייט, פאָלקאָמענהייט, נערעכטיקייט, און אָרומיקער, באַגרענעצטקייט, פאַלשקייט און מורא דאָס אַלץ צו אָנערקענען. דער פריערדיקער אידעאַל פונ׳ם אויסדערוויילטן העלד פאַרלירט שוין אַביסל זיין ווערט, ווייל זיין ספערע זעט איצט אויס צו זיין צו אָרים און זיין ראָלע אין איר, די ראָלע פון אַן איינציקער, דערוווייטערטער, אָפּגעזונדערטער, כאָטש העלדישער פיגור, קען שוין מער ניט זיין אַזאַ גרינטלאַכע טרייסט אין אַ וועלט וואָס איז געוואָרן ברייטער, פילזייטיקער און געזעלשאַפטלאַכער.

אויך דאָ שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לייענען דער מאָטיוו פון ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען, אָבער דער צוגאַנג איז שוין אַביסעלע אַנדערש. דאָ וואַקסט שוין אויס דער באַוואוסטזיניקער דאָרשט נאָך אינפאָרמאַציע. דאָס באַוואוסטזיין פון אייגענער באַגרענעצטקייט — דער מאָמענט פון זעלבסט־קריטיק, הייבט זיך שוין אָן צו באַווייזן. דער פאַרלאַנג צו שפּילן אַ גרעסערע געזעלשאַפטלאַכע ראָלע ווערט שטאַרקער. ממילא ווערט גרעסער דער פאַרלאַנג נאָך ליטעראַטור וואָס אינפאָרמירט. ממילא ווערט בכלל שטאַרקער דער פאַרלאַנג צו לייענען; לייענען וואָס מער, וואָס פאַרשידנאַרטיקער און אָנגעשטרענגטער. דאָס איז אַ מין זוכן אין אַלע ריכטונגען, אַ מין וועלן זיך ראַטעווען פון דער אייגענער פאַרלוירנקייט אין דער גרויס־געוואָרענער וועלט.

די ראָלע פון פיזישער קראַפט פאַרנעמט שוין ניט די

גאַנצע אויפמערקזאַמקייטס־ליניע באַ דער יונגנט. זי הייבט אָן דורכגעדרונגען צו ווערן — סיי דורך אינפאָרמאַציעס סיי דורך דירעקטער איבערלעבונג — מיט דער ראָלע פון גייסטיקע כחות אין דער וועלט, פון די איידעלערע, העכערע כחות. דאָ האָט שוין דער גרויסער דעטעקטיוו, אָדער פלינקער ראַנגלער ניט אַזאַ שטאַרקע פּאָזיציע אין פאַרגלייך מיט יענע מעשׂות פון געוואַגטן לעבן וואָס רוקן אַרויס דעם אַנטדעקער, דעם ערפינדער אָדער גרויסן קינסטלער. און ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן פאַרנעמען דאָ די ביאָגראַפיע, די רייזע באַשרייבונג און געשיכטע זייער אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ.

פון פּילאָמיטאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז וויכטיק צו פאַר־צייכענען אַז אין דער תקופה הייבן די קינדער אָן אָפּצוטיילן צוויי באַזונדערע פּילאָמיטאָלאָגישע ווערטן: דאָס באַריכט־אַרטיקע (די אמת'ע מעשׂה, ווי די ביאָגראַפיע, רייזע־באַשרייבונג, א. ד. ג.) און דאָס קינסטלערישע, דאָס וואָס ווערט אַוועקגע־שטעלט אין דער לאַגע פון אַ לעבנס־געשעעניש בכלל. שוין פריער האָבן מיר געזעען אַז אַזאַ פאַראַלגעמיינערונג־טענדענץ (אין שאַפּנדיקע מאָמענטן) איז פאַראַן אפילו אין דער גאָר יונגער קינדהייט. דאָ אָבער ווייזט זיך שוין אַרויס אַן אָפן באַמערקטע פאַנאַנדערטיילונג. און כאָטש באַ אַזעלכע קינדער האָט די אמת'ע מעשׂה, טאַקע ווייל זי איז אַן אמת'ע, נאָך אַלץ די פּריווילעגיע פון בילכערקייט, ווערט אָבער דאָס קינסטלערישע ווערק שוין אויך קלאָר אָפּגעשאַצט. וואָרים די מעלה פון דער ליטעראַרישער קונסט איז דאָס וואָס זי איז זיך ניט סומך בלויז אויף דירעקטע האַנדלונגען, נאָר ווייזט אָן אויפ'ן מענטשלאַכן זינען פון אַלע, אין פלוג גאַנץ זייטיקע, פּרטים פון דער גאַנצער אַרומיקייט. זאַכן, קאָלירן, ווערטער, באַוועגונגען, וועטער־ענדערונגען, חיות, פלאַנצן, קאָסמישע דערשיינונגען, מיט איין וואָרט, אַלץ וואָס רינגלט אונז אַרום, האָט פריער פון אַלץ אַ מענטשלאַכן ווערט, ניט קיין ווערט אין זיך אַליין. אַ נייע שול אין דער ליטעראַטור איז סוף כל סוף אַזאַ, וואָס ווייזט אָן אויפ'ן מענטשלאַכן זינען פון נייע אומבאַמערקטע, ד. ה. „נייטראַל"־אָנגענומענע דעטאַלן, אַזאַ צוגאַנג צו וועלט־דערשיינונגען אַנטפּלעקט אַ ניי מעבטיק

מיטל אין פילאָמיטישער רעאָרגאַניזאַציע פון לעבן. און דער אָנהייב פון אָט דעם פּראָצעס הייבט זיך אָן אין אָט דער פּערטער, אָדער פאָר־ליטעראַרישער פּעריאָדע.

אויך דאָ, פּונקט ווי אין דער ערשטער פּעריאָדע, דער פּע־ריאָדע פון נאָענטער דירעקטקייט, באַמערקט מען אַ באַזונדערע פאַרליבטקייט אין קלינגעדיקע ווערטער. אָבער איצט איז שוין דאָס וואָרט מער קאָנקרעטער סימבאָל, און ניט בלויז אָנגעפּילט מיט אַ טונקל געפיל פון „זאַכקייט״; דאָס וואָרט האָט שוין דעמאָלט ניט בלויז זיין עמאָציאָנעלן, נאָר אויך זיין סאָציאַלן ווערט. אין אַלגעמיין זעען מיר אין יעדער תקופה ווינטיקע דערשיינונגען פון פריערדיקע, נאָר אין אַ נייעם זינען און מיט אַ רייכערן הינטערגרונט, וואָס וואַרפט אַ באַזונדער ליכט אויף פילאָמיטישער עוואָלוציע.

ווי געזאָגט, האַלטן מיר איצט באַ אַ פאָר־ליטעראַרישן עלטער. דאָ איז ניט אַזוי ווינטיק דאָס, וואָס אַזעלכע קינדער קענען שוין מער אָדער ווייניקער אויפכאַפּן די שיינקייט פון אַ בילד, די טרעפלאַכקייט פון אַ פאַרגלייך, אָדער די קראַפט פון אַ וואָרט, נאָר דאָס — סוף כל סוף די זעלביקע זאַך — וואָס זיי קענען שוין פילן די שייכות פון אָט די אַלע ליטעראַרישע מיטלען צו די טיפערע איבערלעבונגען. דער פריילאַכער סוף פאַרנעמט נאָך על פי רוב דעם אויבן־אָן אין פילאָמיטישע מעג־לאַכקייטן. דער שכר פאַר גוטס און די שטראָף פאַר שלעכטס איז פילאָמיטיש אַ נאַטירלאַכע פאַרענדיקטקייט פון אַן עפּיזאָד. דאָס ווערט דיקטירט פונ׳ם דאַרשט נאָך אַן אויבערפלעכלאַכן אָפּטימיזם וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אומרייפער פילאָ־מיטישער אַנטוויקלונג. בלויז פולע דערוואַקסנקייט באַרייכערט די פילאָמיטישע וועלט ניט בלויז מיט דער הנאה פון דערגרייכונג, נאָר אויך מיט דער התראה פונ׳ם דורכפאַל. דער דורכפאַל וואָרנט, לערנט, ווייזט אָן אויף דער נייטיקייט פון נייע וועגן אין לעבן. דער פילאָמיטישער דורכפאַל איז אויך אַ באַפרידיקונג פון אַ פאַרלאַנג, אַ פאַרלאַנג פון אַ העכערער מדרגה, אַ פאַרלאַנג צו זען די שטרויכלונגען אויפ׳ן זיגזאַג־וועג פון פאַרלאַנגען.

עס וואָלט ממש געווען אַ גליק ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ

רייכע ליטעראַטור פול מיט יענער ראָמאַנטישער אינספּיראַציע, וואָס רעאָרגאַניזירט און פּאַסט צו דאָס לעבן אין אָט דער פּעריאָדע. אַזא ליטעראַטור וואָלט שוין ממילא — צווישן אַנדערע אַנגעוויזענע מאָמענטן — אויך זיך אָפּגעשטעלט אויף די יונגטלאַכע באַציאונגען צווישן די געשלעכטער, יענע צאַרטע, איינגעהאַלטענע און כיטרע באַציאונגען וואָס מיר באַגעגענען אַזוי זעלטן אין דער ליטעראַטור. אַזעלכע ווערק וואָלטן ממש געווען אַ דערלייזונג. צום באַדויערן זענען מיר אָבער זייער אָרים אין דעם פּרט. עס איז זייער מעגלאַך אַז דאָס איז לכל הפּחות איינע פון די סיבות, פאַרוואָס די יוגנט איז אַזוי שפּרינגעוודיק און ווייניק איבערקלייבעריש אין איר לייענען. וואָרים בנוגע צוגרייטן אַ פּאַסיקע ליטעראַטור, איז פאַר דער יוגנט ווייניקער געטאָן געוואָרן ווי פאַר יעדן פריערדיקן עלטער.

## ה. דער שטאַנדפּונקט פון קונסט.

אין זיין אַרטיקל „צו דער פּראָבלעם פון דער קינדער־ליטעראַטור“, *) שטעלט ה. ש. קאַזדאַן קודם כל אוועק די פראַגע:

„איז פאַראַן אַ ספּעציפישע שאַפונג פאַר קינדער?“ און גיט דערויף אַ קאַטעגאָרישן נעגאַטיוון ענטפער. „די טעאָריע פון קונסטשאַפונג — ווייסט ניט פון קיין ספּעציפישע מעטאָדן פאַר דערוואַקסענע און קינדער באַזונדער. די פּרינציפּן פון קינסט־לערישער שאַפונג זענען איינע און די זעלבע באַ אַלע פעלקער, אויף אַלע שפּראַכן, און זיי זענען איינע און די זעלבע פאַר פאַרשידענע עלטערס און געשלעכטער, פון דער צווייטער זייט ווייסן מיר אויך פון דער פּראַקטיק, אַז באַ קינדער זענען די באַליבטסטע ווערק, פון טאָלסטאָי, טשעכאָוו, קאָראָלענקאָ אַנדרעיעוו, אָדער באַ אונז פון פּרץ, מענדעלע, שלום עליכם, שלום אַש — קיינמאָל ניט געשריבן געווען, ניט פאַרטראַכט געווען ווי ספּעציעלער לייען מאַטעריאַל פאַר קינדער. אָבער זייער

*) צו דער פּראָבלעם פון קינדער ליטעראַטור, ה. ש. קאַזדאַן, נייע שול, אפּריל־מערץ 1921.

געניאַליטעט און קינסטלערישקייט האָט זיך ניט געמינערט אויף א האָר דערפון, וואָס זיי זענען מיט דער צייט אַנגענומען געוואָרן מיט אזא התלהבות און ליבשאַפט אויך באַם קינדערשן עולם. פאַרקערט די צענדליקער קינדער דערציילונגען און געשיכטן פון די פאַרשיידענע לוקאַשעוויטשעס, טשאַרסקעס וכדומה (באַ אונז, להבדיל, ז. ראָזנטאַל, מ. טייטש, א. אנד.) — האָבן זיך ניט אויפגעהויבן אויף קיין איין שטאַפּל צו אמת'ער קונסט, צו ווירקלאַכער שיינער שאַפונג, ניט געקוקט אויף זייער פאַרשפּרייטקייט און כלומר'שטער באַליבטקייט באַם גרויסן עולם קינדער לייענער."

איך גלויב אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי די אינטערעסן פון ריינער קונסט, אָן שום שייכות צו מענטשן און לעבן. יאָ, געוויס איז פאַראַן אַזאַ אַבסטראַקציע — צו וואָסער אַבסטראַקציע קענען זיך דען מענטשן ניט דערטראַכטן? אָבער פון שרייבער איבער קינדער ליטעראַטור האָבן מיר זיכער אַ רעכט צו פאָדערן אַז זיי זאָלן לייגן דעם טראָפּ אויף דעם דערציערישן, ניט אויפ'ן קינסטלערישן מאָמענט, ווען זיי גייען ניט ביידע צוזאַמען. צו זאָגן אַז שלום עליכם איז באַליבט און לוקאַשעוויטש איז „כלומר'שט" באַליבט, און דערביי זיך אָפּשטעלן, איז פּשוט אַן עולה. שלום עליכם איז קאַזדאַנ'ען ליבער איידער לוקאַשעוויטש, מיר אויך, אָבער דער „כלומר'שט" איז דאָך דאָ קאַזדאַנ'ס ניט דעם קינדס, בעת אין זיין אַרטיקל וויל ער דאָך ציען אונזער אויפמערקזאַמקייט צום קינד, ניט צו זיך. דאָ האָבן מיר אַ פעסטשטעלונג פונ'ם זעלביקן שטאַנדפּונקט ווי באַם פריער ציטירטן וואָלגאַסט און באַם אַמעריקאַנער מאָזעס. כאָטש דער לעצטער איז אַ סך פאָרזיכטיקער. וואָרים מאָזעס זאָגט, אַז צו האַלטן נאָר יענע ביכער פאַר גוטער קינדער ליטעראַטור, וואָס אויך דערוואַקסענע קענען הנאה האָבן פון זיי, „קען זיין זייער איינזייטיק און קען פירן צו פאַלשע אויסטייטשונגען". *)

דאָס וואָס שלום עליכם, פּרץ, מענדעלע, אָדער אַנדערע אַנערקענטע אידישע שרייבער האָבן ניט געשריבן ספּעציעל פאַר

*) Children's Books and Reading, Montrose J. Moses, 1907, 7

קינדער,*) איז דאָס זיכער אַ קליינע טובה פאַר זיי, אָבער אַ גרויסע רעה פאַר אונזער קינדער ליטעראַטור. עס וואָלט געווען אַ גליק פאַר אונז אַלעמען ווען גרויסע טאַלאַנטן זאָלן זיך דורכדרינגען מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון קינדער פון פאַרשידענע עלטערס און שרייבן פאַר אַלע תקופות, אָבער ספּעציעל פאַר דער דריטער און דער פערטער. דאָס וואָס מיר קענען אָפּקלייבן בײַ פאַרשידענע קינסטלער זאַכן וואָס זענען פּאַסיק פאַר די פאַרשידענע רעגונגען פון די קינדער, באַווייזט אַז מיט מער באַוואוסטזיין מצד אַזעלכע שרייבער וואָלטן זיי געקענט אַ סך מער באַרייכערן די קינדער ליטעראַטור. דאָס באַווייזט אויך אַז קינסטלער האָבן ליב אַמאָל זיך צו ווענדן צו אַזעלכע לעבנס־ספערן וואו זיי קענען זיך באַפרייען פון העכערע ליטעראַרישע און טעכנישע דערגרייכונגען און סובטיליטעטן, און ווערן דערמיט אַליין נענטער צו קינדער. ווי די לאַגע איז איצט קען מען טאַקע פון שלום עליכמ'ען נעמען אַ היפּשע צאָל זאַכן פאַר קינדער, ווייל שלום עליכם איז בטבע דירעקט, דערציילעריש, וואָס איז אַ גרויסע מעלה אי פאַר דער דריטער אי פאַר דער פערטער פּעריאָדע. קומען מיר אָבער צו פּרצ'ן איז שוין די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. איך בין זיכער אַז ווען פּרץ וואָלט געהאַט פאַר זיך אַ קינדער לייענער און געשריבן דירעקט פאַר קינדער, וואָלטן אויך אונזערע לערער געקענט אונטערטראָגן זייערע תלמידים אונזער פּרץ. אַזוי איז אָבער פּרץ פאַר די קינדער מער גרויסער נאָמען איידער גרויסער דערציילער. אַז מענדעלע זאָל זיין באַליבט בײַ קינדער, אפילו אין דער פערטער תקופה, דאָס איז פאַר מיר באמת אַ נייעס, און ס'וואָלט פאַר מיר געווען אַן אמת'ע איבער־ראַשונג, ווען אַ פּאָרזיכטיקע אונטערזוכונג זאָל דאָס פעסטשטעלן. אמת, ווען גרויסע טאַלאַנטן זאָלן שאַפן קינדער ליטעראַטור וואָלטן זיי בלויז אויסגעמיטן די שרעקלאַכע חסרונות פון אַ סך פּראָפעסיאָנעלע שרייבער פאַר קינדער, קיין קונסט אין דער־וואַקסענעם, רייפן זין פון וואָרט וואָלט עס ניט געווען. אָבער

*) ווי עס גיט מיר איבער י. ד. בערקאָוויטש — דער בעסטער קענער פון שלום־עליכמ'ס אינטימען לעבן — זיינען שלום־עליכמ'ס קינדער מעשות לכתחילה געשריבן געוואָרן פאַר קינדער.

קינדער ליטעראַטור דאַרף ניט, טאָר מיט זיך ניט פאָרשטעלן קיין רייפן קינסטלערישן פּראָדוקט, ווי מיר געפינען עס אין דער דערוואַקסענער מאָדערנער ליטעראַטור. אַנדערסענס קינדער שאַ־פונגען קענען ניט זיין קיין טייל פון אַ דערוואַקסענער, רייפער ליטעראַטור, ד'אַמיטשי'ס אויך ניט. דאָס נעמט אָבער ניט אוועק פון זייער ווערט פאַר קינדער. יעדעס ווערק דאַרף קודם כל געפינען אַ באַרעכטיקונג פון שטאַנדפּונקט פון זיין פילאָמיטישער פונקציע, דער קינסטלערישער שטאַנדפּונקט איז אַן אַבסטראַקציע און סיי ווי געבויט אויף פילאָמיטאָלאָגישע געזעצן.

פון דעם וואָס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן וועגן די פאַרשידענע פילאָמיטישע כאַראַקטער שטריכן פון פאַרשידענע עלטערס, איז קלאָר אַז מען קען די שאַפונגען פאַר קינדער ניט איבערלאָזן צום קינסטלערישן צופאַל. און אויב דאָס קען נאָך ווי עס איז געטאָן ווערן בנוגע דער פאַר־ליטעראַרישער תקופה, קענען מיר אָבער לחלוטין ניט לאָזן אַזאַ צושטאַנד בנוגע די פריערדיקע עלטערס. עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז היינריך וואָלגאַסט, וואָס האַלט זיך אַזוי שטאַרק בא שטאַרמ'ס פּאַראַ־דאָקס אַז „אויב דו האָסט בדעה צו שרייבן פאַר קינדער זאָלסטו ניט שרייבן פאַר קינדער,״ אָט דער וואָלגאַסט האַלט אויך אַז מען דאַרף קינדער תמיד באַטראַכטן ווי מאַטעריאַל צו באַאיינ־פלוסן באַוואוסטזיניק. מען דאַרף זיי, האַלט ער, לערנען און דערהייבן דורך קינסטלערישע ווערק. לייענען ווי אַ קוואַל פון פשוט'ער הנאה („אונטערהאַלטונג״) איז ניט נאַטירלאַך פאַר קינדער, ווייל זיי געפינען עס געוויינטלאַך אין זייער שפּיל. אונטערהאַלטונג איז אייגנטלאַך אַ פאָרם פון אָפּרוען זיך, און קינדער דאַרפן בלויז זיין טעטיק. און אין „אונטערהאַלטונג״ רעכנט וואָלגאַסט אויך אַריין דעם שונד ראָמאַן פאַר קינדער, וועלכער פאַרנעמט, ווי ער גיט צו, דעם גאַנצן פּלאַץ פון קינדערשן פרייען לייענען. ווער זשע איז שולדיק דערין וואָס קינדער גיבן זיך אַזוי פיל אָפּ מיט עפּעס וואָס איז „ניט נאַטירלאַך פאַר זיי״? די שול. אמת, אין לערנבוך איז קיין שונד ניטאָ, אָבער דאָרט ווערט אויך ניט אונטערגעשטראָכן דער ווערט פון ריינער קונסט, און דאָ ליגט די צרה. מען דאַרף כסדר קלאָר מאַכן אַז דאָס

לייענען איז בלויז א מיטל אריינצופירן קינדער אינ'ם פּאָעטישן געגנוס פון קינסטלערישער שאַפונג, בלויז דאָס, און ניט קיין אנדער זאַך. *)

דאָ זעט זיך צום בולט'סטן ארויס די נפקא מינה צווישן דעם אבסטראַקט קינסטלערישן און דעם פּילאָמיטישן שטאַנד־פּונקט אין קינדער ליטעראַטור. בלויז אַזאַ אונטערשטרייכונג פון באַוואוסטזיניק לערנען און „דערהייבן", בלויז אַזאַ שטאַנדפּונקט וואָס רייסט אָפּ דאָס „פּאָעטישע געניסן" פון קאָנקרעטן, פּול־בלוטיקן לעבן און איבערלעבן, קען פירן אַ דערוואַקסענעם מענטשן וואָס אָטעמט אין אַן אַטמאָספערע פון „סתם קונסט", פאַלש אויסצוטייטשן דעם ווערט פון רייפער קונסט פאַר אומרייפע מענטשן. אַ מאָדערנער דערציער, דוכט מיר, דאַרף על פּי נויט געצוואונגען זיין צו רעווידירען אַזאַ טעאָריע. וואָרים די ראָלע פון פּילאָמיטישער שאַפערישקייט אין הערן און דערציילן, אין לייענען און שרייבן, איז אַזוי גרויס, עכט און וויכטיק אין לעבן פון מענטשן בכלל און פון קינדער בפרט, אַז מען טאָר ניט בויען אין גאַנצן אויף הוילע עסטעטישע אַבסטראַקציעס.

### באַמערקונג צום פינפטן קאַפּיטל

ווען דאָס דאָזיקע קאַפּיטל איז שוין געווען אויפגעזעצט איז מיר געקומען צו האַנט אַ נאָך וואָס דערשינענע שטודיע איבער קינדער ליטעראַטור.**) די אויפגאַבע פון אָט דער אויספאָרשונג איז געווען זייער אַ פּראַקטישע: צו שאַפן אַ ליסטע פון ביכער וואָס זאָלן זיין פּאַסיק פאַר פאַרשידענע עלטערס און לייען־פעיאַי־קייטן. די אויספאָרשונג שטיצט זיך אויף פאַרשידענע ידיעות און אַנקעטעס פון 36,750 קינדער און עס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט אַרום 800 לערער פון פאַרשידענע טיילן פון לאַנד. אויף אַזאַ'ן אופן האָבן זיך אָנגעזאַמעלט באַריכטן איבער 9,200 ביכער. ווי ווייט מיר איז באַקאַנט איז אויף דעם פעלד נאָך ניט געמאַכט געוואָרן קיין אויספאָרשונג מיט אַזאַ ברייטן פאַרנעם. פאַרשטייט זיך אַז נאָך דעם ווי מען האָט אָנגעקליבען אַ צאָל

*) Wolgast, l.c. (Dritte Auflage), 10, 11, 12.

**) Winnetka Graded Book List, Washburne & Fogel.

ביכער צו וועלכע קינדער זענען שטאַרק גענייגט, איז דאָך נייטיק געווען צו באַשטימען דעם ליטעראַרישן אָדער קינסטלערישן ווערט פון יעדן בוך. מען וועט דאָך ניט נעמען און רעקאָמענדירן קינדער שונד ביכער, אָבער ווי אַזוי געפינט מען עס אויס דעם ווערט פון אַ בוך פון אַ ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט? ווען מען רעדט אין אַלגעמיין, איז ניט שווער צו זאָגן „קונסט" און פּאַר־טיק. אָבער ווען מען האָט אויף זיך אַ קאָנקרעטע אויפגאַבע דורכצופירן איז, ווייזט אויס, דער ענין גאָר ניט אַזוי פּשוט. ווייל ניט נאָר האָבן מיר ניט קיין אָביעקטיוון וועג צו באַשטימען דעם ליטעראַרישן ווערט פון אַ ווערק, נאָר מיר האָבן אפילו ניט קיין אָנווייז וואָס מיר זאָלן טאָן כדי ווען עס איז צו דערשלאָגן זיך צו אַזאַ'ן אָביעקטיוון וועג ביים רעקאָמענדירען ביכער צו קינדער.

דאָס איינציקע וואָס איז געבליבען צו טאָן איז, זיך צו ווענדן צו עקספּערטן. דרייצן קינדער ביבליאָטעקאַרן פון די בעס־טע עקספּערטן איבער קינדער־ליטעראַטור איבער'ן לאַנד האָבן אָנגענומען צו באַשטימען דעם ליטעראַרישן ווערט פון די ביכער וועגן וועלכע מען האָט זיך צו זיי געווענדט. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן אַז קיין פולע הסכמה איז צווישן זיי ניט געווען, „אויב מען וואָלט אריינגענומען אין דער ליסטע בלויז אַזעלכע ביכער, וואָס אַלע דרייצן האָבן מסכים געווען אַז זיי האָבן אָן אַ ספק אַ ליטעראַרישן ווערט, וואָלט די ליסטע אַנטהאַלטן בלויז 35 בי־כער.*) האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן אַרויסצוואַרפן בלויז אַזעלכע ביכער אויף וועלכע ניט ווייניקער פון דריי פערטל פון די עקספּערטן האָבן געשטימט, אַז זיי זענען שונד. און אָט וואָס די שרייבער זאָגן וועגן דעם גאַנצן ענין: „די ביכער פון איין סעריע — 17 ביכער — האָבן אַלע דרייצן עקספּערטן־ביבליאָ־טעקאַרן איינשטימיק דערקלערט פאַר שונד, און כמעט אַזוי איינ־שטימיק (98%) זענען זיי באַליבט ביי די 900 קינדער וואָס האָבן זיי געלייענט. פון דער אַנדערער זייט, פון די צען ביכער וואָס זענען צום מערסטן פּאָפּולער איז קיין איינס ניט אָפּגע־

*) Winnetka Graded Book List 9.

שאַצט געוואָרן ווי שונד פון די ביבליאָטעקאַרן (כאָטש איין ביב־ליאָטעקאַר האָט יא אַזוי געשאַצט „האַקלבערי פין”). על פי רוב זעט מען ניט אַז די קינדער׳ס געשמאַק זאָל מאַכן גרויסע טעות׳ן. אויב אַ גרופּע קינדער־ביבליאָטעקאַרן, אויסגעקליבן פון די גרעס־טע עקספּערטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן חלוקי דעות צווישן זיך, וועגן דעם וואָסערע ביכער האָבן אַ גרויסן ליטעראַ־רישן ווערט, און וואָסערע זענען שונד, ווייזט דאָס ניט אַז קיי־נער פון אונז קען ניט אויפשטעלן קיין ענדגילטיקן אַלגעמיין אָנגענומענעם מאָסשטאַב פון ליטעראַריש פאַרדינסט? אויב מיר, דערוואַקסענע, שטימען ניט איין וואָס עס מאַכט אַ בוך פאַר „ליטעראַריש”, זאָל „ליטעראַריש פאַרדינסט” זיין אַן ערשטער, באַשטימענדיקער פאַקטאָר אין אויסקלייבן און רעקאָמענדירן בי־כער פאַר קינדער? איז ניט וויכטיקער צו וויסן פון וואָסערע ביכער עס וועלן באמת הנאה האָבן קינדער פון פאַרשידענע על־טערס און מדרגות פון לייען־פייאיקייט?

„בכלל, גענוי וואָס איז אַזוינס „ליטעראַריש פאַרדינסט?”*)

בלויז מענטשן וואָס האָבן ניט קיין פּראַקטישע אויפגאַבן, אָדער וואָס פאַרגעסן זיך אָן אַזעלכע אויפגאַבן, אין קינדער ליטע־ראַטור, קענען זיך פאַרגינען דעם לוקסוס פון איגנאָרירן די דאָזיגע פראַגן און אָפּקומען מיט שאַטנדיקע טעאָריעס.

*) Winnetka, etc., l.c., 44.

## קאפיטל VI

# פסיכאָאנאַליז און קונסט

### א. די פסיכאָאנאַליטישע טעאָריע.

דאָס דאָזיקע בוך האָט זיך ניט געשטעלט פאַר קיין אויפגאַבע זיך פאַנאַנדער צו קלייבן אין קונסט־פּראָבלעמען בכלל. אויף וויפיל דאָ ווערט באַרירט קונסט האָבן מיר בלויז געוואָלט אַנאַליזירן איין איינציקע קונסט צווייג, די פּילאָמיטיש־ליטעראַרישע. אָבער די ענ־לאַכקייט צווישן די קונסטן איז אַזאַ, אַז אַ ווערטפולע טעאָריע וועגן קונסט־דערשיינונגען בכלל וואָלט זיכער געווען אַ גרויס געווינס פאַר יעדער צווייג באַזונדער. עס איז דעריבער באַזונדערס וויכטיק צו באַטראַכטן די פסיכאָאנאַליטישע פאַרזוכן אינ'ם פעלד פון קונסט, וואָס האָבן אין אָנהייב געגעבן גאַנץ גרויסע הבטחות. די פסיכאָאנאַליטישע פאַרדינסטן פאַר פסיכאָלאָגיע בכלל איז שוין פריער דערמאָנט און אָנערקענט געוואָרן. לאָמיר אָבער זען וויפיל קלאָרקייט די דאָזיקע טעאָריע ברענגט אַריין אין קונסט־דערשיי־נונגען מיט וועלכע זי האָט זיך פאַרנומען מער ווי יעדע אַנדערע פסיכאָלאָגישע שול.

פסיכאָאנאַליז און קונסט, אַ פסיכאָלאָגישע טעאָריע וואָס זוכט צו דערקלערן קונסט־דערשיינונגען — וואָסער טייערע בשורה דאָס דאַרף זיין פאַר יעדן מענטשן וואָס קונסט איז באַ אים מער ווי אַ פאַרבייגייענדיקער ספּאָרט, און ספּעציעל פאַר'ן קונסט פאָרשער און פאַר'ן קריטיקער.

אין משך פון די לעצטע פערציק־פופציק יאָר, בעת'ן אויפ־שוואונג פון דער פסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט, האָט זיך אָפּט גע־פילט אַזוי ווי דער קריטיקער וואָלט געקלאַפּט אין די טירן פון דער פסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע און געבעטן אַביסל מער ליכט פאַר די טונקעלע זייטן פון זיינע פּראָבלעמען. און וואָס מער דער

פּסיכאָלאָג האָט געהויבן מיט די אַקסלען ווען ער האָט געהערט אַזעלכע ווערטער ווי „אינטואיציע", „קינסטלערישע פּערזענלאַכ-קייט", „אינספּיראַציע" א. ד. ג. אַלץ מער האָט זיך דער קריטיקער געפילט באַרעכטיקט צו זאָגן : נו, אדרבא, ילמדנו רבנו. אויב דו, פּסיכאָלאָג, דענקסט אַז די אַלע ווערטער דריקן נאָר אויס פּאַר־וויקלטע קאָמפּלעקסן וואָס מאַכן אַלץ טונקעלער און דערקלערן גאָר ניט, בין איך מרוצה אָנצונעמען די רעזולטאַטן פון דיין אַנאַליז, אויב זיי וועלן מיר געבן די קלאָרקייט וואָס דו פּאַרלאַנגסט, און אין וועלכער איך אַליין נייטיק זיך אַזוי שטאַרק. דו דאַרפסט אָבער מאַכן דעם אַנאַליז, דאָס איז דיין עובדא, ניט מיינע". דער פּסיכאָלאָג האָט נאַטירלאַך זיך בלויז געקענט אָפּבעטן: „וואַרט, עס וועט קומען אַ צייט, האָב בטחון, אונזער וויסנשאַפט איז נאָך יונג, די שוועריקייטן זענען אומגעהייער'" א. אַ. וו.

פון דעם אויס'טענה'ן זיך איז, פּאַרשטייט זיך, ביידן ניט לייכטער געוואָרן, און אַלץ אין דער וועלט איז זיך ווייטער אָנגע־גאַנגען אַזוי ווי נעכטן־אייערנעכטן. פּלוצלונג עפנט זיך אַ טיר, גאָר אַ זייטיקע טיר, אַ טיר פון פּסיכיאַטרישן קליניק, און עס דערהערט זיך אַ קול : „ווילט איר אַ טעאָריע וואָס זאָל דערקלערן קונסט־דערשיינונגען ? אָט איז זי ! " סיי דער פּסיכאָלאָג, סיי דער קרי־טיקער, און אפילו דער אינטעליגענטער קונסט־געניסער זענען גע־בליבן פּאַרגאַפּט. אויף אַזאַ גוטער בשורה האָט זיך קיינער אַזוי שנעל ניט געריכט. אָבער די מענטשן פונ'ם פּסיכיאַטרישן קליניק, די פּסיכאָאַנאַליטיקער, זענען ניט געבליבן בלויז באַם פּרעטענ־ציעזן אויסרוף „אָט איז זי!" זיי האָבן זיך טאַקע גענומען באַווייזן, און מיט יעדן טאָג זענען זיי געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער. אָן אַ שיעור ערודיציע, וויסן, איינפּאַל, פּאָרשונג, זענען באַנוצט געוואָרן, אַ גאַנצע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן כדי צו דערקלערן קונסט אויף אַ פּסיכאָאַנאַליטישן אופן.

עס האָט גראָד אַזוי פּאַסירט אַז בעת די פּסיכאָאַנאַליטיקער האָבן זיך ערנסט עוסק געווען אין קונסט פּראָבלעמען, איז זייער טעאָריע, וואָס נעמט אַרום כמעט דאָס גאַנצע מענטשלאַכע לעבן, זייער שטאַרק — מען מעג זאָגן שרעקלאַך — פּאָפּולאַריזירט געוואָרן. און ווי יעדער געדאַנק וואָס פּאַלט פּרי־צייטיק אַריין אין

דער „שוסטער־גאַס“, איז אויך די דאָזיקע אויפפאַסונג אַרומגע־
רינגלט געוואָרן מיט וואולגאַרע און סתם פאַלשע אויסטייטשונגען.
בא אַנהענגער און קעגנער האָבן זיך צעקאָכט כמעט מיליטערישע
ליידנשאַפטן, דער באַגער צו זיגן האָט אָפט אָפּגעשטויסן דעם
פאַרלאַנג צו פאַרשטיין, און הייסע פּאָלעמיק האָט אָפט פאַרנומען
דעם פּלאַץ פון קאַלטן אָביעקטיוון פאָרשן. עס איז נאַטירלאַך אַז
אונטער אַזעלכע אומשטענדן זאָלן סיי אַנהענגער סיי קעגנער אי־
בערכאַפּן די מאָס און דערמיט אַריינברענגען נאָך מער טונקלקייט
און פאַרפּלאָנטערטקייט אינ׳ם גאַנצן ענין.

איצט איז שוין, דאַנקען גאָט, אין „גאַס“ שטיל. בנוגע קונסט
האָט שוין פּסיכאָאַנאַליז, ווי עס ווייזט אויס, אַרויסגעזאָגט דאָס
וויכטיקסטע וואָס זי האָט געוואָלט לאָזן הערן. דעריבער איז איצט,
גלויב איך, די בעסטע צייט צו מאַכן אַ סך הכל פון דעם וואָס
פּסיכאָאַנאַליז האָט בייגעטראָגן צו קונסט. וואָס איז דער כאַראַק־
טער פון אָט דעם ביייטראָג? אויף וויפיל העלפט ער אונז בעסער
און טיפער זיך פאַנאַנדער צו קלייבן אין קונסט פּראָבלעמען? וואָס
איז דער ווערט פון דער מעטאָדע מיט וועלכער פּסיכאָאַנאַליז איז
צוגעטראָטן צו קונסט־דערשיינונגען? אַ רעזומע פון אַלץ וואָס די
פּסיכאָאַנאַליטישע אויפפאַסונג האָט געזוכט אויפצוטאָן אויפ׳ן
פעלד פון קונסט, וועט פּרובירן ענטפערן אויף די אָנגעגעבענע
און ענלאַכע פראַגעס, און אומדירעקט אויך אָנווייזן אין וואָסער
ריכטונג די ווייטערדיקע אויספאָרשונג פון קונסט עניינים דאַרף
געפירט ווערן.

אָבער קודם כל, וואָס איז אַזוינס פּסיכאָאַנאַליז? פּסיכאָ־
אַנאַליז קען אויפגעפאַסט ווערן פון צוויי שטאַנדפּונקטן: אַ פּראַק־
טישן און אַ טעאָרעטישן. פון דער פּראַקטישער זייט האָט פּסיכאָ־
אַנאַליז צו טאָן מיט נייע מעטאָדן צו היילן געוויסע פּסיכישע
קראַנקייטן. אויף אַזוי ווייט איז דאָס אַ ריין פּסיכיאַטרישער ענין
און האָט מיט קונסט גאָר ניט וואָס צו טאָן. מיר מוזן זיך דעריבער
דאָ באַשעפטיקן בלויז מיט דער טעאָרעטישער זייט. טעאָרעטיש
שטעלט פּסיכאָאַנאַליז פאָר אַ נייע אויפפאַסונג וועגן דעם אינ־
האַלט און די אַרבעט־אופנים פון דער מענטשלאַכער פּסיכיק אין
אַלע אירע פאַזן, פאָרמען און אויסדרוקן. עס קען ממילא קיין רייד

ניט זיין ווענן געבן אַ פולן איבערבליק איבער דער דאָזיקער טעאָריע, וואָס האָט צו מיין אַרבעט בלויז אַ טיילווייזע שייכות. איך וועל זיך מוזן באַנוגענען בלויז מיט יענע טיילן פון דער פּסיכאָאַנאַליטישער טעאָריע וואָס זענען דירעקט אָנגעווענדט געוואָרן אין די פאַרשידענע פאַרזוכן צו באַלייכטן די פּראָבלעמען פון קינסטלערישן שאַפן.

דער גרונט־עלעמענט פון אונזער פּסיכישן לעבן, לערנט אונז זיגמונד פרויד — דער הויפּט־שאַפער און באַגייסטערער פון דער גאַנצער פּסיכאָאַנאַליטישער שול — איז דער פאַרלאַנג. די פונדאַמענטאַלע כאַראַקטעריסטיק פון לעבן, זיך אַליין צו פאַראייביקן, דריקט זיך בא אונז אויס אין דער פאָרם פון פאַרלאַנגען, פון רייסן זיך מיט אַלע כחות, אַז דער דאָזיקער צוועק זאָל וואָס בעסער און וואָס זיכערער דערגרייכט ווערן. אמת, אין אונזער באַוואוסטזיין שפּילט אָט דער מאָמענט ניט אַזאַ אָנגעזעענע ראָלע. אין אונזער טאָגטעגלאַכן לעבן, און בעת מיר קוקן אַריין אין זיך, באַמערקן מיר אַ סך פאַרשידענע עלעמענטן, און ניט בלויז דעם פאַרלאַנג. דאָס איז דערפאַר וואָס בעת מיר טראַכטן, אָדער „קוקן אַריין" אין דער אייגענער נשמה, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז בלויז אַ קליינער חלק פון אונזער פּסיכישן לעבן. בכלל האָבן מיר אַ טעות ווען מיר מיינען אַז די גרענעצן פון באַוואוסטזיין זענען אויך די גרענעצן פון דער פּסיכיק. דאָס באַוואוסטזיין איז בלויז אַ מין אויבערפלאַך, די שוים פון די נשמה כוואַליעס וואָס וואַכן און באַוועגן זיך אין אונז. דאָס ברייטערע און טיפערע פּסיכישע לעבן אין אונז איז אומבאַוואוסטזיניק, עס גייט כסדר אָן אין אונז כאָטש מיר ווייסן דערפון ניט.

אויף אַזאַ'ן אופן קומט פרויד — און זיינע תלמידים — צום שלום, אַז דער פּסיכישער גרונט־עלעמענט איז ניט סתם דער פאַרלאַנג, נאָר דער אומבאַוואוסטזיניקער פאַרלאַנג. וואָס זשע איז די טבע פון אָט דעם פאַרלאַנג? אויף וואָסערע אופנים דריקט ער זיך אויס? אָן ענטפער אויף די דאָזיקע צוויי פראַגעס פירט אונז אַריין אין די טיפערע וואַסערן פון די פרוידיאַנישע השערות.

ווי געזאָגט, איז די פונדאַמענטאַלסטע כאַראַקטעריסטיק פון לעבן זיך אַליין צו דערהאַלטן. אָבער דער דאָזיקער צוועק האָט

צוויי זייטן: דערהאַלטן דעם יחיד און דערהאַלטן דעם מין. פיזיאָלאָגיש דריקט זיך דאָס אויס אין אַ גאַנצער ריי פונקציעס פון וועלכער איין טייל האָט צו טאָן מיט דערנערונג, אָדער אין אַלגעמיין, מיט מעטאַבאָלישע פּראָצעסן, בעת די אַנדערע טייל האָט אַ שייכות צום געשלעכטלאַכן לעבן. פּסיכאָלאָגיש ווערן די דאָזיקעביידע צוועקן אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אינסטינקטן און פאַרלאַנגען. די געשלעכטלאַכע זייט דאַרף פּסיכאָלאָגיש פאַר־שטאַנען ווערן פיל ברייטער איידער דאָס ווערט געטאָן אין דער טאָג־טעגליכער שפּראַך. אין פּסיכאָאַנאַליטישן זינען האָבן די גע־שלעכטלאַכע שייכות׳ן צו טאָן ניט בלויז מיט ריין־סעקסועלע פונקציעס, נאָר בכלל מיט אַלע האַנדלונגען און באַציאונגען, — ווי, למשל, ליבע און געטריישאַפט אין דער פאַמיליע, די פיינערע באַציאונגען צווישן מענער און פרויען, א. ד. ג. — וואָס סוף כל סוף ציען זיי זיך צום אויפהאַלט פונ׳ם מין, אָדער זיי שטאַמען אָפּ פון אַזעלכע טענדענצן.*)

פון אָט די צוויי סאָרטן פאַרלאַנגען איז ביאָלאָגיש דער וויכ־טיקסטער יענער וואָס האָט אַ שייכות צום אויפהאַלט פון גאַנצן מין. אמת, ווען מיר קוקן אויבערפלעכלאַך אויפ׳ן מענטשלאַכן לעבן קען זיך אָפּט אויסדוכטן אַז מיר לייגן די הויפּט־געוויכט אויפ׳ן דערנערונג־מאָמענט, דאָס איז אָבער בלויז דערפאַר, ווייל מיר זעען ניט דעם גאַנצן הינטערגרונט פון מענטשלאַכע מאָטיוון. ווען מיר דערגרונטעוועו זיך צו די טיפערע שיכטן פונ׳ם אומבאַוואוסטזיין באַמערקן מיר אַז אַלע אונזערע האַנדלונגען האָבן אַ געשלעכטלאַכן תוך.

פון דער אַנדער זייט ווייזן מיר אַז די געשלעכטלאַכע אינס־טינקטן זענען מער פון אַלע אונטערגעוואָרפן אַ שטרענגער קאָנטראָל און באַגרענעצונג. די דאָזיקע קאָנטראָל הייבט זיך שוין אָן אין דער קינדהייט. וואָרים אויב מיר נעמען אָן — און

*) אויס גערעכטיקייט צו פרויד׳ן דאַרף דערמאָנט ווערן אַז אין זיינע לעצטע שריפטן רעדט ער שוין ניט וועגן אַן איינציקן געשלעכט־לאַכן אינסטינקט, נאָר וועגן אַ סך אינסטינקטן, וואָס גייען אַריין אין פּסיכישן לעבן פון מענטשן.

אַזוי האַלטן די פּסיכאָאַנאַליטיקער — אַז דער געשלעכטלאַכער אינסטינקט הייבט אָן צו פונקציאָנירן אין דער סאַמע ערשטער רגע פון לעבן, איז דאָך נאַטירלאַך, אַז אונזער געשלעכטלאַכע „ענערגיע" — אָדער „ליבידאָ" ווי פרויד רופט זי — זאָל זיך ציען צו די מיטגלידער פונ'ם אַנדערן געשלעכט וועלכע מיר באַגעגענען צום ערשטן אין לעבן, און מיט וועלכע מיר פאַרברענגען מער ווי מיט אַלעמען. דאָס זענען, פאַרשטייט זיך, די מיטגלידער פון דער פאַמיליע. אויף אַזאַ'ן אופן קומט אויס אַז אינצעסט, ד. ה. דער געשלעכטלאַכער כאַראַקטער פון די באַציאונגען צווישן ברידער און שוועסטער, און עלטערן און קינדער, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. אָבער דער בלויזער געדאַנק פון אַזאַ'ן אויסדרוק פון דער ליבידאָ שרעקט און עקלט אונז. אויף טויזנטער אומבאַוואוסטזיניקע אופנים בויען מיר אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד אַנטקעגן אַרויסווייזן אָפענע אינצעסטועלע האַנדלונגען. ממילא ווערט דער סאַמע ערשטער אויסדרוק פון אונזער געשלעכטס־דראַנג פאַרשטיקט, מיר דערלאָזן ניט, מיר פאַרשפּאַרן זיין נאַטירלאַכן אַרויסגאַנג.

דאָ קומען מיר צו די אַרבעט־אופנים פונ'ם אומבאַוואוסטזיין. די פּסיכאָאַנאַליטיקער האָבן אַרויסגעבראַכט דעם באַגריף פון אומבאַוואוסטזיניקע פּסיכישע מעכאַניזמען. אַ מעכאַניזם אין דער פיזישער וועלט איז אייגענטלאַך אַ קאָלעקטיווער נאָמען פון אַלע טיילן פון אַ מאַשין, זייער אַראַנזשירונג און זייערע פונקציאָנעלע שייכות'ן. אויך דאָס פּסיכישע לעבן — לערנען אונז די פרוידיאַנער — קומט פאָר מיט דער הילף פון באַשטימטע מעכאַניזמען. עס זענען פאַראַן, הייסט עס, געוויסע פּסיכישע טענדענצן וואָס פונקציאָנירן צוזאַמען, ווי איין גאַנצע זאַך. יעדע גרופּע שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָרגאַניזירטע איינקייט, און ווען מיר באַקענען זיך מיט אָט די אַלע איינקייטן, אָדער מעכאַניזמען, באַקומען מיר אַ בילד פון די אַרבעט־אופנים פון דער גאַנצער פּסיכיק. לויט דער דאָזיקער אויפפאַסונג איז די גאַנצע אויפגאַבע פון דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט אויסצופאָרשן אָט די מעכאַניזמען.

די אַלע פּראָצעסן וואָס פירן דערצו אַז געוויסע פאַרלאַנגען

זאָלן ווערן פאַרשטיקט, שטעלן מיט זיך פאָר אַ שטענדיק פונק־ציאָנירנדיקן פסיכישן מעכאַניזם, וואָס שפּילט די הויפּט ראָלע אין דער פסיכאָאַנאַליטישער סיסטעם. דאָס פירט אונז דירעקט צום שלוס, אַז די אומבאַוואוסטזיניקע פאַרלאַנגען, וואָס זענען די טרייב כחות אין אונזער לעבן, זענען אומבאַוואוסטזיניק דער־פאַר, ווייל מיר האָבן זיי פאַרשטויסן פון דער אָפענער וועלט. דאָס אומבאַוואוסטזיין דאַרף דעריבער באַטראַכט ווערן ווי אַ מין פסיכישער עיר מקלט, אַזוי צו זאָגן, פאַר פאַרשטיקטע פאַרלאַנ־גען. דאָס ווייזט שוין, אגב אורחא, אויך אָן אויפ'ן צוועק פונ'ם אומבאַוואוסטזיין בכלל.

פאַרלאַנגען וואָס ווערן פאַרשטיקט ווערן אָבער ניט אויסגע־ראָט. פאַרטרייבט מען זיי פון דער אָפענער, לעגאַלער וועלט, געפינען זיי אַ פּלאַץ אין דער פיל ברייטערער און טיפערער פסי־כישער „אונטערוועלט", און פון דאָרט פירן זיי אָן זייער הער־שאַפט איבער אונז. ווי אַזוי אָבער קענען זיי ווירקען אויף אונז פון דאָרטן? וואָרים לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז דאָרט וואו ס'איז בכלל נייטיק עפּעס צו פאַרשטיקן מוז זיין אָן אַנדער „עפּעס" וואָס פאָדערט עס, עס מוז זיין אַ ווידערשטאַנד, און דער ווידערשטאַנד וועט דאָך קיינמאָל ניט דערלאָזן, אַז דער פאַרשטיקטער פאַר־לאַנג זאָל זיך צוריק אַרויסרייסן אין דער ליכטיקער וועלט. מוזן מיר דעריבער אָננעמען אַז עס זענען פאַראַן אַנדערע מעכאַניזמען וואָס פאַרזיכערן, ווי עס איז, דעם איינפלוס פון די אומבאַ־וואוסטזיניקע פאַרלאַנגען אויף אונזער לעבן. ווייל אויב מיר זאָגן אַז די פאַרבאָרגענע שטראָמען פון דער ליבידאָ עקזיסטירן, הייסט עס דאָך אַז זיי ווייזן זיך אַרויס אויף געוויסע אופנים אינ'ם גאַנג פון אונזערע לעבנס־פּראָצעסן. אַנדערש האָט דאָך דער באַ־גריף „עקזיסטירן", אויף וויפיל עס האָט אַ שייכות צו לעבעדיקע פונקציעס, קיין שום זינען ניט. היינט וואָס זשע זענען די מע־כאַניזמען וואָס דערפירן צו אונז די טרייב־כחות פון די אומבאַ־וואוסטזיניקע פאַרלאַנגען אויף צו „להכעיס" דעם ווידערשטאַנד־מעכאַניזם?

אַזעלכע מעכאַניזמען זענען פאַראַן צוויי. ביידע זענען גלייך אין איין פּרט: דערין וואָס זיי פאַרקליידן די פאַרשטיקטע פאַר־

לאַנגען, זיי ציען אויף זיי אַרויף פרעמדע קליידער מען זאָל זיי ניט דערקענען. דאָס הייסט, מען „נאַרט אָפּ" דעם ווידערשטאַנד און די פאַרשטיקטע פאַרלאַנגען קומען אַריין אין דער אָפענער ליכטיקער וועלט פאַרמאַסקירט. אַלזאָ, אין פּרט פון פאַרמאַס־קירן ניט דערלויבטע פסיכישע דאַרשטן, דעריין זענען דיביידע מעכאַניזמען גלייך אין זייערע פונקציעס, אָבער ניט מער. וואָרים דער חילוק צווישן זיי איז אַזאַ אומגעהייערער אַז בעת איינער פירט סוף כל סוף צו קראַנקייט און משוגעת, פירט דער אַנדערער — אין זיין העכסטן אויסדרוק — צו די גרעסטע און שענסטע פּראָדוקטן פון מענטשלאַכן זשעני.

לויט די געבראַכטע שילדערונגען פון די צוויי מעכאַניזמען קען מען זיכער איינעם אָנרופן אַ נידעריקן און דעם צווייטן אַ העכערן. ווען, למשל, אַ קינד וויל ניט גיין אין שול, און זיין ווידערווילן צו דער שול — וואָס ער קען ניט אויסדריקן, דער סאָציאַלער ווידערשטאַנד לאָזט ניט — דריקט זיך דערוויל אויס אין דער פאָרם פון, לאָמיר זאָגן, אַ קאָפּווייטאָג (אַזעלכע זאַכן פּאַסירן טיילמאָל ביי קינדער וואָס מען רופט „נערוועזע"), דעמאָלט איז דאָס די אַרבעט פונ׳ם נידעריקן מעכאַניזם. דאָס זעלביקע קומט פאָר ביי מענטשן וואָס באַקומען אַ פּאַראַליז, ווערן שטום, אָדער האַנדלען בכלל אויף אַן אומגעוויינטלאַך „מאָדנעם" אופן, צוליב פסיכישע סבות. אין די אַלע פאַלן איז עס די אַרבעט פונ׳ם נידעריקן מעכאַניזם וועלכער האָט פאַרוואַנדלט אַן אומבאַ־וואוסטן פסיכישן דראַנג אין אַ נערוועזן סימפּטאָם. וואָרים בלויז אין דער פאָרם פון אַזאַ פאַרשטעלטן סימפּטאָם האָט דער ניט־דערלויבטער פאַרלאַנג זיך געקענט אַרויסרייסן פון זיין „אומלע־גאַלער" עקזיסטענץ. גאָר אין אַן אַנדער פאָרם פאַרמאַסקירן זיך די פאַרשטיקטע פאַרלאַנגען אונטער׳ן איינפלוס פונ׳ם העכערן מעכאַניזם. דאָ ווערן זיי דערהויבן, שענער, איידעלער, זיי ווערן, ווי די פסיכאָ־אַנאַליטיקער רופן עס אָן, סובלימירט. דער דאָזיקער מעכאַניזם איז טעטיק איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פונ׳ם נאָרמאַלן מענטשלאַכן לעבן. יעדע סאָציאַל־לויבנסווערטע האַנדלונג איז אין דער אמת׳ן אַ סובלימירטע פאָרם פון אַ גאַנץ מגושמ׳דיקן און פאַרשטיקטן דאַרשט. ספּעציעל אָבער דריקט זיך אויס דער

פּראָצעס פון סובלימאַציע אין גרויסע קולטור־ווערטן, ווי מיטאָ־לאָגיע, רעליגיע און קונסט.

דעם קינסטלערס שאַפונג שטאַמט פונ׳ם זעלביקן מקור ווי די סימפּטאָמען פון געוויסע פּסיכישע קראַנקייטן. ווי זאָגט פּפיסטער, א פּסיכאָאַנאַליטיקער וואָס האָט זיך זייער פיל אָפּגעגעבן מיט קונסט־פּראָבלעמען, „אַרטיסטישע און פּאָעטישע אינספּיראַציע דאַרף מען פאַרשטיין ווי אַ מאַניפעסטאַציע פון פאַרשטיקטע פאַרלאַנגען, און, ווי אַזעלכע, ווערט זי געשאַפן אין הסכם מיט די געזעצן אונטער וועלכע פרויד האָט גרופּירט די פּראָצעסן וואָס באַטייליקן זיך אינ׳ם אורשפרונג פון נעווראָטישע סימפּטאָמען, חלומות, האַלוציינאַציעס, און ענלאַכע דערשיינונגען. דער חילוק איז בלויז דאָס וואָס דאָ ווערט געשאַפן אַ טאַלאַנטפולע גאַנצקייט וואָס איר טיפערער פּסיכאָלאָגישער באַטייט איז ניט גאָר אין גאַנצן קלאָר פאַר׳ן קינסטלער.״*) דער קינסטלער ווייס ניט פון די מאָטיוון וואָס פירן זיין פעדער, פּינזל, א. א. וו. זיין אומבאַוואוסטזיין רייסט זיך צו דער אויבערפלאַך פון פּסיכישן לעבן זיינעם. דער ווידערשטאַנד דערלאָזט ניט דעם פרייען אויסדרוק פון זיין ליבידאָ. דער רעזולטאַט איז אַ פּשרה: אַן אויסדרוק וואָס פאַרקערפּערט טאַקע אין זיך זיינע אומבאַ־וואוסטע פאַרלאַנגען, אָבער די פאָרם איז אַזאַ אַז זי דערוועקט בא דער געזעלשאַפט געפילן פון ליוב און באַוואונדערונג. דאָס איז אַ קונסטווערק.

## ב. קריטיק פון דער פּסיכאָאַנאַליטישער טעאָריע בנוגע קונסט.

וואָלטן מיר געווען פאַרינטערעסירט בלויז אין פּסיכאָאַנאַליז, וואָלט אונז קונסט געבראַכט זייער פול נוצן, ווי זי האָט טאַקע געבראַכט נוצן דעם פּסיכאָאַנאַליטיקער. אַזוי ווי מיר זענען אָבער דאָ פאַרינטערעסירט דערהויפּט אין קונסט, שווימען אַרויס דריי זייער וויכטיקע פראַגעס: ראשית, אין דעם וואָס די פּסיכאָאַנאַ־ליטיקער דערציילן אונז וועגן קונסט, אויף וויפיל זענען דאָרט פאַראַן פאַקטן, פּשט, און וויפיל האָבן מיר דאָרט צו טאָן מיט

*) Some Applications of Psychoanalysis, A. Pfister, 131.

טעאָריע, מיט דרוש? שנית, צי זענען די פאַקטן וואָס זענען באַקאַנט פון דער קונסט־וועלט אין הסכם מיט דער טעאָריע וואָס פּסיכאָאַנאַליז לייגט פאָר? דריטנס, אפילו ווען מיר זאָלן אָננעמען אַז אַלע פּסיכאָאַנאַליטישע השערות זענען אמת, אויף ווי ווייט קענען מיר זיי באַנוצן ווי אַ דערקלערונג פון קונסט־דערשיינונגען?

בנוגע דער ערשטער פראַגע דאַרף אָפּן געזאָגט ווערן אַז פּסיכאָאַנאַליטיקער האָבן אָפּט געאַרבעט מיט גרויס מי צו באַווייזן אַזעלכע באַשיינפּערלאַכע זאַכן וואָס זענען קלאָר אפילו פאַר אַ קינד. ווען מען סטאַרעט זיך צו דערווייזן אַז דער עראָטישער מאָטיוו שפּילט אַ געוואַלטיקע ראָלע אין קונסט, אָדער ביי קינסטלער, איז פּונקט ווי מען וואָלט וועלן באַווייזן אַז קינסטלער שאַפן קונסט־ווערק. ווען איר לייענט דורך אַזאַ בוך ווי מאָרדעל׳ס „דער עראָטישער מאָטיוו אין ליטעראַטור“ *) ווערט איר געוואָר אַז שעלי, פּאָו און אַנדערע דיכטער האָבן אויסגעדריקט אין זייערע שריפטן אינטימע מאָמענטן פון פּערזענלאַכן לעבן. ווער האָט דען אין דעם געצווייפלט? און ווען ראַנק לייגט נאָך צו אַז „אפילו דער גרויסער דיכטער“ הויבט אָן פון זיינע פּערזענלאַכע אינטערעסן,**) ווערט דער חידוש נאָך גרעסער. עס קען גאָר קיינעם ניט איינפאַלן אַז מען זאָל אָנהייבן אין קונסט מיט אינטערעסן וואָס זענען ניט „פּער־זענלאַך.“ אמת, די פּסיכאָאַנאַליטיקער שטרייכן ניט אונטער סתם אַזוי זיך פּערזענלאַכע מאָמענטן, נאָר דוקא געשלעכטלאַכע. אין דולי׳ס סך הכל פון פּסיכאָאַנאַליסטישע שטודיעס וועגן גרויסע מענטשן ***) גייען אריין אַזעלכע פאַרשידענע פאָרמען פון גאונות ווי יענסען, לענאַו, פאָן קלייסט, גאָגאָל, וואַגנער, נאַפּאָלעאָן, פאָן צינצענדאָרף, לאָיאָלאַ, שאָפּענהאַוער, און פיל אַנדערע, און אומעטום ווערט געמאַכט אַ פאַרזוך צו בויען די דערקלערונגען אויף פאַר־שטיקטע געשלעכטלאַכע קאָמפּלעקסן. דאָ זעען מיר אָבער גיכער אַ מורא׳דיקע איינזייטיקייט איידער נייאיקייט.

ארום און ארום האָבן די פּסיכאָאַנאַליטיקער אין דעם פּרט

---

*) The Erotic Motive in Literature, Albert Mordell, 1919.
**) Das Inzest-Motiv in Dichtung und Sage, Otto Rank, 122.
***) Dooley, American Jour. of Psychology, 1916, 362-416.

ווייניק וואָס מחדש געווען. יעדער איינער וואָס לייענט ביכער, זעט בילדער, הערט מוזיק, באַזוכט טעאַטער, און האָט אַ שטיקל פאַר־שטענדעניש פאַר מענטשלאַך לעבן, ווייס די וויכטיקייט פון געשלעכטלאַכע מאָמענטן און האַלט עס פאַר זעלבסטפאַרשטענדלאַך. ווען מיר קומען אָבער צו דער פראַגע וועגן דעם „אינצעסט־מאָטיוו" איז שוין די לאַגע אַ גאַנץ אַנדערע. אפילו ווען מען זאָל אין גאַנצן אָפּוואַרפן אַלע פאַלן וואו פרוידיאַנער טייטשן אַריין אינצעסטועלע מאָטיוון, וועלן מיר אויך קענען צונויפקלייבן אַ היפּשע צאָל ווערק מיט אָפענע שילדערונגען פון ליבעס סצענעס צווישן ברידער און שוועסטער, און עלטערן און קינדער. אַ שטייגער ווי פּשיבישעווסקי'ס „דע פּראָפונדיס""', אָדער ווי יונה ראָזנפעלד'ס אַ דערציילונג וואו די טעמע איז פאַרבאָטענע באַציאונגען צווישן אַ פאָטער און זיין טאָכטער. דאָס פריער ציטירטע בוך פון אָטאָ ראַנק — דאָס גרעסטע ווערק סיי אין פאַרנעם, סיי אין צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל בנוגע פּסיכאָאַנאַליז און קונסט — איז פול מיט אַזעלכע פאַקטן.

בכן, ווען מיר זאָלן אפילו האַלטן אַז דער אינצעסט מאָטיוו אין דער ליטעראַטור איז פון די פּסיכאָאַנאַליטיקער שטאַרק איבער־טריבן, מוז מען פונדעסטוועגן מודה זיין, אַז דער מאָטיוו איז פאַראַן און האָט געשפּילט אַ ראָלע אין קינסטלערישע שאַפונגען. אָבער וואָס באַווייזט דאָס? מיר דוכט אַז דאָס באַווייזט פּונקט דעם היפּוך פון דער פּסיכאָאַנאַליטישער השערה — זייער וויכטיקסטע און אמת אָריגינעלע השערה בנוגע קונסט — אַז אַ קונסט־ווערק איז פּונקט אַזוי אַ קאָמפּראָמיס צווישן פאַרבאָטענע און דערלויבטע אויסדרוקן פון פאַרשטיקטע פאַרלאַנגען, ווי עס איז אַ נעוראָטישער סימפּטאָם.

דער הויפּט כאַראַקטער־שטריך פון'ם סימפּטאָם איז דאָס, וואָס קוקנדיק אויף אים פון דרויסן קען מען באַין אופן ניט איינזען קיין שום שמץ פון ענלאַכקייט צווישן אים און דעם פאַרלאַנג וועלכן ער פאַרמאַסקירט. נעמען מיר, למשל, די וואַש־מאַניע, אַ קראַנקייט וואָס דריקט זיך אויס דערין וואָס דער פּאַציענט האַלט זיך אין איין וואַשן. אַן אַנאַליז פון'ם לעבן פון אַזאַ פּאַציענט ברענגט געוויינטלאַך אַרויס געוויסע פאַרבאָטענע האַנדלונגען אָדער פאַנ־טאַזיעס. דער אַנאַליטיקער זעט גלייך אינ'ם וואַשן זיך אַ סימבאָלישן

אויסדרוק פון וועלן זיך רייניקן פון זינד כדי פרייער צו מאַכן דעם וועג פאַר די זעלביקע האַנדלונגען און פאַנטאַזיעס. וואָס איז די דרויסנדיקע ענלאַכקייט צווישן וואַשן זיך און זינדיקע פאַרלאַנגען? גאָר ניט. דעם אַנאַליטיקערס אַרבעט באַשטייט טאַקע אין אַריינברענגען אינ׳ם פּאַציענטס באַוואוסטזיין אַ שייכות וואָס יענער קען לכתחילה באין אופן ניט איינזען. די גאַנצע קראַנקייט זיינע איז דאָך טאַקע דאָס וואָס ער קען די שייכות ניט איינזען; דער ווידערשטאַנד דערלאָזט עס ניט. געלינגט דעם אַנאַליטיקער צו צעברעכן דעם ווידערשטאַנד, ווערט דער פּאַציענט געהיילט, אויב ניט בלייבט ער אַ חולה לעולם ועד.

אַזאַ קאָנצעפּציע לאָזט זיך באין אופן ניט אָנווענדן אויפ׳ן קינסטלער. דער עראָטישער מאָטיוו דאָמינירט אַזוי שטאַרק אין קונסט, אַלץ איז דאָרט אַזוי קלאָר און אָפן, הייינט ווי קען מען אָננעמען אַז דער קינסטלער איז ניט דורך און דורך באַוואוסטזיניק וועגן דער שייכות צווישן זיין געשלעכטלאַכער טבע און זיין ווערק? אין קונסט, אין ליריק למשל, איז גאַנץ אָפט ניטאָ אפילו די געוויינטלאַכע פאַרשטעלטקייט פון אַ פרעמדן העלד. דער קינסטלער רעדט גאַנץ קלאָר און אָפן וועגן זיך אַליין. אומבאַוואוסטזיניקייט אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז פּשוט אוממעגלאַך. דער פּסיכאָאַנאַליטיקער קען זאָגן אַז דאָ האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן עראָטישע מאָטיוון בכלל, נאָר וועגן אינצעסטועלע אָדער האָמאָ־סעקסועלע מאָטיוון, און זיי זענען פאַרבאָרגן פונ׳ם קינסטלער פונקט ווי פונ׳ם נעוראָטיקער, וואָרים באַ ביידן ווירקט דער שטרענגער ווידערשטאַנד מעכאַניזם. לאָמיר דעריבער אַביסל קלאָרער ווערן וועגן דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד מעכאַניזם.

ווען מיר רעדן וועגן פאַרבאָטענע פאַרלאַנגען, פאַרשטייען מיר געוויינטלאַך אַזעלכע וואָס גייען להיפוך צו די אָנגענומענע סאָציאַלע נאָרמען. מענטשן זענען געזעלשאַפטלאַכע באַשעפענישן. די שרעק פאַר׳ן עפנטלאַכן פאַרוואָרף, פונקט ווי דאָס פאַרגעניגן פונ׳ם עפנטלאַכן לויב־געזאַנג, שפּילט אַ געוואַלטיקע ראָלע אין אונזער לעבן. ווען מיר דערמאָנען זיך מיט וואָסער קלאָס מענטשן דער פּסיכיאַטרישער קליניק האָט צו טאָן, אַלץ אמת׳ער קלינגען פאַר אונז די באַגריפן וואָס פרויד און זיינע אָנהענגער לייגן אַריין

אינ'ם ווידערשטאַנד־מעכאַניזם. געוויינטלאַך האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט פרויען פונ'ם איינגעזעסענעם בירגערלאַכן קלאַס. דאָס זענען מענטשן וואָס שרעקן זיך פאַר יעדן שאָטן פון פסיכישער דעקאַלטעי.באַ זיי לעבט און ווירקט אַ פעסט איינגעפונדרעוועטער עטיקעט, אַ גלייכער קאָנווענציאָנעלער דרך פון וועלכן מען טאָר ניט אָפּנייגן ניט רעכטס און ניט לינקס. ווען מען לייגט נאָך צו דעם צו די געוויינטלאַכע ווייבלאַכע צניעות און צוריקגעהאַלטנקייט — ספּעציעל בעת עס געפינט זיך אַ פרעמדער מאַן — קענען מיר זיך שוין לייכט פאָרשטעלן ווי עס פילט אַזאַ פרוי אינ'ם אַנאַליטיקערס קליניק, און ווי לאַנג עס דאַרף נעמען ער זאָל געווינען איר צוטרוי אויף אַזוי ווייט, אַז זי זאָל אים העלפן זיך גריבלען אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלאַך פון איר לעבן.

פון דאַנען קומט עס דער אַנאַליטיקער מיט'ן באַגריף פון אַ ווידערשטאַנד און וויל אים אָנווענדן אויפ'ן קינסטלער. לייגט זיך אָבער די גאַנצע מעשה ניט אויפ'ן שכל. קינסטלער לעבן אונטער'ן שטענדיקן דרוק פון אַ נויט צו זיין אָריגינעל, אַנדערש. אַנדערשקייט זעט זיך שטאַרקער אָן, רופט אַרויס די אויפמערקזאַמקייט נאָך וועלכער ער דאַרשט. ער איז ממש פּראָפעסיאָנעל געצוואונגען צו ברעכן טראַדיציעס, צו שטורמען קאָנווענציאָנעלע פעסטונגען און צו שאַפן זיך די אילוזיע פון אַ מענטשן וואָס איז „איינזאַם אין דער גרויסער ברייטער וועלט". אַ קינסטלער האָט דעם גרעסטן תענוג ווען עמיצער זאָגט אַז ער איז אַ וועלט פאַר זיך, וואָס האָט קיין שום מגע ומשא ניט מיט דער אַרומיקער געזעלשאַפט. דאָס פירט דערצו אַז קינסטלער זאָלן האָבן אַ טענדענץ צו רעוואָלטירן אַנטקעגן אַלץ וואָס איז אָנגענומען. אָפט גייען זיי דאָך צו אַזעלכע עקסטרעמען אַז זיי לייקענען מיט עפּעס אַ גלייך־ווערטל די באַשיינ־פערלאַכסטע אַקסיאָמען, און פילן דערביי אַז די קיילאַכדיקייט פונ'ם ווערטל דאַרף טראָגן אַ סך געוויכט. קינסטלער געוויינען זיך דאָך ממש צו עסן פּאַראַדאָקסן און פאַרבייסן מיט געוואַגטע אַפאָריזמען. עס איז אַלזאָ קלאָר אַז די טאָג־טעגלאַכע אַרבעט פונ'ם קינסטלער — פסיכאָאַנאַליטיש גערעדט — באַשטייט דוקא אין אַ שטענדיקן האַמערן אויפ'ן סאַמע האַרץ פונ'ם ווידערשטאַנד.

ווען מיר קומען צום געשלעכטלאַכן מאָמענט וואָלט עס ממש

נעווען דאָס גרעסטע וואונדער ווען דאָ זאָל באַם קינסטלער הערשן אַן אַנגעזעענער ווידערשטאַנד. עס איז ניטאָ קיין שום גרונט אָנצונעמען אַז קינסטלער זאָלן — ווי יענע היסטערישע פרויען — זיך דערשרעקן פאַר אינצעסטועלע אָדער האָמאָ־סעקסועלע מאָטיוון. דער בעסטער באַווייז איז דאָך טאַקע דאָס — ווי ראַנק ווייזט עס אַזוי קלאָר אין זיין ווערק — וואָס אַזעלכע מאָטיוון ווערן גאַנץ אָפט באַנוצט אין דער ליטעראַטור. ווען קינסטלער זאָלן אפילו ניט האָבן דאָס וואָס מען רופט „אינווייניקסטער דראַנג“, נאָר זאָלן פּשוט מעכאַניש שרייבן לידער, ראָמאַנען, מאָלן בילדער, אויסהאַקן סטאַטועס, א. אַ. וו. וואָלטן זיי אויך מיט'ן כח פון צווינגענדיקער געוואוינהייט צו טראַכטן און שפּינען אַסאָציאַציעס אין די פאַר־שידנסטע געשלעכטלאַכע ריכטונגען, אויף אַזוי ווייט אָפּגעשוואַכט דעם סאָציאַל קאָנווענציאָנעלן ווידערשטאַנד, אַז עס וואָלט זיי זייער לייכט אָנגעקומען זיך אַליין חושד צו זיין אין אַלע פאַרבאָ־טענע שטרעבונגען.

בקיצור, אויב דער גאַנצער זינען פון אומבאַוואוסטע אָדער פאַרשטיקטע פאַרלאַנגען ליגט אינ'ם פאַקט וואָס עס איז פאַראַן אַ ווידערשטאַנד, דעמאָלט קען מען די דאָזיקע טעאָריע בשום אופן ניט אָנווענדן אויף קונסט. באַ קינסטלער, אַנדערש ווי באַ אַ סך אַנדערע מענטשן, איז דער געשלעכטס־דראַנג אין סאַמע צענטער פון באַוואוסטזיין, און עס איז ניטאָ קיין שום נויט אין סובלימירונג־פּראָצעסן, פּסיכאָאַנאַליטיש פאַרשטאַנען.

אָבער לאָמיר אויף אַ ווײַלע צוגעבן אַז ס'איז יאָ פאַראַן אַן ענלאַכקייט צווישן נעוראָטישע סימפּטאָמען און קונסט־ווערק, האָבן דעמאָלט די פּסיכאָאַנאַליטיקער פאַר אונז דערקלערט דעם קינסטלער ? ווערן, למשל, פאַר אונז אַנפּלעקט די סבות פון דעם קינסטלער לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, ווען פרויד ווייזט אונז אָן אַז סיי אין זיין פּריוואַטן לעבן, סיי אין זיינע ווערק באַמערקן מיר באַ אים אַן אינצעסטועלע צוגעבונדנקייט צו זיין מוטער, אָדער האָמאָ־סעקסועלע מאָטיוון ?

פרויד'ס ווערק לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז זיכער אַ מערק־ווירדיק ווערק אין פּרט פון פּסיכאָאַנאַליטישן רעזאָנירן. בלויז פרויד'ס געניאַלער קאָפּ איז פּייאיק אויף אַזעלכע וואונדערבאַרע

המצאות און אָריגינעלע איינפאַלן ווי מיר געפינען אין דעם בוך. דאָרט ווערט פאַר אונז אַנאַליזירט לעאָנאַרדאָ'ס קינדהייט, די ערשטע פאַנטאַזיעס מיט וועלכע ער האָט זיך ארומגעטראָגן, די בסדר'דיקע אנטוויקלונג פון זיין ליבידאָ. מיר ווערן געוואָר אַז דער כאַראַקטעריסטישער שמייכל פון זיין „מאָנאַ ליזאַ" וואָס מיר געפינען אויך אויף אַנדערע בילדער זיינע, געהערט אין דער אמת'ן זיין מוטער, און זיינע בילדער זענען בלויז אַן אויסדרוק פון פאַר־באָטענע רעגונגען, א. ד. ג. וואָס זשע באַווייזט דאָס אַלץ? אויב אַלע מענטשן האָבן, לויט פסיכאָאַנאַליז, אינצעסטועלע פאַרלאַנגען, האָבן מיר נאָך אַ באַווייז אַז לעאָנאַרדאָ איז געווען אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. עס איז זייער מעגלאַך אַז ווען אַן אָרטאָדאָקסישער פּרווידיאַנער וואָלט זיך באַקאַנט מיט דעם פאַקט אַז טביה דער מילכיקער האָט געקושט, געהאַלדזט, און געגלעט זיין טאָכטער צייטל, וואָלט ער דערין דערזען אַ פּראָצעס פון סובלימאַציע, ד. ה. פשוט'ע אינצעסטועלע פאַרלאַנגען זענען אַרויס אין דער ווירק־לאַכקייט אונטער'ן שלייער פון פאָטערלאַכער צאַרטקייט. הייסט עס אַז סיי לעאָנאַרדאָ, סיי טביה זענען אונטערגעוואָרפן די זעלביקע פסיכאָלאָגישע געזעצן. און די רעזולטאַטן פון די זעלביקע געזעצן זענען אַזעלכע אַז בײַ איינעם רופן זיי אַרויס געניאַלע קונסטווערק און בײַם צווייטן דריקן זיי זיך אויס בלויז אין עטלאַכע צאַרטע באַוועגונגען. פרויד שטעלט זיך אָבער ניט אָפּ אויף די ים־טיפע אונטערשידן פון די רעזולטאַטן, נאָר אויף די ענלאַכקייטן פון די געזעצן. דאָס איז אָבער לחלוטין ניט אונזער פראַגע בעת מיר קומען צום קינסטלער. אויף וויפיל לעאָנאַרדאָ איז אַ קינסטלער ווילן מיר דאָך וויסן די אונטערשידן צווישן אים און טביה, אָבער ניט זייערע ענלאַכקייטן. אמת, פרויד רופט אָן זיין ווערק „אַ פסיכאָ־סעקסועלע שטודיע פון קינדהייט זכרונות", אַזוי ווי עס וואָלט מיט דער פראַגע וועגן קונסט גאָר קיין שייכות ניט געהאַט. אָבער אויב, ווי די פרוידיאַנער זאָגן אַזוי אָפט, פסיכאָ־אַנאַליז קען אויך אָנגעווענדט ווערן אויף צו דערקלערן קונסט, איז דאָך דאָ געווען אַ גוטע געלעגנהייט. פרויד דערמאָנט טאַקע פאַרבייגייענדיק די עצם פּראָבלעם, ד. ה. פאַרוואָס האָט לעאָנאַרדאָ אויסגעדריקט זיין ליבידאָ אַזוי קינסטלעריש בעת אַנדערע מיליאָנען

טוען עס ניט? אָבער עס קלינגט מאָדנע ווען מיר לייענען וואָס ער זאָגט וועגן דעם: „אַ פריינטלאַכע נאַטור האָט באַשאָנקען דעם קינסטלער מיט דער פייאיקייט אויסצודריקן אין קינסטלערישע שאפונגען די פּאַרבאָרגנסטע פּסיכישע געפילן (אפילו ער אליין ווייס ניט פון זיי), וואָס האָבן אַ שטאַרקן איינפלוס אויף זייטיקע, וואָס זענען פרעמד דעם קינסטלער, און זיי קענען ניט קלאָר מאַכן פון וואַנען די דאָזיקע געפילפולקייט קומט" *)

אויף פּראָסט אידיש הייסט עס אַז אויף וויפיל לעאָנאַרדאָ איז אַ קינסטלער ווייסן מיר טאַקע ניט פון וואַנען עס נעמט זיך צו אים. מיר קענען בלויז זאָגן אַז „אַ פריינטלאַכע נאַטור האָט באַשאָנקען דעם קינסטלער." וואָס דאָס איז דאָס זעלביקע ווי מיר וואָלטן זאָגן: „גאָט ווייסט פון וואַנען עס נעמט זיך צו אים". מיר קענען בלויז זאָגן אַז אָנגענומען אַז לעאָנאַרדאָ איז אַ קינסטלער, איז פונדעסטוועגן זיין נשמה ניט ווייניקער מענטשלאַך ווי די נשמה פון אַ נעוראָטיקער אָדער אַ טביה. אויף אַן אַנדער פּלאַץ רעדט פרויד נאָך קלאָרער ווען ער זאָגט זיך אַרויס וועגן קינסטלער בכלל: „דער קינסטלער איז לכתחילה אַ מענטש וואָס קערט זיך אָפּ פון דערווירקלאַכקייט ווייל ער קען ניט מאַכן שלום מיט די פאָדערונגען פון דער ווירקלאַכקייט אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון באַפרידיקן דאָס אינסטינקטיווע לעבן, און ער האַלט אויף זיינע עראָטישע און אַמביציעזע פאַרלאַנגען אין דער פאַנטאַזיע. ער געפינט אָבער דעם וועג צוריק פון דער פאַנטאַזיע צו דער ווירקלאַכער וועלט דערין וואָס אַ דאַנק ספּעציעלע פייאי-קייטן, קנעט ער אויס פון זיינע פאַנטאַזיעס נייע סאָרטן ווירקלאַכקייט וואָס מענטשן נעמען אָן ווי ווערטפולע אָפּבילדער פון דער ווירקלאַכקייט. אויף אַזאַ'ן אופן ווערט ער, אין אַ געוויסן זינען, העלד, קעניג, שאַפער, ליבלינג, וואָס ער וואָלט געוואָלט, און ער דאַרף זיך ניט לאָזן אויפ'ן שווערן וועג פון מאַכן ווירקלאַכע ענדערונגען אין דער דרויסנדיקער וועלט".**)

---

*) Leonardo da Vinci, S. Freud. Trans. A. A. Brill, 78-79.

**) Zwei Prinzipien d. Psych. Geschehens, Jahrbuch fur psychoanalytische und psychopatologische Forschungen, III, 6.

ווענן די דאָזיקע גערעדקען פרויד'ס זאָגט פפיסטער: „מיט אומאיבערטרעפלאַכער קורצקייט און קלאָרקייט מאַכט פרויד א סך הכל פון די אַנאַליטישע פאָרשונגען איבער דער פּסיכאָלאָגיע פון קונסט.״*) אָבער ווי קען מען דאָס אָנרופן א פּסיכאָלאָגיע פון קונסט ווען די זעלביקע דערקלערונג ווערט געגעבן פאַר נעווראָזן, חלומות, פאַנטאַזיעס, הומאָר, און כמעט אַלץ אין דער מענטשלאַכער וועלט? ווי קען מען דאָס אָנרופן א פּסיכאָלאָגיע פון קונסט ווען בעת פרויד רירט אָן דעם ספּעציעלן קונסט־מאָמענט אינ'ם קינסטלער קומט ער אָפּ דערמיט וואָס ער דערקלערט זיין ארבעט ווי א פּועל יוצא פון „ספּעציעלע פייאיקייטן״? וואָס געווינט „מאַנא ליזא״ ווי א קונסטווערק פון די פרוידיאַנישע אריינטייטשונגען ווען מיר האָבן ניט קיין פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג פון די „ספּעציעלע פייאיקייטן״? וואָס קענען דערפון געווינען מענטשן וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין קונסט־פּראָבלעמען? מיר דוכט אז דער ענטפער אויף אַזעלכע פראַגעס דאַרף זיין א נעגאַטיווער. ווען מען פלייסט זיך צו דערווייזן אַן אינצעסטועלע מאָטיוון הערשן אין דער קונסט, דעמאָלט ווערט די קונסט א מיטל צו דערקלערן פּסיכאָאַנאַליז, אָבער דערמיט ווערט נאָך פּסיכאָאַנאַליז ניט קיין מיטל צו דערקלערן קונסט.

דאָס איז אייגנטלאַך דער אמת'ער אינהאַלט פון דער גאַנצער פּסיכאָאַנאַליטישער ארבעט אויפ'ן פעלד פון קונסט. דער פאָרשונגס־אָביעקט איז בא זיי תמיד געווען פּסיכאָאַנאַליז, ניט קונסט. דעריבער האָט טאַקע פּסיכאָאַנאַליז א סך געוואונען פון די שטודיעס אין קונסט. אָבער קונסט האָט פון פּסיכאָאַנאַליז גאָרניט געוואונען.

לאָמיר אָבער גיין נאָך אביסל ווייטער. לאָמיר אויף א ווײַלע צוגעבן אַז די פּסיכאָאַנאַליטיקער איז געלונגען צו באַווייזן ניט בלויז וואָס עס איז דער הויפּט־מאָטיוו אינ'ם קינסטלער'ס שאַפן, נאָר אויך פאַרוואָס ער דריקט אויס זיינע פּסיכישע רעגונגען קינסטלעריש. וואָס זשע באַקומט זיך דעמאָלט? וואָלטן

*) The Psychoanalytic Method, Oskar Pfister, Trans. Payne, 1917, 388.

מיר דעמאָלט געווען געצוואונגען צוצוגעבן אַז זיי האָבן געמאַכט אַ וויכטיקן ביישטראָג צו דער פאַרענטפערונג פון קונסט־פּראָבּלעמען? מיר דאַכט אַז אַפילו דעמאָלט וואָלט די פּסיכאָאַנאַליטישע אַרבעט קיין גרויסן באַטייט ניט געהאַט פאַר'ן קונסט־פאָרשער. דאָ איז שולדיק די עצם מעטאָדע מיט וועלכער די פּסיכאָאַנאַליטיקער האָבן זיך באַנוצט, אַ מעטאָדע וואָס איז פאַראורטיילט דורכצופאַלן, ווייל זי דערגרייכט פּשוט ניט דעם צענטער פון דער קונסט־פּראָבּלעם.

## ג. די פּראָבּלעם פון קינסטלערישן שאַפן.

די פּרווידיאַנער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פאַרשפּרייטסטער מעטאָדע אין קונסט־פאָרשונג, וואָס זעט אוים צו זיין געבויט אויף דער השערה, אַז די וויכטיקסטע פּראָבּלעמען אין דער קונסט זענען די פּראָבּלעמען פון'ם קינסטלערס שאַפן. לויט דער דאָזיקער השערה קומט אויס אַז ווען מיר וועלן אַנאַליזירן און ריכטיק פאַרשטיין די נשמות פון די גאָיטעס, די שעקספּירס, די דאַ ווינטשיס, א. אַ. וו. דעמאָלט זענען פאַר אונז אַלע קונסט פּראָבּלעמען פאַרענטפערט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז די גרעסטע שוועריקייטן וואָס מיר געפינען אין פאַנאַנדער־קלייבן זיך אין קונסט־דערשיינונגען ליגן אינ'ם קינסטלער. דאָס איז אַ פאַלשע און שעדלאַכע השערה, און וואָס שנעלער מיר וועלן זיך פון איר דערווייטערן אַלץ בעסער וועט זיין פאַר יעדער צווייג פון קונסט־פאָרשונג.

אַפילו גראָסע, דער מחבר פון אַ פּיאָנערישער אַרבעט איבער קונסט־עוואָלוציע, וואָס האָט קנאַפּ וואָס צו טאָן מיט דער פּערזענלאַכקייט פונ'ם אינדיווידועלן קינסטלער, אַפילו ער האַלט אַז דאָס קאָנצענטרירן זיך אויפ'ן אינדיווידועלן קינסטלער איז די וויכטיקסטע מעטאָדע אין קונסט־פאָרשונג. אָט וואָס ער זאָגט וועגן דעם ענין: „די פּראָבּלעם פון דער קונסט־וויסנשאַפט האָט צוויי פאָרמען: אָן אינדיווידועלע און אַ סאָציאַלע. אין דער ערשטער האָבן מיר צו טאָן מיט אַן איינצלנעם ווערק, אָדער דעם לעבן פון אַן איינצלנעם קינסטלער, מיט'ן אָנווייזן די נאָרמאַלע שייכות'ן וואָס עקזיסטירן צווישן אַן אינדיווידועלן קינסטלער און

אן אינדיווידועל ווערק און מיט דערקלערן די קינסטלערישע שאפונג ווי א נאָרמאלן פּראָדוקט פון דער קינסטלערישער פערזענלאכקייט וואָס שאפט אונטער געוויסע אומשטענדן. אינ־דיווידועלע מאניפעסטאציעס זענען על פּי רוב אינטערעסאנטער איידער סאָציאלע, ספּעציעל אין קונסט וואו די פערזענלאכקייט איז אזוי וויכטיק. און ממילא האָבן מיר ס'רוב געפּאָרשט די אינדיווידועלע פאָרמען פון דער פּראָבלעם, כאָטש מיר וואָלטן לכתחילה געקענט זיין זיכער אז די אויסזיכטן אויף דערפאָלגרייכע רעזולטאטן זענען זייער שוואכע. די אינדיווידועלע פאָרם פון דער דאָזיקער פּראָבלעם קען מען אין דער אמת'ן פארענטפערן בלויז אין עטלאכע פאלן, וואָס געהערן אלע צו די לעצטע הונדערט יאָר.... רעמבראנט איז געשטאָרבן אין אמסטערדאם אין 1669, מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, אָבער מיר ווייסן זייער ווייניק פונ'ם קינסטלער לעבן" און א. וו.*) און וואָס וואָלט א שטייגער געווען ווען מיר וואָלטן געוואוסט וועגן רעמבראנט'ן, שעקספּיר'ן, און אלע איבעריקע אלטע מייסטער, יעדעס ברעקעלע פון זייער לעבן? וואָס זשע וואָלט דעמאָלט פארענטפערט געוואָרן? אויף וויפיל זענען מיר רייכער אין אונזערע קונסט־באגריפן דורך דעם וואָס מיר ווייסן א סך מער וועגן דאָסטאָיעווסקי'ן אָדער שלום עליכמ'ען אָדער אנאטאל פראנס'ן?

לויט גראָסע'ן קומט אויס אז ווען מיר וואָלטן געוואוסט מער איינצלהייטן פונ'ם לעבן פון די קינסטלער, וואָלט די קונסט־פאָרשונג זייער פיל געוואונען ווען זי קאָנצענטרירט זיך אין גאנצן אויף דער שאפנדיקער פערזענלאכקייט. דאָס קומט פון זיין איינדרוק אז דער דאָזיקער ענין האָט א נאָענטע שייכות צום פאקט וואָס „אינדיווידועלע מאניפעסטאציעס זענען על פּי רוב אינטערעסאנטער איידער סאָציאלע". די אינטערעסאנטקייט פון אינדיווידועלע מאניפעסטאציעס, אָדער די טענדענץ צו באטראכטן מאניפעסטאציעס פון דער אינדיווידועלער זייט, איז גאנץ אָפט א ריין פּילאָמיטישער ענין. צו רעדן וועגן דעם לעבן פון א שרייבער הייסט אָפט מאָל צו מאכן אים פאר א טעמע פון א

*) Beginnings of Art. Ernst Grosse, 1897, 9-10.

מעשה. דאָס איז בלי ספק אינטערעסאַנט. אָבער דאָס איז ניט די אינטערעסאַנטקייט וואָס שטאַמט פון אַן אַנאַליז פון קונסט־דערשיינונגען.

זאָל דאָ גלייך קלאָר ווערן אַז איך האָב ניט בדעה צו באַהויפּטן אַז דאָס לעבן פונ׳ם קינסטלער שטעלט מיט זיך קיין שום פּראָבלעם ניט פאָר. דאָס פּסיכאָלאָגישע איז מיר צו נאָענט צום האַרצן אַז איך זאָל מאַכן אַזאַ השערה. דער קינסטלער איז פריער פון אַלץ, און איבער אַלץ, אַ מענטש, און אַ מענטש, יעדער מענטש, איז זייער אַ גרויסע און וויכטיקע פּראָבלעם וואָס דאַרף אונז אַלעמען באַשעפטיקן. אָבער דאָס זעלביקע איז אמת וועגן יעדן איינציקן מענטשן וואָס אָטעמט אויף גאָטס זינדיקער ערד.

אין אַלגעמיין באַנוצן מיר דעם קינסטלערס פּערזענלאַכן נאָמען אין צוויי באַזונדערע טייטשן, וואָס דאָס פאַראורזאַכט אַ מישמאַש אין יעדער באַהאַנדלונג פון דעם ענין. אַ קינסטלער איז אַ מענטש וואָס איז באַשעפטיקט מיט אַ געוויסער טעטיקייט וועלכע האָט אַ גאַנץ באַזונדערן ווערט אין מענטשלאַכן לעבן. די פּראָדוקטן פון אָט דער טעטיקייט זענען אַזוי פאַרשידנאַרטיק אַז דעם קינסטלערס נאָמען גיט אונז אַ שפּראַכלאַכע מעגלאַכקייט מיר זאָלן קענען אָנווייזן אויף אַ באַשטימטן סאָרט קונסט־פּראָדוקט. מיר זענען, למשל, געוואוינט צו לייענען לידער און דערציילונגען אונטער אַ געוויסן נאָמען, זאָגן מיר, אברהם רייזען. וואָס איז דעמאָלט פאַר אונז רייזען? אַ פירמע אין פאַרבינדונג מיט וועלכע מיר ריכטן זיך אויף געוויסע ליטעראַרישע אַרבעטן פון אַ געוויסן טאָן און סאָרט. אויף אַזוי ווייט איז רייזען פאַר אונז אָן אַ שיעור וויכטיק, ווייל דער דאָזיקער נאָמען איז דער סימבאָל פון דעם מיט וואָס זיין נאָמען איז פאַרבונדן, זיין קונסט. ווען רייזען זאָל — לאָמיר זיך פאָרשטעלן — אונטערוואַרפן זיינע זאַכן אין די רעדאַקציעס און זיין נאָמען ניט אונטערשרייבן, וואָלטן מיר געמוזט אויסטראַכטן אַ נאָמען מיט וועלכן צו באַצייכענען אויפ׳ן לייכטסטן אופן זיינע אייגנאַרטיקע שאַפונגען. מען זאָגט אַז רייזען איז ניט בלויז אַ קונסט־נאָמען, נאָר אַ לעבעדיקער מענטש וואָס האָפט און בענקט און שטרעבט, פּונקט ווי יעדער מענטש. דאָס איז זייער מעגלאַך. איך פאַר־

שטיי אויך, אַז ווען עמיצער זאָל ספּעציעל פאַרינטערעסירט ווערן אין רייזענס שאַפונגען, וועט דאָס אים שוין ממילא פירן צו אַ פאַרינטערעסירטקייט אינ׳ם פאַרשידנאַרטיקן לעבן פונ׳ם שאַפער. דאָס הייסט אַז ער וועט אַוועקגיין פונ׳ם עצם ענין, אָבער אַזוי איז שוין די טבע פון מענטשלאַכע זיגזאַגן. אַזאַ מענטש וועט אָנהייבן צו באַנוצן רייזענס נאָמען אין אַ גאַנץ נייעם זינען, אינ׳ם זינען ווי יעדער נאָמען ווערט באַנוצט, ד. ה. ווי אַ מענטשלאַכע פּערזענלאַכקייט, ניט בלויז ווי אַ געוויסער ליטעראַרישער פּראָדוקט.

עס איז בלי ספק אמת, אַז „ווילסטו דעם דיכטער קענען, דאַרפסטו גיין אין זיין לאַנד“, אָבער ווער לייענט עס ליטעראַטור כדי צו קענען דעם דיכטער? מיר לייענען ליטעראַרישע ווערק מחמת די אַלע טעמים וואָס זענען אָנגעגעבן געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון דערציילן. צו לייענען ווערק כדי צו קענען דעם שרייבער דאָס פּאַסט פאַר אַ קריטיקער, וואָס ווערט, לויט דעם נאַטירלאַכן גאַנג פון זיגזאַגן, געפירט אויף אַרומיקע וועגן. פאַר אים איז שוין אָבער דעם שרייבערס ווערק אַ מין קלינישע פאָרשונג פון אַ מענטשן אין וועלכן ער איז פאַרינטערעסירט. אָבער מיר אַלע קענען ניט לייענען קיין ווערק אויף אַזאַ׳ן אופן. אמת, אפילו אַ קריטיקער, ווען ער זוכט צו שטילן זיין פילאָמיטישן דאָרשט, לייענט ער און האָט אין זינען די מעשה, ניט דעם שאַפער. אין אַזעלכע מאָמענטן זענען מיר אַלע ווי געזונטע קינדער, וואָס קענען אייך אויסרעכענען אַ סך נעמען פון ווערק, אָבער זיי גייט ווייניק אָן דער שרייבער. און ווען קינדער ווערן שוין אַביסל עלטער און באַגרייפן שוין די נפקא מינה צווישן איין סאָרט ליטעראַריש־קינסטלערישער אַרבעט און אַן אַנדערער, נייטיקן זיי זיך בלויז אין סימבאָלן וואָס זאָלן העלפן מאַכן די דאָזיקע אונטערשידן. די נעמען פון שרייבער זענען באַ אַזעלכע קינדער, פּונקט ווי באַם גרעסטן רוב דערוואַקסענע, ליטעראַרישע פירמעס, עטיקעטן, ניט מער. אַ קינסטלער־פיקסירטע קריטיק קען זיך זיין זייער אינטערעסאַנט, אָבער זי פירט סוף כל סוף צו אַלגעמיין מענטשלאַכער פּסיכאָלאָגיע, ניט צו קונסט.

מען וועט נאַטירלאַך טענה'ן אַז מיר דאַרפן אַנאַליזירן דעם דיכטערס לעבן אין פאַרבינדונג מיט זיינע ווערק, מיר קומען דאַך לכתחילה צו אים ווייל ער איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע מענטשן, ער האָט טאַלאַנט. ממילא קען דאַך אַן אַנאַליז פון זיין לעבן באַלייכטן געוויסע דערשיינונגען אין זיין קונסט בכלל. אויף דער דאָזיקער טענה לוינט זיך אַביסל לענגער אָפּצושטעלן.

## ד. דער באַגריף „טאַלאַנט".

ווען מיר זאָגן אַז עמיצער „האָט" טאַלאַנט און אַן אַנדערער „האָט ניט", שאַפט שוין די שפּראַך גופא אַן אילוזיע. עס זעט אויס אַזוי ווי טאַלאַנט וואָלט געווען עפּעס אַ באַשטימטע זאַך, אַן „אַבסאָלוט" וואָס ליגט ערגיץ וואו אין אונז און „שאַפט". אַמאָל האָט מען אַרומגעזוכט די נשמה אין אַלע ווינקעלאַך פון מענטשלאַכן קערפּער. אָט, האָט מען געמיינט, איז זי אין האַרצן, אָט אין קאָפּ, א. אַ. וו. ווער ווייס ווי לאַנג מען וואָלט אַזוי אַרומגעזוכט די נשמה ווען עס וואָלט ניט פאָרגעקומען קיין גרינטלאַכע ענדערונג אינ'ם עצם באַגריף נשמה. היינט האָבן מיר אַן ענלאַכע לאַגע בנוגע טאַלאַנט. עס איז פּשוט אוממעגלאַך צו גלויבן אַז טאַלאַנט זאָל זיין אַן איינגעבוירענער פּסיכישער כאַראַקטער־שטריך, וואָס האָט קיין שום שייכות ניט מיט סביבה'־דיקע איינפלוסן. אויב טאַלאַנט וואָלט געווען אַן עלעמענטאַרע שטענדיקייט אין פּסיכישן לעבן, וואָלטן אַ סך אָפּענע פאַקטן בנוגע טאַלאַנט געווען אומבאַגרייפלאַכע דערשיינונגען. ווען אַ מענטש הייבט אָן אַרויסווייזן זיין טאַלאַנט ערשט אין די שפּעטערע יאָרן פון זיין לעבן, אָדער־ ווען ער שאַפט עטלאַכע וויכטיקע זאַכן און זיין טאַלאַנט שטאַרבט אָפּ, אָדער ווען צווישן צוויי טאַלאַנטפולע ווערק שאַפט ער עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז נאָך ווייניקער פון מיטלמעסיק, אָדער ווען אַ קינד באַקומט גרויסע הבטחות פון אַ באַוואוסטן קונסט־מבין, און דערנאָך וואַקסט עס אויס אַ פּשוט'ער בשר ודם אָן שום קינסטלערישע כחות. — ווי קענען מיר אַזעלכע פאַקטן דערקלערן ווען מיר האַלטן זיך בא דער השערה פון אַן אַבסאָלוטן טאַלאַנט?

איך ווער אָפט געריירט פון די בקשות פון ליטעראַרישע אָנפאַנגער צו די רעדאַקטאָרן, ספּעציעל דאָרט וואו זיי זענען ניט אזוי ווייט פאַרינטערעסירט אין דרוקן זיך, ווי אין דעם אז מען זאָל קלאָר און באַשטימט אַרויסזאָגן צו מען געפינט בא זיי טאַלאַנט אָדער ניט. עס דערמאָנט אָן דער אומגליקלאַכער וואָס זוכט באַם חכמת היד'ניק א שליסל צו איר פאַרשלאָסענער צוקונפט. אָבער נאָך רירנדיקער איז דער רעדאַקטאָר מיט זיין גלויביקער זעלבסט זיכערקייט. אפילו ווען ער גיט אָן אומקלאָרן ענטפער, מאַכט ער אָבער דעם איינדרוק אז דאָס איז בלויז אין געגעבענעם פאַל אזוי; אז בדרך כלל געגומען איז אים ניט שווער פאָראויסצוזאָגן צי פון פרצ'ן, דעם אָנפאַנגער, וועט אמאָל אַרויסוואַקסן א דיכטער פון „די גאָלדענע קייט", אָדער ניט. אונזער דיכטער־רעדאַקטאָר מלך ראַוויטש גייט אזוי ווייט אז ער ברענגט דריי זאַכן פון אָנפאַנגער און ווייזט פשוט אָן מיט'ן פינגער: אָט דאָס איז גראַפאָמאַניע, דאָס איז מיטלמעסיקייט און דאָס איז טאַלאַנט. און אויב טאַלאַנט איז איינגעבוירן, עלעמענטאַר און אבסאָלוט, איז דאָך קלאָר אז ער איז אָפּהענגיק בלויז אָן זיך אליין און דאַרף קיין אונטערשטיצונג ניט, ווי מלך ראַוויטש גלויבט. וואָרים „טאַלאַנט — אויב עס איז דאָ — איז קוואַל. אויפגעהאַלטן אויף איין אָרט, ברעכט ער, אין א צייט אַרום, מיט צענפאַכער קראַפט אַרויס אויף אן אַנדער אָרט." *) פון דעם שטאַנדפּונקט איז באמת ניט צו פאַרשטיין פאַרוואָס מיר האָבן היינט א פיל גרעסערע צאָל טאַלאַנטפולע דיכטער ווי, זאָגן מיר, מיט צוואַנציק יאָר צוריק. וואָס איז געוואָרן פון די טאַלאַנטן אין יענער צייט? פאַרוואָס האָבן זיי דאַמאָלט ניט באַשאַפן אַזא רייכקייט אין דער אידישער ליטעראַטור ווי מיר האָבן איצט? פאַרוואָס איז עס אז אין דער גאַנצער קונסט־געשיכטע קומען טאַלאַנטן גרופּעסווייז, ניט איינציקווייז. עפּעס אזוי ווי עס וואָלט געווען א קעגנזייטיקע שייכות צווישן זיי? ווי קומט עס וואָס עפּאָכן אין וועלכע עס ווייזן זיך מער טאַלאַנטן אויף איין פעלד

---

*) גראַפאָמאַניע, מיטלמעסיקייט און טאַלענט, מלך ראַוויטש. ליטעראַרישע בלעטער, נומ. 76, 16טן אָקטאָבער 1925.

פון שאַפן, ווייזן זיי זיך אויך אויף אַנדערע פעלדער, עפּעס אַזוי ווי טאַלאַנט וואָלט געווען אָפּהענגיק ניט בלויז אָן אינווייניקסטער נויטווענדיקייט, נאָר אויך אָן דעם גאַנצן קאָמפּלעקס וואָס מיר רופן „דאָס אַרומיקע לעבן“? *)

טאַלאַנט זעט אויס צו זיין אַ שייכות־סיסטעם, וואָס געוויסע טיילן אירע זענען איינגעבוירן, אָבער די שייכות־סיסטעם אין איר גאַנצקייט, און בלויז אין איר גאַנצקייט, איז טאַלאַנט. אויב דאָס איז אמת, איז טאַלאַנט ניט, און קען ניט זיין, קיין

*) איך וויל דערמיט ניט זאָגן אַז ס'איז פאַראַן אַ שטענדיקער פּאָזיטיווער פּאַראַלעליזם צווישן „קונסט און לעבן“. איך קען גאַנץ גוט די סאָציאָלאָגישע דאָגמאַטיקער וואָס וועלן אייך תמיד געפינען אַ פּאַראַלעל צווישן קונסט און עפּעס אַן איינציקער סבה, וואָס איז זיי ליב. איך קען אויך די קונסט־פאַר־קונסט לייט פאַר וועלכע קונסט איז אַן אייביקער פּרוש, און לעבט נאָר מיט זיך אַליין. די צרה ליגט דאָ אין דער אַנטקעגנשטעלונג — „קונסט“ און „לעבן“ — וואָס מוז פירן צו אַלע פּלאָנטערנישן. ווען מיר וועלן אַנטקעגנשטעלן צוויי קונסט־צווייגן, זאָגן מיר, אַרכיטעקטור און מוזיק, וועלן מיר אויך אויסגעפינען אַז אַמאָל איז פאַראַן אַ פּאָזיטיווער פּאַראַלעל און אַמאָל ניט. דאָס זעלביקע וועט פּאַסירן ווען מיר וועלן נעמען צוויי מאָמענטן פון וויסנשאַפט, אָדער אינדוסטריע, אָדער וואָס איר ווילט. גאַנץ אָפט וועלן מיר געפינען אַ פיל נאָענטערע שייכות צווישן אַ קונסט־צווייג און עפּעס וואָס איז ניט קונסט, איידער צווישן דער זעלביקער קונסט און אַן אַנדער סאָרט קונסט. די מאָדערנע אידישע ליטעראַטור האָט אַ פיל נענטערע שייכות צו דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם און סאָציאַליזם באַ אידן איידער צו נייע פאָרמען אין אידישער מאַלעריי. ווען מען באַגייט דעם ערשטן פעלער און מען שטעלט אַוועק „קונסט“, ווי אַ גאַנצקייט, און „לעבן“, ווי אַ גאַנצקייט, און מען פאַרגלייכט זיי, מאַכט שוין ניט אויס וואָס מען טוט שפּעטער, דער חשבון קען שוין סיי ווי סיי ניט זיין ריכטיק. קונסט דאַרף קודם כל אויפגעפאַסט ווערן ווי אַ טייל פון לעבן. און דער פּאַראַלעל דאַרף דעמאָלט געזוכט ווערן צווישן צוויי לעבנס־טיילן וואָס האָבן — צוליב'ן כאַראַקטעריסטישן גאַנג פון די געגעבענע סאָציאַלע זיגזאַגן — אַ נאָענטע שייכות. אַזוי קען למשל די אַנטוויקלונג פון דער פיזיק פון קלאַנג, אָדער די פּראָדוקציע פון נייע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, פירן צו אַזעלכע דערגרייכונגען אין מוזיק, וואָס זאָל האָבן אַ קליינע שייכות צו אַ סך אַנדערע מאָמענטן פון לעבן, איינשליסנדיק אַרכיטעקטור, אָדער סקולפּטור, אָדער אַן אַנדער צווייג פון דער קונסט.

איינגעבוירענער שטריך. איינגעבוירן איז בלויז די מעגלאַכקייט אריבערצושטייגן די געוויינטלאַכע מענטשלאַכע נאָרם אין שאַפן. אָבער כדי די מעגלאַכקייט זאָל ווערן אַ ווירקלאַכקייט איז נייטיק די אָרגאַניזאַציע פון אַ שייכות־סיסטעם וואָס זאָל פונקציאָנירן ווי אַן איינסל, און דאָס איז שוין געווענדט אָן מיליאָנען פּרטים איבער וועלכע מיר זענען קיין באַלעבאַטים ניט. די פאַרשידענע איינצלהייטן פון אָט דעם מעכאַניזם און די באַדינגונגען אונטער וועלכע ער קען זיך אויפהאַלטן ווי אַ גאַנצער מעכאַניזם, דאָס קען היינט קיינער ניט זאָגן. פאַר אַ מענטשן וואָס זעט די אומגעהייערע שוועריקייטן פון דער פּראָבלעם, וועט עס זיכער זיין אַן אומפאַרגעבלאַכער טעות פאָרויסצוזאָגן מיט באַשטימטקייט צי אַ געוויסער אָנפאַנגער וועט אַמאָל אַרויסברענגען טאַלאַנטפולע ווערק אָדער ניט. און אויב אפילו מיר זאָלן מער וויסן וועגן דער טבע פון טאַלאַנט, וואָלטן דעמאָלט גיכער באַרייכערט געוואָרן אונזערע ידיעות וועגן פּסיכאָלאָגיע איידער וועגן קונסט. וואָרים נאָך אַלעמען איז דאָך די ראָלע פון קונסט אין לעבן אַ פיל וויכטיקערע קונסט־פראַגע איידער די פּראָבלעמען פון קינסטלערישן שאַפן.

ווער עס האָט דער ערשטער געשאַפן די ציינדערעלאַ מעשה ווייסן מיר ניט, און ווען מיר וואָלטן עס יאָ געוואוסט, און געוואוסט אַלע איינצלהייטן פון זיין לעבן, וואָלט עס אונז ווייניק וואָס געגעבן. אָבער ווען מיר ווערן געוואָר אַז בעת אַ סך צוויבער־מעשות זענען פאַרגעסן געוואָרן איז ציינדערעלאַ געבליבן, און אַז פון איר זענען געשאַפן געוואָרן אַרום פיר הונדערט וואַריאַנטן, *) אָט דאָס איז פאַר אונז אַ לעקציע אין קונסט, וואָס אפילו טויזנט פּינקטלאַכע ביאָגראַפיעס פון קינסטלער וואָלטן אונז ניט געקענט געבן. ווען מיר זאָלן אין גאַנצן קיין קינסטלער ניט האָבן, נאָר קונסט־ווערק זאָלן געבראַכט ווערן פון ווינט און רעגן — און אַן ענלאַכע לאַגע האָבן מיר בנוגע פאָלקלאָר — וואָלטן מיר נאָך אַלץ געהאַט אַ קונסט מיט אַלע אירע פּראָבלעמען, כאָטש די פראַגע וועגן שאַפן וואָלט אין גאַנצן געווען אויסגעשלאָסן.

*) Cinderella. M. R. Cox, 1893.

דער מאָמענט פון געניסן איז, מיט איין וואָרט, די סאַמע ווּיכטיקסטע פראַגע אין קונסט, וואָרים ער שליסט איין אַלעמען, דעם דיכטער ניט ווייניקער ווי דעם לייענער, בעת די פראַגע וועגן שאַפן שליסט אויס כמעט די גאַנצע וועלט, אַפילו די גרעסטע טייל פונ'ם דיכטער אַליין. מיר האָבן אַ קונסט ניט דערפאַר ווייל מיר האָבן צופעליק טאַלאַנטן וואָס קענען זי שאַפן, נאָר ווייל מיר דאַרפן זי, ווייל מיר קענען זי געניסן. אַפילו די נאָענטסטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ קינאָמאַטאָגראַפישער מאַשין וועט קיינמאָל ניט דערקלערן די אילוזיע פון דער דריטער דימענזיע און פון באַוועגונג וואָס דאָס בילד אויפ'ן לייוונט גיט אונז, ווען אָבער אַ מענטש האָט אַ ידיעה וועגן דער טבע און קאָנסטרוקציע פונ'ם אויג, וועט ער גאַנץ גוט פאַרשטיין ווי אַזוי די אילוזיע ווערט געשאַפן, אַפילו ווען ער האָט די מאַשין קיין מאָל אין די אויגן ניט געזען. ווען מיר קומען צו קונסט ווערט דער דאָזיקער אמת נאָך גרעסער און וויכטיקער. ווייל — ווי מיר וועלן זען אין קומענדיקן קאַפּיטל — געניסן איז ניט קיין פּאַסיווער פּראָצעס, און אין לעצטן סך הכל זענען שאַפן און געניסן צוויי זייטן פון דער זעלביקער מטבע.

שוין דאָס אַליין וואָס פּסיכאָאַנאַליז שטעלט אַוועק דעם קינסטלער אין צענטער פון דער קונסט־פּראָבלעם, אַנטהאַלט אין זיך אַ מעטאָדאָלאָגישן טעות פאַר וועלכן יעדע קונסט־פאָרשונג מוז טייער באַצאָלן.*) ווען פרויד רעדט וועגן לעאָנאַרדאָ דאַ

---

*) אָווסיאַניקאָ־קוליקאָווסקי וויל האָבן אַז „פאַרשטיין אַ קינסט־לעריש ווערק איז נישט מער ווי אַ פאַרקירצטער אויסדרוק אַנשטאָט: „פאַרשטיין דעם קינסטלער וואָס האָט געשאַפן די ווערק“.... דערפאַר זענען פאַר דער ליטעראַרישער קריטיק אַזוי וויכטיק די פאָרשונגען איבער דער געשיכטע און דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם שאַפן פון דיכטער און דאָס שטודיום פון זייער לעבן און טעטיקייט אין אַלגעמיין, און פון זייער פּערזענלאַכקייט — ספּעציעל“ („דאָס קינסטלערישע שאַפן“ — אידיש פון חיים האָלמשטאָק, זייט 40).

אָבער ער זאָגט גלייך נאָך דעם אַז „פאַרשטיין אַ קינסט־לעריש ווערק מיינט איבער'חזר'ן דעם פּראָ־צעס פון שאַפונג“, און אַז „דאָס דאָזיקע אי־בער'חזר'ן קאָן קיינמאָל ניט זיין פולשטענ־

ווינטשי׳ן מאַכט עס דעם איינדרוק אַזוי ווי לעאָנאַרדאָ׳ס קונסט וואָלט דאָ געשפּילט בלויז אַ זייטיקע ראָלע. פרויד האָט דאָ אויך געהאַט אַן אַנדער געלעגנהייט. אַט ווי ער גיט איבער דעם איינדרוק וואָס „מאָנאַ ליזאַ״ האָט געמאַכט אויפ׳ן איטאַליענער אַנדזשעלאָ קאָנטי: „די פרוי האָט געשמייכלט מיט אַ קעניגלאַכער רואיקייט. איר אינסטינקט פון נצחון, פון ווילדקייט, די גאַנצע ירושה פון איר געשלעכט, דער ווילן צו פאַרפירן און פאַנגען, דער כשוף פונ׳ם אָפּנאַרער, די ווייכקייט וואָס פאַרבאָרגט אַ גרויזאַמען צוועק, דאָס אַלץ שיינט אויף און פאַרשווינדט איינס נאָך ס׳אַנדערע הינטער דעם לאַכנדיקן שלייער און צעגייט אינ׳ם ליד פון איר שמייכל... גוטס און שלעכטס, גרויזאַמקייט און מיטגעפיל, גראַציעז און כיטרע, זי האָט געלאַכט....״ דאָס איז אייגנטלאַך אַ פאַרזוך איבערצוגעבן מיט ווערטער וואָס אַ מענטש האָט גענויסנדיק געשאַפן אין פאַרבינדונג מיט „מאָנאַ ליזאַ״ כדי אַרויסצוברענגען דעם פאַרטיקן רושם פון אַ קונסטווערק. אַט דאָ וויקלט זיך פאַנאַנדער פאַר אונז די גאַנצע ברייט פונ׳ם קונסט פּראָבלעם. עס איז אין דער ערשטער שורה אַ קאָנטי־פּראָבלעם — פון די אַלע מיליאָנען קאָנטיס, לעאָנאַרדאָ איינגעשלאָסן, וואָס קאָנטי פאַרטרעט — ניט קיין ענגע לעאָנאַרדאָ־פּראָבלעם. אָנגענומען אַז אַ ווערק איז פאַראַן, מאַכט ניט אויס ווי אַזוי עס איז געשאַפן געוואָרן, וואָסערע פּראָצעסן קומען פאָר באַם קונסטגעניסער, וואָס מאַכן פונ׳ם ווערק אַ קונסט־ווערק? דאָס איז די פונדאַמענטאַלסטע פראַגע.

ד י ק״. קומט אויס, אַז פאַרשטיין אַ ווערק הייסט ניט פאַרשטיין דעם קינסטלער׳ס שאַפונג־פּראָצעסן, נאָר די וואָס מען חזר׳ט איבער, און וואָס זענען באַין אופן ניט אַקוראַט די זעלביקע ווי באַם קינסטלער. פ אַ ר ש ט י י ן איז דעריבער דאָס שאַפן פונ׳ם געניסער, ניט קיין איבערגענומענע בוכשטעבלאַכע קאָפּיע פונ׳ם שאַפער. אויף אַזאַ׳ן אופן קומט אויס אַז פון אַ ליטעראַריש־פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז דעם קריטיקערס ביאָגראַפיע וויכטיקער איידער דעם דיכטערס. עס איז טאַקע אמת אַז קריטיקער שטעלן זיך אָפּ זייער אָפט אויפ׳ן פערזענלאַכן לעבן פונ׳ם דיכטער, אָבער דאָס איז, דוכט מיר, ניט דערפאַר ווייל דאָס איז וויכטיק פאַר דער ליטעראַרישער קריטיק, נאָר ווייל דאָס באַפרידיקט די פּילאָמיטישע טענדענצן פונם קריטיקער.

פּסיכאָאַנאַליז, מער ווי יעדע אַנדערע פּסיכאָלאָגישע שול, האָט געהאַט אַ מעגלאַכקייט צו באַרירן די פראַגע פון דער דאָ־זיקער זייט. אָבער, ווען מען זאָל אַראָפּרעכענען עטלאַכע אַלגע־מיינע באַמערקונגען דאָ און דאָרטן, איז דאָס אין דער פּסיכאָאַנאַליטישער ליטעראַטור ניט געטאָן געוואָרן. און די רעזולטאַטן פון קאָנצענטרירן זיך אויפ'ן קינסטלער זענען שוין אונז באַקאַנט. דאָס איז אמת ניט בלויז וועגן די פרוידיאַנער, נאָר אויך וועגן די אַנדערע שיטות וואָס האָבן אָפּגענייגט פון דעם אָרטאָדאָקסישן פּסיכאָאַנאַליז. ווען מיר זאָלן דערקלערן דעם קינסטלער פון שטאַנדפּונקט פון אַדלערס „געפיל פון אומזיכער־קייט" וואָס איז געבויט אויף אַ „מינדערווערטיקייט" פון אָרגאַנען, אָדער פון יונגס אורשפּרינגלאַכן לעבנס־דראַנג, וועלן אַלץ די רעזולטאַטן זיין די זעלביקע. וואָרים יעדער פּאַרזוך צו דערפירן אַלע דערשיינונגען צו איין איינציקן פאַקטאָר מוז דאָך נויט־ווענדיק ברענגען דערצו אַז אַ דיכטער זאָל דערקלערט ווערן ווי אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן, וואָס באַ אים ווירקט אויך דער זעלביקער פאַקטאָר וועלכער דאַרף דערקלערן אַלץ און אַלעמען. עס איז דעריבער וויניק צו זאָגן אַז די פּסיכאָאַנאַלי־טיקער האָבן די פראַגע ניט פאַרענטפערט, זיי האָבן זי פּשוט ניט אָנגערירט.

## קאפיטל VII

# דער שאפנדיקער מאָמענט

### א. מיטלען און צילן

דער יעזואיטישער גלויבן אַז דער ציל הייליקט די מיטלען האָט פונדעסטוועגן ניט געראַטעוועט די יעזואיטן פון דעם אַז זייער נאָמען זאָל ווערן אַ פּאַרוואָרף און אפילו אַ זידלוואָרט. צו זיין אַ יעזואיט איז אַ מיאוס'ע זאַך אפילו אין די אויגן פון אַ סך מענטשן וואָס האַלטן גאַנץ שטאַרק פונ'ם יעזואיטישן ציל. די יעזואיטן האָבן ניט געוואוסט — און אפשר וואָלט זיי ניט געאַרט אפילו ווען זיי ווייסן יאָ — די טבע פון מענטשן, מיטלען און צילן. אָבער דער יעזואיטישער טעות איז אייגנטלאַך אַ געוויינטלאַכער, טאָג־טעגלאַכער מענטשלאַכער טעות, און אָט דער טעות איז דער הויפּט־שולדיקער פונ'ם געדאַנק וואָס צעטיילט מענטשן אויף צוויי באַזונדערע מינים: שאַפער און געניסער. די דאָזיקע פאַרבינדונג זעט אויס, אויפ'ן ערשטן בליק צו זיין אַ היפּש ביסל אויס'ן וועג. אָבער דאָס איז נאָר אין פלוג אַזוי; מיר וועלן באַלד זען אַז די סמיכת הפרשה איז ניט בלויז אַן אמת'ע, נאָר אויך אַ געוואַלטיק וויכטיקע.

דער יעזואיט האָט ניט געזען די וועלט אין ליכט פון שטענדיק־לויפנדיקע זיגזאַגן, נאָר אין אַ מין חתן־שדכן־כלה שפּיל. פון איין זייט האָבן מיר אַ מענטשן, אַן אייביקע, שטייענדיקע אומפאַרענדערלאַכע זאַך, וואָס איר וויכטיקייט באַשטייט אינ'ם „שטאָף" פון וועלכן זי איז צוזאַמענגעשטעלט, ניט אין אירע האַנדלונגען און שייכות'ן. פון דער צווייטער זייט איז פאַראַן אַ ציל, פּונקט פון זעלביקן כאַראַקטער, און אין דער מיט, צווישן זיי, געפינט זיך דאָס מיטל, דער איינציק באַוועגלאַכער מאָמענט אין

דער סעריע, וואָס זיין עובדא איז צוזאַמען צו ברענגען — מעשה שדכן — דעם „אייביקן" מענטשן מיט'ן „אייביקן" ציל. וואָרים ווען דעם יעזואיט וואָלט איינגעפאַלן אַז דער מענטש איז ניט קיין אומפאַרענדערלאַכע גאַנצקייט, וואָלט ער דאָך געקענט טראַכטן אַזוי: צי וואָס דאַרף איך אָנווענדן מיטלען וואָס זענען פונקט דער היפוך פון מיינע הייליקסטע פאַרלאַנגען, עס איז דאָך מעגלאַך אַז אויפ'ן וועג צום ציל וועל איך זיך אין גאַנצן בייטן, און ממילא וועט שוין דער גאַנצער ציל פאַר מיר קיין זינען ניט האָבן. עפּעס ענלאַכס דערצו וואָלט פאָרגעקומען ווען דער יעזואיט וואָלט צוגעלאָזן די מעגלאַכקייט אַז דער ציל איז ניט קיין אייביקער, אומפאַרענדערלאַכער „שטאָף". ער וואָלט גע־טראַכט: צי וואָס דאַרף איך אָנווענדן גרויזאַמע מיטלען וואָס זענען קעגן מיינע העכסטע מאָראַלע אידעאַלן, עס איז דאָך מעג־לאַך אַז בעת איך וועל שוין צוקומען צום ציל און זיין גרייט מיט אים זיך אָרומצוכאַפּן, וועל איך דערזען אַז דער ציל איז שוין לגמרי ניט דער זעלביקער ווי איך האָב וועגן אים פריער גע'חלומ'ט.

דער יעזואיט האָט אָבער אַזוי ניט געטראַכט, און וואָס איז געוואָרן דער סוף? דער סוף איז געוואָרן אַז ער איז בלויז גע־בליבן ביי די מיטלען, ריכטיקער, די מיטלען זענען פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין צילן, און ער אַליין איז געוואָרן דאָס וואָס ער האָט ג ע ט אָ ן און ניט דאָס פון וואָס ער האָט גע'חלומ'ט.

אָט די טענדענץ פון מיטלען פאַרוואַנדלט צו ווערן אין צילן נעמט זיך דערפון וואָס מיר האָבן בכלל ניט צו טאָן מיט ליניעס נאָר מיט זיגזאַגן, ניט מיט זאַכן, נאָר מיט פּראָצעסן, און דער מענטש און דער ציל זענען ניט ווייניקער פּראָצעס ווי די מיטלען וואָס ווערן אָנגענומען און וואָס האַלטן זיך אין איין בייטן. די אורזאַך פאַרוואָס מיר זעען בלויז ענדערונגען אין די מיטלען, און ניט אין זיך אַליין אָדער אין די צילן, נעמט זיך דערפון וואָס בנוגע די צילן זענען זיי ענינים מיט וועלכע מיר האָבן בכלל ווייניק וואָס צו טאָן. זיי ווערן אָוועקגעשטעלט אין דער דערווייטערטקייט פון אַ צוקונפט און פאַרקערפערט אין פאַר־

לאַנגטע בילדער און אומפאַרענדערלאַכע וואָרט־פאָרמען. אָבער אַז דער פאַרלאַנגטער ציל איז קיינמאָל ניט גלייך צום דער־גרייכטן, דאָס וויים יעדער מענטש וואָס טראַכט וועגן אַזעלכע זאַכן, כאָטש מיר זענען צו טיף פאַרינטערעסירט דעם דאָזיקן אמת צו פאַרגעסן. בנוגע דער פאַרענדערלאַכקייט פונ׳ם מענטשן גופא האָבן מיר די שוועריקייט וואָס אונזערע חושים און געפילן זענען מער צוגעפּאַסט אויפצונעמען געוויסע צושטאַנדן, איידער די דינאַמישע מאָמענטן פון פּראָצעסן. און בכלל זענען מיר צופיל גענייגט צו באַטראַכטן די אַרומיקע וועלט און צו ווייניק צו באַ־טראַכטן זיך אַליין.

אויפצופאַסן זיך אַליין ניט בלויז ווי אַ צענטער פון טעטי־קייט נאָר אויך ווי אַן אומפאַרענדערלאַכן צענטער, וואו אַלע טיילן זענען תמיד אַראַנזשירט אויפ׳ן זעלביקן אופן און געפינען זיך אין דער זעלביקער שייכות, דאָס זעט אויס צו זיין אַן איינגעוואָרצל־טער געדאַנק פון וועלכן מיר וועלן ניט אַזוי לייכט פּטור ווערן.*)
ווען אַן אימיגראַנט קומט צופאָרן קיין אַמעריקע און בייט זיין קוק אויפ׳ן לעבן און זיין שטעלונג צו זאַכן און באַוועגונגען, זענען מיר געוואוינט צו זאָגן אַז אַמעריקע, מיט אירע נייע באַ־דינגונגען, האָבן אין אים אויפגעדעקט דאָס וואָס ס׳איז תמיד געלעגן אין זיין „איך", נאָר איז געווען פאַרשטעלט אין דער אַלטער היים. בלויז אַמעריקע איז דאָס נייע אין זיין לאַגע, בלויז די באַדינגונגען האָבן זיך געביטן, ער אַליין איז געבליבן דער זעל־ביקער. אַ מענטש, הייסט עס, איז אַ צוזאַמענשטעל פון אָפענע און פאַרבאָרגענע „אינהאַלטן", און די באַדינגונגען באַשטימען וואָס עס זאָל זיין אָפן און וואָס פאַרבאָרגן. אין דער פאַנדן־שפּיל איז פאַראַן אַ שטראָף וואו מען פאַרלאַנגט פונ׳ם באַ־שטראָפטן צו ווערן אַ סטאַטוע, דאָס הייסט, אַז ער דאַרף שטיין

*) מאָדערנע פאָרשונגען סיי אין פיזיק סיי אין פּסיכאָלאָגיע ווייזן די פאַלשקייט פון אַזאַ „שטאָף"־באַגריף. בנוגע פּסיכאָלאָגיע זענען ספּעציעל וויכטיק די פאָרשונגען, וואָס זענען געבויט אויף די אַרבעטן פון די רוסישע פיזיאָלאָגן און פּסיכאָלאָגן, ווי פּאַוולאָוו, בעכטערעוו און אַנדערע. זע אַ קורצן סך הכל וועגן דעם אַלעם אין
Creative Experience. M. P. Follett, 1924, Chs. 3, 4.

פּאַסיוו, אומבאַוועגלאַך, און יעדער פון די מיטשפּילער דאַרף אַוועקשטעלן זיינע הענט, פיס, קאָפּ, א. א. וו. אין אַזאַ פּאָזיציע וואָס זאָל שאַפן די ענלאַכקייט צו אַ סטאַטוע. ווען מיר וועלן זיך פאָרשטעלן די מיטשפּילער ווי די באַדינגונגען, דאָס הייסט, די איינציקע זייט אין אַ סיטואַציע וואָס בייט זיך, דעמאָלט וועלן מיר קענען אָנרופן די געוויינטלאַך אָנגענומענע טעאָריע וועגן מענטשן די סטאַטוע־טעאָריע.

אָבער וואָס מער מיר קוקן זיך צו צו דער טבע פון לעבנס־פּראָצעסן זעען מיר די פאַלשקייט פון דער סטאַטוע־טעאָריע. ווען אַ מענטש באַגעגנט די שנאה פון אַנדערע מענטשן צו זיך ווערט ער אין כעס. אָבער אין דער זעלביקער רגע, אַזוי ווי ער גרייט זיך צום אויסברוך פון כעס, ווערט אָט דאָס גרייטן זיך גופא א סבה פונ׳ם אויסברוך. און ווען דער כעס ברעכט אויס, ווערט שוין דערמיט אַליין פאַרשטאַרקט די טענדענץ אַז ער זאָל ווייטער אָנ־האַלטן און וואַקסן. דאָס הייסט, אַז ער ווערט אין כעס און א י ז אין כעס, ניט בלויז צוליב דער שנאה פון דרויסן, נאָר אויך צוליב זיין אייגענעם כעס. די ענדערונג וואָס איז אין אים אַליין פאָר־געקומען איז ניט ווייניקער אורזאַך פון דער זעלביקער ענדערונג און פון ווייטערדיקע ענדערונגען, איידער דער דרויסנדיקער סטימול — די שנאה — וואָס האָט לכתחילה אים אויפגערעגט. דער פאָלקס־וויץ אַז אַ מענטש, ווען ער טרינקט אביסל בראַנפן, ווערט ער אַן אַנדערער מענטש און אָט דער אַנדערער מענטש וויל אויך אביסל בראַנפן. דער דאָזיקער פאָלקס־וויץ איז אין אַ געוויסן פּסיכאָלאָגישן זינען בוכשטעבלאַך אמת. יעדע טעטיקייט אונזערע בייט אונז און בייט די סביבה אין וועלכער מיר לעבן און אָט די געביטענע לאַגע, וואָס איז אייגנטלאַך אַ געוועב פון מענטש און סביבה, האָט אַ ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער טעטיקייט. און אַזוי ציט זיך עס אָן אָן אויפהער. דער דואַליזם פון מענטש און סביבה ווערט דאָ אָפּגע־שאַפן, ווייל מיין אייגענע ענדערונג איז, אויב איר ווילט, מיין סביבה פאַר דער קומענדיקער ענדערונג. איך קען זיך קיינמאָל ניט כאַפּן באַ דער טעטיקייט, ווייל דער וואָס כאַפּט זיך, איז שוין ניט פּונקט באַ פּונקט גלייך צו דעם וואָס האָט געטאָן. עס איז ניטאָ קיין שטייענדיקייט, אַליי גייט, אַלץ באַוועגט זיך, און דאָס

ברענגט תמיד אַריין נייאיקייטן; עס איז אַ שטענדיקער פּראָצעס וואו אַלץ שאַפֿט און ווערט געשאַפֿן אין דער זעלביקער צייט.

דאָ ליגט דער סוד פֿונ׳ם פֿאַקט וואָס מיטלען ווערן פֿאַרוואַנדלט אין צילן, אָדער וואָס אונטערנעמונגען, צו וועלכע מען גייט צו שלא לשמה, ווערן שפּעטער אַ לשמה־זאַך. אַ האָטעל־אייגנטימער פֿון די קעטסקיל בערג האָט זיך אַנומלטן פֿאַר מיר באַקלאָגט אַז פֿון אַלע זיינע פּלענער צו מאַכן אַ סך געלט, האָט זיך אויסגעלאָזן אַ טייך. ווייל ער האָט מיט דער צייט איינגעזען אַז מען דאַרף יעדעס יאָר אַריינלייגן אַזוי פֿיל געלט אויף מאַכן נייע געביי־דעס און אַנדערע אויסבעסערונגען, וואָס דאָס פֿרעסט אויף כמעט דעם גאַנצן פֿאַרדינסט. און די אַלע הוצאות מוז ער מאַכן, ווייל ערשטנס, פֿאָדערט מען עס בּאַ אים, צווייטנס, זעט ער אַליין איין די נייטיקייט דערפֿון און דריטנס, עס איז דאָך זיין זאַך, פֿאַרוואָס זאָל ער זי ניט מאַכן שענער און בעסער און ממילא קענען זיך אַרויסשטעלן אַנטקעגן זיינע קאָנקורענטן? אַ חוץ דעם איז פֿאַראַן עפּעס אַ מאָדנער יצר הרע צו בויען און מאַכן נייע אויסבעסערונגען און באַקוועמלאַכקייטן. ער האָט שוין אַ סך מאָל אָנגענומען אַ באַשלוס אַז „מער ניט", אָבער ווען עס קומט צום סעזאָן קען ער זיך ניט אָפּהאַלטן פֿון ווידער אַריינלייגן געלט.

ער ווייס ניט, אָט דער איד, אַז ער האָט לכתחילה געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלאַבאָס. ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט ווי אַ שטענ־דיקע איינקייט וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט ענדערן. אָבער די נייע לאַגע — די עקזיסטענץ פֿונ׳ם האָטעל — האָט פֿון אים גע־מאַכט, אין דעם פּרט, אַ נייעם מענטשן. ביידע, סיי ער סיי דער האָטעל, לעבן אין אַ קעגנזייטיקער ווירקונג, און האַלטן זיך אין איין בייטן און שאַפֿן נייע אויסוועגן, וואָס זענען ניט גלייך צום פֿריער־געשטעלטן ציל. נאָכ׳ן סעזאָן, ווען ער קוקט זיך אַרום, איז שוין די לאַגע געביטן, ווערט ער שוין ווידער אַן אַנדער מענטש און אָט דער טייל־ווייז־נייער מענטש נעמט אָן נייע באַשלוסן, אָבער ווען דער סעזאָן קומט ווידער אָן, ווערט ווידער געשאַפֿן עפּעס נייעס פֿאַר וועלכע יענע באַשלוסן זענען מער ניט גילטיק.

יעדע טעטיקייט וואָס ווערט ניט אַרויפֿגעצוואונגען פֿון דרויסן ווייזט אַרויס די זעלביקע טבע. בלויז בּאַ אַן אַרבעט אין פֿאַבריק

— און ענלאַכע טעטיקייטן וואָס ווערן ארויפגעצוואונגען אויף א מענטשן — ווערן די מיטלען ניט פארוואנדלט אין צילן. ווייל דאָ קומען ניט פאָר קיין ענדערונגען אין דער פערזענלאַכקייט אין דער ריכטונג פון די מיטלען, וועלכע זענען אייגנטלאַך ניט קיין מיטלען אין אמת'ן זינען פון וואָרט. זיי זענען אָפּגעריסענע מע־כאַנישע באוועגונגען וואָס זענען מיטלען פאר'ן באַלאַבאָס, אָבער אָן אָפּקומעניש פאר'ן ארבעטער. אונטער אַזעלכע אומשטענדן קומט פאָר אַ שאַפערישע טעטיקייט באַם ארבעטער פּונקט אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג. ער העלפט בויען אַ סאָציאַליסטישע באַ־וועגונג, אָדער אַן ארבעטער פאראייניקונג כדי צו פארלייכטערן דעם דרוק פון אַן ארבעט וואָס האָט זייער ווייניק שאַפנדיקע מאָמענטן, אָדער קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען א. ד. ג. דאָס איז אייגנט־לאַך, ווי מיר דוכט, די שרעקלאַכסטע דערשיינונג פון דער איצטי־קער צייט: מיליאָנען מענטשן זענען פארנומען די גרעסטע טייל פון זייער צייט מיט אַ מעכאַנישער טעטיקייט וואָס האָט קיין שום פּאָזיטיווע שייכות ניט צום שאַפנדיקן וואוקס פון זייער פערזענ־לאַכקייט.

דאָרט אָבער וואו די טעטיקייט איז ניט קיין ארויפגעצוואונגענע, דאָרט וואו מיר אידענטיפיצירן זיך מיט דעם וואָס מיר טוען, וואו מיר פילן אז מיר דארפן ארייןלייגן אַלץ וואָס מיר פארמאָגן אין אונזער ארבעט, ווייל זי איז בוכשטעבלאַך אונזער לעבן, דאָרט פארקערפּערן מיר די גאַנצע באַגייסטערונג פאַר די וויטע צילן אין די נאָענטע מיטלען, זיי ווערן אַ לשמה־זאַך. אזוי איז דאָס אַקטיווע לעבן וואו די פאָרגעשטעלטע דערגרייכונג איז קיינמאָל ניט גלייך צו דער פארווירקלאַכטער, פּונקט ווי דער מענטש וואָס פארלאַנגט איז ניט אויף יעדן פּונקט גלייך צום מענטשן (מעג עס זיין ער אַליין) וואָס רעאַליזירט. דאָס רעאַליזירטע האָט שוין דורכגעמאַכט אַ פראָצעס וואָס האָט געענדערטע אַלץ און אַלעמען וואָס זענען אין דעם פּראָצעס פארוויקלט, בעת דאָס קען ניט געזאָגט ווערן וועגן דעם פארלאַנגטן. דאָ ליגט דער אונטערשיד צווישן צוויי מאָמענטן אין לעבן פון פסיכאָפיזישן אָרגאַניזם, וואָס אין יעדן פון זיי ארבעט זיך אויס אין זיינע אינטערעסן אַן אנדער צענטער און אַן אנדער פּעריפעריע.

וואָרים, ווי מיר האָבן געזען אינ'ם ביישפּיל פון אַ מענטשן וואָס ווערט אין כעס, יעדער אָפּרוף איז ניט בלויז אַן אָפּרוף אויף אַ סטימול, נאָר אויך אַן אָפּרוף אויפ'ן אָפּרוף גופא. מיר פּאַסן זיך ניט בלויז צו צו דרויסנדיקע לאַגעס (אויף וויפיל מיר קענען בכלל באַנוצן אַזעלכע ווערטער ווי „צופּאַסן" און „לאַגע") נאָר אויך צו אונזער אייגענער ענדערונג וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אינ'ם צופּאַסן. די ריכטונג פון דעם וואָס מיר טוען איצט האָט פּונקט אַזוי פיל אַ שייכות צו דעם וואָס מיר האָבן פריער געטאָן, ווי צו אַלץ אין דער וועלט אין וועלכער מיר לעבן. אָט דאָס דער־קלערט די לשמה־ריכטונג פון פרייער מענטשלאַכער טעטיקייט, וואָס אינ'ם ווייטערן שוואונג פונ'ם זיגזאַג שעפּט זי אירע כחות מער פון זיך אליין איידער פונ'ם ווייטן ציל. דער ווייטער ציל, אין זיין ערשטער פאָרמולירטער פאָרם, ווערט דעמאָלט אַ מער אָדער ווייניקער אָפּגעריסענע טעאָריע, און ניט קיין וועג פאַר איצטיקער פּראַקטישער ארבעט. יעדער שאַך שפּילער האָט זיכער אַ פאַר־לאַנג צו באַזיגן זיין קעגנער. אָבער דאָס האָט אַ קנאַפּע שייכות צום קאָנקרעטן צוג אויפ'ן שאַך־ברעט. דער דאָזיקער ווייטער ציל האָט דעם שפּילער בלויז געקענט פירן צום ברעט און אויסשטעלן די פיגורן. אָבער אַזוי שנעל ווי די ערשטע צוגן ווערן געמאַכט, באַשטימען זיי, און ניט דער ווייטער ציל, די ווייטערדיקע צוגן פון די שפּילער. און כאָטש יעדער פון זיי קען האָבן אין געדאַנק אַ פאָרשטעלונג פון אַן אנגענעמער לאַגע אין פאַל פון אַ נצחון, ווייסן זיי אָבער אַז איצט קומען פאַר אויפ'ן ברעט ספּעציעלע קאָמפּלי־קאַציעס, וואָס שטאַמען פון די פריערדיקע צוגן; זיי זענען אייגנט־לאַך שוין גענוג געענדערט צוזאַמען מיט דער געענדערטער לאַגע אין דער שפּיל, אַז זיי זאָלן זוכן אַ נייעם טראָט וואָס האָט אַ דירעקט־טע שייכות צו דער פאַראַנענער סיטואַציע. דאָ זעען מיר קלאָר אַרויס אַז דאָס וואָס מיר האָבן פריער געטאָן האָט געענדערט אַלץ אַרום אונז און אונז אַליין, מיר אַליין זענען אייגנטלאַך אַן אָרגאַ־נישע טייל פון דער סביבה וואָס מיר זוכן ווידער צו ענדערן מיט אונזער ווייטערדיגער טעטיקייט. זאָל דאָ אָבער, אגב אורחא, באַ־מערקט ווערן אַז דער דאָזיקער געדאַנק לייקנט ניט אָפּ געוויסע שטענדיקע כאַראַקטער שטריכן אין יעדער פּערזענלאַכקייט כאָטש

עס איז נאָך דערוויילּ ניט קלאָר אין וואָס זיי באַשטייען און ווי וויכטיק זיי זענען לגבי די ענדערונגען וואָס קומען תמיד פאָר.

דאָס דאָזיקע בילד פון דער מענשלאַכער פּסיכיק דערקלערט די מעגלאַכקייט פון כסדר'דיקע סתירות אין אונזער טבע. נאָך מער, מיר זעען דאָ, אַז די סתירות זענען נויטווענדיק, זיי זענען אומפאַרמיידלאַך. אַז אַ מענטש זאָל זיין אַ העלד אויפ'ן שלאַכט־פעלד און אַ מורא'דיקער פּחדן אין פּריוואַטן לעבן, איז אַ דער־שיינונג וואָס מיר באַגעגענען אין אַ סך ביאָגראַפּיעס פון מיליטע־רישע פירער. אַזאַ סתירה קען אונז קלאָר ווערן נאָר דעמאָלט ווען מיר פאַרשטייען פּחדנות אָדער העלדישקייט ניט ווי אַן אָפּ־געזונדערטע איינגנשאַפט וואָס לעבט אויפ'ן אייגענעם חשבון, נאָר ווי עפּעס וואָס לעבט, וואַקסט, אַנטוויקעלט זיך אָדער שטאַרבט אין פאַרבינדונג מיט קאָנקרעטע סיטואַציעס; אַ פּחדן איז אַ מענטש אין שייכות צו עפּעס, און ניט סתם אַזוי זיך אַן אָפּגעזונדערטע אייגנקייט. און דאָס זעלביקע איז אמת בנוגע אַלע סתירות וואָס מיר באַגעגענען אַזוי אָפט אין דער מענטשלאַכער נאַטור.

## ב. וואָס הייסט שאַפן?

אָט די שטענדיקע שייכות'ן און ענדערונגען וואָס זענען תמיד מחייב אַ נייעם צוג אין לעבן — ווען די טעטיקייט איז אַ פרייע, ווען זי ווערט אין אונזער באַוואוסטזיין, נאַטירלאַך, בלויז אין אונזער באַוואוסטזיין, אַ לשמה־זאַך, — אָט דאָס איז דער שאַפנדיקער מאָמענט אין מענטשלאַכן לעבן. אין דעם זינען איז יעדער פון אונז אַ קרעאַטיוו באַשעפעניש. אַלע אונזערע קולטורעלע רייכטימער אַ דאַנק וועלכע מיר פאַרנעמען דעם אויבען אָן אין דער ביאָלאָגישער וועלט, האָבן פון איין זייט געווירקט אַז אונזערע קאָנפליקטן זאָלן זיין שאַרפער און טיפער, און פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי אונז געגעבן גרעסערע מעגלאַכקייטן בייצוקומען שוועריקייטן, צו רעאָרגאַניזירן אונזע־רע שייכות־סיסטעמען, צו ווערן שאַפעריש. יעדער מאָמענט אינ'ם לעבן־פּראָצעס איז אַ קרעאַטיווער מאָמענט, און דאָס גאַנצע

לעבן אונזערס איז סוף כל סוף איין גרויסער אַלץ־ארומנעמענ־דיקער פּראָצעס פון לערנען. דעריבער, צו זאָגן אַז מיר זענען שאַפעריש הייסט בלויז צו זאָגן אַז מיר זענען מענטשן און לעבן אין אַ מענטשלאַכער געזעלשאַפט. צווישן קינדהייט און דער־וואַקסנקייט זענען פאַראַן גרויסע אונטערשידן, אָבער ביי קיין באַשעפעניש, וואו עס איז בכלל פאַראַן אַ קינדהייט, זענען די אונטערשידן ניט אַזוי אומגעהייער גרויס און וויכטיק ווי ביי מענטשן, דער דערוואַקסענער מענטש מיט'ן גאַנצן אוצר פון פאַרשידנאַרטיקע מאַניפעסטאַציעס וואָס דערוואַקסנקייט ברענגט מיט זיך, איז דער וואונדערלאַכסטער פּראָדוקט פון דער שטענ־דיקער מענטשלאַכער שאַפערישקייט.

פאַרענטפערט דער דאָזיקער בליק אַלע איינצעלהייטן פונ'ם שאַפנדיקן מאָמענט? באין אופן ניט. ספּעציעל וואַרפט זיך דאָ אין די אויגן די פראַגע וועגן פאַרשידענע מדרגות פון שאַפן, וואָס ווערט זיכער ניט פאַרענטפערט. באמת, פאַרוואָס זאָל איין מענטש שאַפן אַזאַ נייעם סינטעז צווישן די עלעמענטן פון אַ נייער לאַגע פּלוס זיך אַליין, אַז ער ווערט אַ הילף און אַ טרייסט פאַר אַלעמען, בעת אַן אַנדערער האָט קוים אַ מעגלאַכקייט זיך אַליין צו ראַטעווען? פונ'ם אידיאָט ביז'ן גאון זענען פאַראַן מיליאָסן מדרגות. ווי אַזוי דערקלערט מען זיי? פאַרוואָס געפינען מיר ביים זעלביקן מענטשן די העכסטע פּייאיקייט אין איין ריכטונג און די קלענסטע אין אַן אַנדער ריכטונג? אָנגע־גענומען אַז מענטשלאַכע פייאיקייט איז ניט קיין זאַך אין זיך אַליין, און קען ניט באַטראַכט ווערן ווי אָפּגעריסן פון אירע קאָנקרעטע שייכות'ן אין פאַרבינדונג מיט וועלכע זי שפּילט איר ראָלע, אָנגענומען אַז דאָס אַלץ איז אמת, אָבער אין וואָס באַ־שטייט אָט די באַהעפטונג, אָדער שייכות־סיסטעם, וואָס רופט זיך פייאיקייט, וואָס מאַכט אַז איינע זאָל זיין אַזוי פאַרשידן פון דער אַנדערער? דאָס איז בלי ספק אַ גוואַלטיק וויכטיקע פסי־כאָלאָגישע פראַגע וואָס קען אין איצטיקן צושטאַנד פון דער דאָ־זיקער וויסנשאַפט ניט פאַרענטפערט ווערן. מען קען „מעסטן" פייאיקייט וויפיל מען וויל, אָבער קיינער ווייס ניט וואָס ער מעסט. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט שייכות־סיסטעמען, וועלכע

עס איז דערווייל זייער שווער צו פאַרשטיין. אָבער מיר איז לחלוטין ניט קלאָר פאַרוואָס די דאָזיקע פראַגע זאָל אָוועקגע־שטעלט ווערן, מיט אַזאַ איינגעשפּאַרטקייט, ווי אַ ספּעציעלע קונסט פראַגע. דער אמת איז אַז די פאַרשידענע גראַדאַציעס אין שאַפן קונסט אָדער וויסנשאַפט ווייזן ניט אַרויס קיין שום גרע־סערע שוועריקייטן ווי ענלאַכע גראַדאַציעס אויף יעדן איינציקן פעלד פון לעבן, וואָס איז, ווי שוין דערמאָנט, פול פון ברעג צו ברעג מיט שאַפנדיקע מאָמענטן. נאָך מער, איך קען באַין אופן ניט איינזען פאַרוואָס זאָל — פּסיכאָלאָגיש גערעדט — דער גאון זיין אַ האַרבערער פּראָבלעם איידער דער אידיאָט. און וואָס עפּעס מכה דעם אַזוי גערופענעם דורכשניטלאַכן מענטשן? אים האַלט מען שוין פאַר פאַרשטענדלאַך, ווייל ער איז דער אויסגאַנג פונקט, ער שאַפט די נאָרם, אָבער אין דער אמת'ן ווייס מען וועגן אים — אין דעם פרט — פונקט אַזוי פיל וויפיל מען ווייס וועגן שעקספּירן. צו ענטפערן אויף אַ רעטעניש און צו שרייבן אַ דראַמע, ביידע זענען שאַפנדיקע מאָמענטן — ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער חילוק צווישן זיי — אָבער די אויסנעמלאַכקייט פון'ם צווייטן פאַרשטעלט די פּראָבלעם פון'ם ערשטן. עס וואָלט גאָר ניט געווען קיין געוואַגטקייט פון אַ פּסי־כאָלאָג ווען ער זאָל זאָגן: דערקלער מיר אין וואָס עס באַשטייט די פייאיקייט צו פאַרענטפערן אַ רעטעניש, וועל איך דיר דער־קלערן דעם גרעסטן קינסטלערישן גאון.

אַז פייאיקייטן זענען פאַרשידן באַ פאַרשידענע מענטשן — אפילו באַ חיות — איז שוין לאַנג באַמערקט געוואָרן. פּלאַטאָנ'ס רעפּובליק איז איינגנטלאַך געבויט אויפ'ן דאָזיקן געדאַנק. עס איז אויך פאַרשטענדלאַך פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. די סביבה פון איין מענטשן איז קיינמאָל ניט גלייך צו דער סביבה פון אַ צווייטן, מעג עס אפילו זיין צוויי קינדער אין זעלביקן הויז. אפילו וועגן צוויי קינדער פון זעלביקן עלטער און אין דער זעלביקער פאַמיליע, אַ צווילינג, קען מען ניט זאָגן אַז ביידע ווערן אַרומגערינגלט פון פונקט דער זעלביקער סביבה. דער געבוי פון איין מענטשן איז קיינמאָל ניט גלייך צום געבוי פון אַ צווייטן. יעדער פון אונז האָט געוויסע אייגענע, איינגאַרטיקע שטריכן אין זיין אַנאַטאָמיע.

צווישן די רעפּראָדוקטיווע צעלן — די מענלאַכע ספּערמען און די ווייבלאַכע אָווא — הערשט אויך דאָס געזעץ פון באַזונדערקייט און אייגנאַרטיקייט פון יעדער צעל. עס זענען ניט פאַראַן קיין צוויי מענלאַכע ספּערמען וואָס זאָל זיין פּונקט גלייך; דאָס זעלביקע איז אמת וועגן די ווייבלאַכע אָווא. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז ניט נאָר קיין וואונדער ניט וואָס מענטשן זענען פאַרשידן, נאָר עס וואָלט געווען דער גרעסטער נס מן השמים ווען עס זאָל ניט זיין אַזוי. ווען עס קומט אָבער צו קאָמפּליצירטע פּסיכישע אייגנאַרטיקייטן, כאָטש זייער עקזיסטענץ איז אַ גאַנץ פאַרשטענדליכע זאַך, איז אָבער דערווייל כמעט אוממעגלאַך צו זאָגן אין וואָס זיי באַשטייען. דאָס איז אמת וועגן דער פייאיקייט צו פירן אַ געשעפט, צו שפּילן שאַך, צו געווינען דעם צוטרוי פון מענטשן, צו אָרגאַניזירן אַ געזעלשאַפט א. א. וו. פּונקט ווי וועגן דער פייאיקייט צו זיין אַ לערער, אָדער אַ זשורנאַליסט, אָדער אַ וויסנשאַפטלער, אָדער אַ פילאָזאָף, אָדער אַ קינסטלער.

## ג. דאָס וויסנשאַפטלאַכע און דאָס קינסטלערישע שאַפן.

צווישן די פאַרשידענע נייאיקייטן וואָס די באַזונדערע פייאיקייטן (ד. ה. מענטשן אין שייכות צו געוויסע פעלדער פון טעטיקייט) ברענגען אַרויס זענען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן זייער וויכטיקע אונטערשידן. פון, לאָמיר זאָגן, אַ נייער קונץ צו רעקלאַמירן סחורות, ביז דער דאַרוויניסטישער טעאָריע, איז אַ געוואַלטיקער מהלך. אָבער דאָס ענדערט אויף אַ האָר ניט די עצם פראַגע. וואָס רייכער עס איז די פרייע טעטיקייט, וואָס טיפער זי רירט אָן די שיכטן פון לעבן, וואָס מער לעבנס־שיכטן זי פאַרקערפּערט, און וואָס ברייטער עס איז איר פאַרנעם אויף יעדן באַזונדערן שיכט, אַלץ שנעלער און עכטער ווערט זי זיך פאַרשטעלן אין באַוואוסטזיין ווי אַ צוועק אין זיך אַליין. אַזאַ טעטיקייט לאָזט איבער אין דרויסן פון זיך אַ רעלאַטיוו באַגרענעצטע צאָל אימפּולסיווע שטראָמען, אַזוי ווי אַ ריזיגע קעסל־גרוב ציט זי אַריין אין זיך כמעט יעדן אָנקומענדיקן זיגזאַג, און באַפאַרבט מיט אַ געהויבענעם געמיטס־טאָן די גאַנצע פערזענלאַכקייט. וויסנשאַפט און קונסט, למשל, זענען כאַראַקטעריסטישעביישפּילן פון אַזעלכע טעטיקייטן.

פונדעסטוועגן מוז מען מודה זיין אַז מיר זענען אַלע געוואוינט אָפּצושאַצן געשאַפענע ווערטן פון גאָר אַן אַנדער שטאַנדפּונקט. לאָמיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף געוויסע אונטערשידן צווישן קונסט און וויסנשאַפט וועלן מיר אפשר איינזען פאַרוואָס די קינסטלערישע שאַפערישקייט האָט אַרום זיך עפּעס אַ הויך פון אַ ספּעציעלן מיסטעריעזן וואונדער, עפּעס אַ „האָר און נעגל" קוריאָזיטעט, וואָס מען געפינט ניט אין אַנדערע פאַלן. עס איז מיר שוין אויסגעקומען צענדליקע מאָל צו לייענען אַז אַ קינסטלער באַטייליקט זיך, דורך זיין קונסט, „אין די מעשה בראשית פון דער וועלט", בעת עס לייגט זיך גאָר ניט אויפ'ן שכל אַז אַ וויסנשאַפטלער זאָל אריינשטעלן זיין פאָרם פון שאַפן אין דער ראַם פון אַזאַ קינדישער געטלאַכקייט. פאַרוואָס ?

קודם כל וואַרפט זיך אין די אויגן דער פשוט'ער אונטערשיד וואָס בעת וויסנשאַפט האָט צו טאָן מיט אַ נייטראַלער, אין דרויסן אוועקגעשטעלטער וועלט, ד. ה. אַ וועלט וואָס מיר מוזן אָפּרייסן פון אונזער גאַנצן געפילס־לעבן כדי זי זאָל קענען ווערן אַן אָביעקט פאַר וויסנשאַפטלאַכע פאָרשונגען, דרינגט אָבער דער קינסטלער אריין אין דער סאַמע טיפעניש פון מענטשלאַכע עמאָציעס. דער קינסטלער איז אונז דעריבער נענטער, דירעקטער. דאָס צווינגט אונז זיך צו פאַרגלייכן מיט אים אין שייכות צו זיין קונסט וואָס איז אונז אַזוי ליב און אייגן. אָבער ווען מיר קומען צו פאַרגלייכן זעען מיר דעם געוואַלטיקן חילוק, און מיר ווערן נבהל ונשתומם. אָבער דאָס איז ווייט ניט אַלץ.וואָרים מיר ווייסן דאָך אַז דער קינסטלער פילט אַליין אויך אַז זיין ספּעציעלע באַגאַבטקייט איז פון גאָר אַ העכערן סאָרט, מיט וועלכע אַלע איבעריקע באַגאַבטקייטן באַ מענטשן קענען זיך ניט פאַרגלייכן. פאַרוואָס ?

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אַז דער וויסנשאַפטלער אַרבעט אונטער'ן שיין פון אַ נייטראַלער דרויסנדיקער וועלט, פון זאַכן, און זיין עובדא איז אויסצוגעפינען די געהעריקע שייכות'ן צווישן זיי. ניוטאָן, למשל, האָט געזען די לבנה אויפ'ן הימל פונקט ווי מיר אַלע. אָבער וואָס מער ער האָט זיך צוגעקוקט צו איר, אַלץ מער איז זי אים געוואָרן אומפאַרשטענדליך. ביז ער איז געקומען צום

שלום, אַז די באַוועגונגען פון דער לבנה שטעלן מיט זיך פאָר אַ געוויסן אופן פון פאַלן. די לבנה, הייסט עס, האַלט אין איין פאַלן, נאָר וואָס זשע דען? עס איז פאַראַן נאָך אַ כח וואָס טרייבט זי אין אַ גלייכער ליניע. זי קען דעריבער ניט פאַלן צו דער ערד ווייל „מען שטופּט זי" אַוועק פון איר; זי קען ניט לויפן אין אַ גלייכער ליניע, ווייל די ערד ציט זי צו זיך, איז דער פועל יוצא אַז זי דרייט זיך רונד אַרום דעם ערד. דאָ האָט ניוטאָן פאַר זיך געהאַט פּאַרטיקע זאַכן און זייערע באַוועגונגען, אָבער ער האָט געוואָלט אויסגעפינען די שייכות'ן צווישן זיי, און דאָס האָט ער דערגרייכט מיט זיין וויסנשאַפטלאַכער שאַפערישקייט. פונקט פאַרקערט קומט עס פאָר באַם קינסטלער, אין אונזער פאַל באַם העברן (ליטעראַרישן) פילאָמיטישן קינסטלער. דער וויסנשאַפטלער הייבט אָן מיט זאַכן און באַוועגונגען כדי צו דערגרייכן די שייכות'ן, דער קינסטלער הייבט אָן מיט שייכות'ן כדי צו דערגרייכן זאַכן (מענטשן) און באַוועגונגען (געשעענישן). שייכות'ן אין מענטשלאַכן לעבן זענען שטימונגען, געפילן, אָדער אידייען, וואָס זענען סוף כל סוף קאָמפּלעקסן פון עמאָציאָנעלע שייכות'ן. דער קינסטלער געפינט זיין אויסגאַנגפונקט אין ליבע, האַס, געוויסן, כבוד, און די קאָמפּליקאַציעס וואָס דריקן אויס אויף'ן בעסטן אופן אָט די אַלע מענטשלאַכע שייכות'ן. דער דערציילער זעט פאַר זיך קודם כל ניט קיין פיקסירטע זאַך, נאָר דעם לויף, די שטראָמיקע קאָנטורן, דעם שוואונג פון'ם זיגזאַג. דער וויסנשאַפטלער הייבט אָן מיט'ן רוימלאַכן, דער דערציילער — מיט'ן צייטלאַכן. עס איז כאַראַקטעריסטיש אַז ווען אַ וויסנשאַפטלער גייט לאַנג געגוג, און ווייט געגוג, אויף זיין וועג, נעמט ער אָן אַ מער פאַרגייסטיקטן טאָן, ער האָט אַ טענדענץ זיך אַוועקצורייסן פון דער פיקסירטער לאַבאָראַטאָריע וועלט, ער ענדיקט, הייסט עס, דאָרט וואו דער קינסטלער הייבט אָן. דאָס ווייזט בשום אופן ניט אָן אויף קיין קוואַליטאַטיווע אונטערשידן אינ'ם כאַראַקטער פון די שאַפנדיקע מאָמענטן באַ די צוויי סאָרטן טעטיקייט, עס ווייזט בלויז אָן אויף אַ פאַרשידנקייט אינ'ם צוגאַנג צום לעבן — יעדער פון וועלכע איז פונקט אַזוי גרויס און פונקט אַזוי וויכטיק און פונקט אַזוי נייטיק — און ממילא האָבן

מיר אויך דעם זעלביקן אונטערשיד אין די רעזולטאַטן. מיט אַנדערע ווערטער וועט עס הייסן אַז מיר האָבן אַ וויסנשאַפט ווייל מיר לעבן ווי מענטשן אין דער וועלט; מיר האָבן אַ קונסט ווייל מיר לעבן אין דער וועלט ווי מענטשן.

אָבער דער קינסטלער האָט צו טאָן מיט עפּעס וואָס איז נענטער צום תוך פון אונזערע איבערלעבונגען; עס איז דירעקטער און ממילא אויך טונקעלער. עס איז אַנונג, עס האָט צו טאָן מיט אַ בליץ־אַרטיקן ארומכאַפּן, ניט מיט אָנטאַפּן, עס רייסט זיך צום זיגזאַג פון מענטשן, ניט צו דער ליניע פון זאַכן. דאָס אַליין וואָלט שוין גענוג געווען אַז קינסטלער זאָלן זיין ארומגערינגלט מיט מער מיסטעריעזקייט ווי יעדע אַנדערע שאַפנדיקע פערזענלאַכקייט. עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ פאַקטאָר: די שפּראַך, וואָס וואַרפט גאָר אַן אייגנאַרטיק ליכט אויפ׳ן דאָזיקן ענין. שפּראַך האָט אַ טבע אַז זי „רינט אריבער" איבער׳ן בוכשטעבלאַכן טייטש פון די ווערטער. דער וויסנשאַפטלער פילט זיך געצוואונגען צו באַנוצן אַ „טרוקענע" שפּראַך, ווייל אָט דאָס „אריבעררינען" צעשטערט די פּינקטלאַכקייט פון די פאַקטן אין וועלכע ער איז קודם כל פאַרינטערעסירט. דער ליטעראַרישער קינסטלער, אפילו בעת ער זוכט איבערצוגעבן געשעענישן, נוצט אוים מיט אַלע זיינע כחות די פליסיקייט און אומבאַשטימטקייט פון שפּראַך, כדי די באַוועגונג זאָל ניט פאַרשטעלט ווערן פון דער זאַך. לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל פון אַפּאַטאָשו׳ס ראָמאַן „די פּוילישע וועלדער":

„מרדכי, זיין טאַטע, זיין זיידע, זיין עלטער־זיידע, ביז דעם זעקסטן דור, זענען אַלע געבוירן געוואָרן אין די ליפּאָווצער וועלדער, חתונה געהאַט צווישן זיך און געלעבט משפּחה־וויינז. יעדן חנוכה זענען זיי זיך צונויפגעפאָרן צום עלטסטן פון דער משפּחה און זיך גע׳חשבונ׳ט".

ווען איר טראַכט זיך אריין אין די פאַקטן וואָס ווערן דאָ דערמאָנט, זעט איר אַז זיי קענען זיך לחלוטין ניט פאַרגלייכן אין וויכטיקייט מיט אַנדערע מאָמענטן וואָס דער דאָזיקער פּאַראַגראַף איז אין זיך כולל, מיט דעם, הייסט עס, וואָס דאָ „רינט אריבער". דער געבורט פּלאַץ פון מרדכי׳ס אָבות, אָדער די אריטמעטישע

אָפּעראַציעס פֿון זיין משפּחה, שפּילן אַ פּיל קלענערע ראָלע ווי דער געדאַנק אַז זיי זענען געווען איינגעפֿונדעוועטע אין פֿוילן און זיי האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט און זענען געווען צונויפגעהאַפּטן צווישן זיך אויף אַ מערקווירדיקן אופֿן. אָבער גראָד דאָס וויכטיק־סטע ווערט אין די זאַצן גופא ניט דערמאָנט. דאָס איז דער געוואַל־טיקער כח פֿון שפּראַך, און דאָס איז אַ ספּעציעלער שאַפֿונגס־עלעמענט פֿונ'ם קינסטלער־דערציילער. די ענדערונגען וואָס קומען פֿאָר אינ'ם קינסטלערס פֿערזענלאַכקייט צוליב זיין אייגענער פּילאָמיטישער טעטיקייט רופֿן אַרויס די נייטיקייט פֿון אַ כאַראַק־טעריסטישער שפּראַכלאַכער שאַפֿערישקייט, וואָס מאַכט רייכער און פּילזייטיקער די פּילאָמיטישע סביבה. איך זע דעריבער ניט איין קיין גערעכטיקייט אין קאַנטאָרס באַהויפּטונג, אַז „בעת אין די דערפֿינדערישע טעטיקייטן ווערט די אַרבעט אָנגעפֿירט קודם כל צוליב אַריינברענגען אַ נייטיקע אָדער פֿאַרלאַנגטע ענדערונג אין דער סביבה, איז דער הויפּט מאָטיוו אין די קרעאַטיווע טעטיקייטן דורכצופֿירן אַ פּריוואַטן צוועק און אַן אויפֿפּאַסונג פֿונ'ם אינדי־ווידואום." *) אין ביידע פֿאַלן איז פֿאַראַן אַ קנאַפּע נפקא מינה בנוגע „פּריוואַטקייט", און די פּילאָמיטישע סביבה איז ניט ווייניקער אַ טייל פֿון אונזער לעבנס־סביבה ווי די סביבה פֿון געשעענישן.

## ד. פֿאָרם פֿון אינהאַלט.

און ווייל מיר זענען געצוואונגען אין דער דערציילערישער טעטיקייט זיך אָפּצושטעלן אויף שפּראַך, ד. ה. אָפּצורייסן דאָס וואָרט פֿון דער זאַך מיט וועלכער עס איז תמיד פֿאַרבונדן (אין דעם פּרט איז דאָס זעלביקע אמת בנוגע קלאַנג, פֿאַרב, שטיין, א. אַ. וו.), ווערט אין ליטעראַטור אַזוי נייטיק צו רעדן וועגן פֿאָרם און אינהאַלט. עס איז מערקווירדיק אַז על פּי רוב, ווען מען רעדט וועגן פֿאָרם און אינהאַלט, קומט מען צום שלום אַז זיי זענען ביידע די זעלביקע זאַך. מען פֿילט אַז דער אונטערשיד צווישן זיי פֿאַר־

---

*) Principles of Psychology, J. R. Cantor, 1924, 115, 116.

שווינדט, וואָס מער מען טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי וועט קלאָר ווערן ווען מיר וועלן אַביסל אַנאַליזירן די דאָזיקע צוויי באַגריפן.

אין אַ סך פון אונזערע הײַנטיגע... אין אַ סך פון אונזערע היימען איז פאַראַן אַזאַ שטיקל מעבל וואָס מען רופט „דעוונפּאָרט", דאָס איז אַזאַ זאַך וואָס אַז מען וויל איז עס אַ קאַנאַפּע, און אַז מען וויל איז עס אַ בעט. די טיילן פונ'ם דעוונפּאָרט זענען אַלע מאָל די זעלביקע, מען דאַרף גאָר ניט אַראָפּ־נעמען אָדער צוגעבן בעת מען פאַרוואַנדלט די קאַנאַפּע אין אַ בעט, אָדער פאַרקערט. די פאַרוואַנדלונג פאָדערט בלויז אַז מען זאָל די טיילן אַנדערש צונויפשטעלן, מען זאָל מאַכן אַ נייע אָרגאַניזירונג פון די באַזונדערע חלקים, און שאַפן נייע שייכות'ן צווישן זיי. אינ'ם דעוונפּאָרט קענען אָט די שייכות'ן ווערן קאַנאַפּע־שייכות'ן, אָדער בעט־שייכות'ן, ווי מען וויל. די קאַנאַפּע איז אַ געוויסע פ אָ ר ם פונ'ם דעוועונפּאָרט, דאָס בעט איז אַן אַנדער פ אָ ר ם פון דער זעלביקער זאַך. דער דעוונפּאָרט גופא איז דער „אינהאַלט", וואָס האָט צוויי פאָרמען. אָבער ווען איר נעמט אַוועק די קאַנאַפּע מיט'ן בעט פונ'ם דעוונפּאָרט, בלייבט דאַך פון אים גאָר ניט איבער, הײַנט אין וועלכן זינען איז ער דער „אינהאַלט"? דאָ זעען מיר אַז אינהאַלט און פאָרם זענען די זעלביקע זאַך, עס ווענדט זיך נאָר פון וועלכן שטאַנדפּונקט מיר קוקן. ווען מיר קוקן אויף אַ זאַך פון שטאַנדפּונקט פון דער אָרגאַניזירונג פון אירע טיילן, ד. ה. ווען מיר האַלטן ניט אירע טיילן פאַר אייביק־איינגעשטעלטע, פעסטע, נאָר ווי אַ צופעליקע אָרגאַניזירונג וואָס קען געביטן ווערן, דעמאָלט רעדן מיר וועגן „פאָרם". ווען מיר באַטראַכטן אָבער די זאַך ווי אַן אומאַנאַליזירבאַרע גאַנצקייט, ווען מיר פאַרגעסן אין גאַנצן אַז זי האָט טיילן וואָס זענען אָרגאַניזירט אויף אַ געוויסן אופן, נאָר האַלטן אַז זי איז אַן איין איינציק איינסל אין דער וועלט, דעמאָלט רעדן מיר וועגן „אינהאַלט". דער דעוונפּאָרט, איז אייגנטלאַך גאָר ניט, בעת מיר נעמען פון אים אַוועק די קאַנאַפּע־זייט, אָדער די בעט־זייט, דער דעוונפּאָרט איז בלויז אַ באַקוועמער ווענד־פּונקט פאַר אונזער באַוואוסטזיין, אָבער בעת מיר רעדן וועגן אים פאַסן מיר אים אויף אַבסטראַקט ווי אַ שטענדיקער, גאַנצער, איינ־הייטלאַכער „עפּעס" פון וועלכן קאַנאַפּע און בעט זענען בלויז

צופעליקע מאַניפעסטאַציעס, דערפאַר איז ער דער אינהאַלט. פאָרם און אינהאַלט זענען ווערטער וואָס דריקן אויס אונזער מאָמענטאַלן שטאַנדפּונקט און ניט קיין אייביקע זאַכן.

איך האָב געבראַכט אַ ביישפּיל פון אַ פיזישער זאַך כדי מיר זאָלן לייכטער קענען איינזען דעם אויסגעדריקטן אמת. אָבער די זעלביקע דעפיניציע קען פּונקט אַזוי אָנגעווענדט ווערן אויף קינסט־לערישע ווערטן. לאָמיר בייטן די פאָרם פון אַפּאַטאָשו׳ס ערשטן זאַץ פון׳ם פריער ציטירטן פּאַראַגראַף און אויף אַזאַ׳ן אופן אויס־פּרובירן די ריכטיקייט פון דער דעפיניציע: „אין די ליפּאָווצער וועלדער זענען געבוירן געוואָרן אַלע, מרדכי, זיין טאַטע, זיין זיידע, זיין עלטער־זיידע, ביז׳ן זעקסטן דור.“ ווען איך וואָלט אַראָפּגע־נומען אדער צוגעגעבן אַ וואָרט, וואָלט איך אויך שוין דערמיט אַליין געביטן ניט בלויז די פאָרם נאָר אויך דעם אינהאַלט פון זאַץ. ווייל יעדעס וואָרט אין זיך אַליין ווערט באַטראַכט ווי אַ גאַנצקייט, בלויז דער זאַץ האָט טיילן. ממילא ווען איך מאַך אַן אַנדער אַראַנזשירונג פון די טיילן האָב איך בלויז געביטן די פאָרם. ניט דעם אינהאַלט. לאָמיר אָבער אָננעמען אַז איך באַטראַכט מרדכי׳ן, למשל, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, און קום צום שלוס אַז מרדכי, דער נאָמען, איז ניט די זעלביקע זאַך ווי מרדכי דער מענטש; עס איז בלויז אַ נאָמען, ד. ה. אין אַ געוויסן זינען, בלויז אַ טייל פון׳ם מענטשן. אַזאַ שלוס איז אַ גאַנץ שכל׳דיקער און קיינער וועט צו מיר קיין טענות ניט האָבן דערפאַר (סיידן אפשר אַ מיסטיש־געשטימטע נאַטור וואָס קען איינזען אַז אַפּאַטאָשו׳ס העלד האָט עפּעס אַ געהיימע שייכות צום קלאַנג „מרדכי“). איז לאָמיר זאָגן אַז איך וויל אָנרופן דעם דאָזיקן מענטשן ניט מרדכי, נאָר הלל, דעמאָלט וועט עס הייסן אַז איך האָב געביטן בלויז די פאָרם און ניט דעם אינהאַלט, וואָרים דער מענטש, וואָס איז איצט געוואָרן מיין עלעמענ־טאַרע גאַנצקייט, בלייבט דאָך ווי געווען. ווען איך וואָלט אָבער אַזאַ ענדערונג אריינגעבראַכט אינ׳ם ציטירטן זאַץ, וואָלט עס געהייסן אַז איך בייט דעם אינהאַלט, ניט די פאָרם. פון שטאַנדפּונקט פון׳ם זאַץ איז מרדכי אַן עלעמענטאַרע איינקייט, פון שטאַנדפּונקט פון׳ם מענטשן איז ער בלויז אַ נאָמען, אַ טייל.

לאָמיר אָבער ניט פאַרגעסן אַז איך וואָלט קיינמאָל ניט געקענט רעאַראַנזשירן אַפּאַטאַשו'ס זאַץ, ווען איך זאָל אים לכתחילה ניט אויפפאַסן ווי אַ זאַץ, ד. ה. ווען איך זאָל דאָרט ניט אָפּטיילן די שפּראַך פונ'ם לעבעדיקן פאַקט. נעמט אַ פּראָסטן, אומגעבילדעטן מענטשן פון גאַס און פּרובירט אים דערקלערן וואָס עס איז אַזוינס אַ זאַץ, וועט איר זען וואָסערע שוועריקייטן איר וועט האָבן. יענער איז ניט געוואוינט אָפּצוטיילן די שפּראַך פון דער זאַך. בּאַ אים איז צווישן שפּראַך און געשעעניש פאַראַן ניט קיין שליית, נאָר אַ פּעם־טער קנופּ, וואָס ער קען ניט אַזוי לייכט פאַנאַנדערנעמען. בּאַ מיר אָבער, אַזוי שנעל ווי איך האָב דערזען בּאַ אַפּאַטאַשו'ן ניט בּלויז אַ ענין וועגן וועלכער ער רעדט, נאָר אַ זאַץ, האָב איך שוין ממילא אוועקגעשטעלט די שפּראַך ווי אַן אָפּגעזונדערטע טייל, די שפּראַך האָט בּאַ מיר פאַרלוירן איר נאַטירלאַכע גאַנצקייט און איז שוין לייכט ווידער פאַנאַנדערגעפאַלן אויף קלענערע טיילן, זי איז, מיט איין וואָרט, געוואָרן פאָרם.

די דאָזיקע געדאַנקען וועגן פאָרם און אינהאַלט באַווייזן אַז אַ זאַך איז קיינמאָל ניט גלייך צו דער סומע פון אירע טיילן, נאָר צו דער סומע פון אירע טיילן פּלוס די שייכות'ן וואָס ווערן געשאַפן אין דער אַראַנזשירונג. וואָרים ניט די טיילן נאָר די אַראַנזשירונג קען מאַכן אַז פון אַ קאַנאַפּע זאָל ווערן אַ בעט, אָדער אַז דער עפעקט פון אַ זאַץ זאָל שטאַרק געשעדיקט ווערן, פּונקט ווי איך האָב עס געטאָן מיט'ן אומשולדיקן אַפּאַטאַשו.

דער שפּראַך־קינסטלער איז תמיד געצוואונגען זיך צו ריכטן פון אינהאַלט צו פאָרם, צום צונויפשטעלן, איבערשטעלן, אונטער־שטרייכן און פאַררוקן אין אַ ווינקל. ער פילט דעם כח ניט בלויז פונ'ם אינהאַלטלאַכן „עפּעס", נאָר דערהויפּט פון דער פאָרמאַלער אַראַנזשירונג פון וואָרט־פאָרמען. דאָס ווירקט ער זאָל זיך פילן אין דער ספערע פון עפּעס אומהיימישס, פון מאָדנע אומדירעקט־ווירקנדיקע, געהיימע כחות, און דאָס גיט זיין שאַפערישקייט איר ספּעציפלן פאַר'כשופ'טן טאָן. דער פאַקט וואָס אין פּאָעזיע איז די ראָלע פון וואָרט־פאָרמען נאָך גרעסער ווי אין פּראָזע, איז בלי ספק איינס פון די וויכטיקסטע סבות פאַרוואָס די פּאָעטישע שאַפע־

רישקייט זאל ווערן ארומגעהילט מיט נאך מער מיסטעריעזקייט און העכער־וועלטיקייט.

## ה. די שייכות צווישן שאפן און געניסן.

און אויב אין דעם פרט איז פאראן א פולע הסכמה צווישן שאפער און געניסער, קומט עס דערפון וואס דיביידע — דער אמאליקער דערציילער און הערער, דער היינטיקער שרייבער און לייענער — האבן א זייער נאענטע שייכות צווישן זיך, זיי זענען פאקטיש צוויי זייטן פון א העכערע, אלגעמיינער שאפערישקייט.

דער איינדרוק פון א פאסיוון לייענער נעמט זיך קודם כל דערפון וואס מיר האלטן דאס אויפנעמען געדאנקען בכלל פאר א פאסיוון מאמענט אין מענטשלאכן לעבן. דער איינציקער אקטיווער מענטש בא א לעקציע, למשל, איז, האלטן מיר, דער לעקטאר. ער רעדט, מאכט פארשידענע זשעסטן, וויקלט פאנאנדער געדאנקען און „גיט זיי איבער" זיינע צוהערער. די צוהערער, ווידער, דארפן בלויז האבן אפענע קעפ כדי דעם לעקטארס געדאנקען זאלן זיך קענען אהין ארייננגיסן. אט אזא מין פאסיווער צוהערער איז פאקטיש א פסיכאלאגישע אוממעגלאכקייט. אויב דער גאנצער פראצעס פון „איבערגעבן" געדאנקען וואלט באשטאנען בלויז אין אויסדריקן זיי מיט ווערטער, פארוואס זאל זיין א חילוק צווישן קינדער און דערוואקסענע, אדער צווישן געבילדעטע און עמי הארצים? דער עם הארץ הערט דאך די לעקציע פונקט ווי דער געבילדעטער, זיין אויפמערקזאמקייט איז אויך פונקט אזוי גרויס, ד. ה. זיין קאפ איז פונקט אזוי אפן און גרייט מען זאל אהין ארייננגיסן געדאנקען, פארוואס זשע איז אים שווער צו פארשטיין? אין וואס באשטייט אין אלגעמיין דער פראצעס פון פארשטיין, אויב עס פאדערט זיך פונ'ם צוהערער בלויז רואיקייט און פאסיוויטעט? און פון וואנען נעמט זיך אזא פאר'כשופ'טע גבורה צו ווערטער אז זיי זאלן פארפאקן אין זיך געדאנקען און אזוי, פארפאקטערהייט, זיך איבערגעבן צו אן אנדערן, וואס האט צו די דאזיקע געדאנקען א קנאפע שייכות? און ווען יענער נעמט בלויז אויף די ווערטער־קלאנגען זאל ער, גאר ניט טוענדיק, — ער דארף אפילו ניט אויפפאקן די שפראכלאכע

פּעקלאַך, — גליַיך איינזען וואָס אין אַ פרעמדן קאָפּ איז פאָרגעקומען?

דער אמת איז אַז ווען דער צוהערער זאָל גאָר ניט טאָן וואָלט ער קיין שום מעגלאַכקייט ניט געהאַט צו פאַרשטיין. פאַרשטיין הייסט דורכגיין אין געדאַנק דאָס וואָס דער לעקטאָר האָט בלויז סטימולירט. די געהערטע ווערטער וועקן אויף איבערלעבונגען, וואָס דער צוהערער דאַרף אָרגאַניזירן, סיסטעמאַטיזירן, אַוועקשטעלן אין דער געהעריקער שייכות, און ערשט דעמאָלט, ווען דאָס אַלץ גע־לינגט, זאָגט דער צוהערער: „איך האָב פאַרשטאַנען". געדאַנקען קען מען ניט „איבערגעבן" און מען קען זיי ניט „נעמען". ווען מיר באַנוצן אַזעלכע ווערטער ווי „געבן" און „נעמען" בנוגע גע־דאַנקען, זענען דאָס טערמינען פון דער פיזישער וועלט וואָס מיר פילן זיך אָפּט געצוואונגען אָנצואווענדן אויף גייסטיקע טעטיקייטן. פונקט ווי מיר זאָגן אַז געפילן „הייבן זיך", אָדער אַ „נידעריקע" מאָ־ראַל, אָדער „גראָבע" מאַניערן, א. א. וו. „צווישן רויע שפּייז־מאַטע־ריאַלן און געזונטע מוסקולן צו אַרבעטן איז פאַראַן אַ לאַנגער פּראָ־צעס פון אָרגאַנישן אויפבוי. צווישן די רויע מאַטעריאַלן פון וויסן און דער גייסטיקער גרייטקייט זיי צו באַנוצן איז פאַראַן אַן ענלאַכער קאָמפּליצירטער פּראָצעס פון אָפּקלייבן און אָרגאַניזירן".*) אַ פּאַסיווער צוהערער איז פונקט ווי מען זאָל זאָגן אַ טויבער צוהערער. אויפמערקזאַם הערן אויסגעדריקטע געדאַנקען הייסט עפּעס טאָן, הייסט האַלטן דעם גאַנצן אַקטיוון פּסיכישן אַפּאַראַט אָריענטירט אין דער ריכטונג פון דער לעבנס־טייל וואָס די געהערטע ווערטער סטימולירן. פאַרשטיין הייסט פיל מער ווי כאַפּן אַ געדאַנק; עס איז אַן ענדערונג אין דער פּערזענלאַכקייט; עס איז — אַ חוץ אַ סך אַנדערע זאַכן — אַ פּערזענלאַכע דערגרייכונג, וואָס טראָגט אין זיך צוקונפטיקע קאָנסעקווענצן; עס איז, מיט איין וואָרט, אַ שאַפנדיקער מאָמענט אין לעבן.

---

*) What Is Education? E. C. Moore, 1915, 26.

זע אויך

Reading As Reasoning, E. L. Thorndike, Jour. Educ. Psych., June, 1917.

די שייכות צווישן שרייבער און לייענער, אָדער צווישן ליטע־ראַרישן שאַפן און געניסן, האָט אי אַ טיפערן אי אַ ברייטערן פאַרנעם. דאָס האָבן שוין אַ סך שרייבער באַמערקט, כאָטש די באַמערקונג איז על פּי רוב געקומען מצד מענטשן וואָס זייער עובדא איז ניט צו אַנאַליזירן אַזעלכע פּראָצעסן. עס קומט עפּעס אויס אַז יעדע אמת'ע פאַרטיפונג אינ'ם ליטעראַרישן אויסדרוק פון פילאָ־מיטישן לעבן פירט צום געדאַנק — מעג ער זיין ווי טונקל, מעג ער זיין בלויז אין אַ מין געפיל פאָרם — אַז דאָס געניסן פאַרמאָגט אין זיך עפּעס שאַפנדיקס. אין אונזער אידישער ליטעראַטור האָט ש. ניגער פאַרטיידיקט דעם דאָזיקן געדאַנק באַ אַ סך געלעגנהייטן. ניגער רעדט וועגן דעם לייענער ווי אַ „מיטשאַפער", און דאָס איז טאַקע אין פולן הסכם מיט דער פסיכאָלאָגישער אויפפאַסונג וועגן דעם פּראָצעס פון אויפנעמען געדאַנקען בכלל.

פאַראַן אַ ספּעציעלער אומשטאַנד אין ליטעראַטור וואָס איז באַזונדערס וויכטיק בעת מיר האַלטן באַ דעם ענין. איך האָב אין זינען דעם פאַקט וואָס פונ'ם אַמאָליקן דערציילער און צוהערער איז היינט געוואָרן אַ שרייבער און אַ לייענער. די אַנטוויקלונג פון שריפט האָט געשאַפן אַן אומגעהייער רייכע און פילזייטיקע טעכניק אין פילאָמיטישן אויסדרוק, האָט פּראָפעסיאָנאַליזירט די פילאָמי־טישע טעטיקייט און דערמיט שטאַרק באַגרענעצט אין צאָל דעם דערציילער־קלאַס. דער בעסטער דערציילער איז געוואָרן דער איינ־ציקער דערציילער, ווייל די געוואַלטיקע צוגעגרייטקייט וואָס די דאָזיקע אַרבעט האָט אָנגעהויבן צו פאָדערן, האָט אַרויסגערופן אַ צוריקגעהאַלטנקייט באַ מענטשן וואָס זענען ניט אין דער פּראָ־פעסיע. אין פילאָמיטישן שאַפן איז דעריבער אָן אַ שיעור פאַרשטאַרקט און פאַרשאַרפט געוואָרן דאָס לשמה־באַוואוסטזיין, כאָטש דאָ וואָלט אַזאַ פּראָצעס געדאַרפט אָנקומען זייער שווער, ווייל דער שאַפער שעפּט דאָך כסדר זיין יניקה פון ברייטערן לעבן. אויף אַזאַ'ן אופן איז די ווייטערע לעבנס־שייכות פון דער מעשה כמעט אין גאַנצן איבערגעגאַנגען צום מאָמענט פון געניסן. מיר זעען טאַקע אַז אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּרימיטיווער צו דער ציוויליזירטער פילאָמיטישער טעטיקייט, פאַרשווינדט אַלץ מער

דער מוסר השכל אין הינטערגרונט, כאָטש ווי שוין באַמערקט, דער חילוק ליגט דאָ מער אין שאַפן איידער אין געניסן, ווייל פאַר'ן געני־סער האָט יעדע מעשה א מוסר השכל, און עס קען אַנדערש ניט זיין.

דער זעלביקער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס האָט געווירקט דערויף אז דערציילער און הערער זאָל ווערן פאַנאַנדערגעטיילט. די צוויי צדדים פונ'ם פּילאָמיטישן פּראָצעס האָבן אָנגעהויבן צו פירן א לעבן פון אומדירעקטע באַציאונגען, א לעבן וואָס באַנוצט זיך מיט דער הילף פון א שטומען פּאַרמיטלער, דעם בוך. דער געניסער זעט ניט מער דעם שאַפער, און דער שאַפער קען בלויז טראַכטן פונ'ם געניסער. און פּונקט ווי דער שאַפער האָט מיט דער הילף פון דער שריפט אַנטוויקלט א געוואַלטיקע ניואַנסן־רייכקייט פאַר'ן פּילאָ־מיטישן אויסדרוק, אזוי האָט אויך דער פּראָצעס פון געניסן געמוזט ווערן רייכער, שאַפערישער, ווייל דער געניסער מוז איצט אויספילן דעם פּלאַץ פונ'ם דערציילערס קול, זיינע באַוועגונגען, זיין מימיק און זיין שפּראַך מוזיק, וואָס ער האָט פאַר זיך געהאַט בעת ער איז געווען א צוהערער, און וואָס האָט אין גאַנצן פאַרלאָזן דאָס פּילאָ־מיטישע פעלד בעת ער איז געוואָרן א לייענער. שאַפן און געניסן זענען אויף אזא'ן אופן געוואָרן טעטיקייטן, וואָס א קינסטלאַכע שריפט האָט מעגלאַך געמאַכט אז זיי זאָלן ניט פאָרקומען אויפ'ן זעלביקן פּלאַץ און אין דער זעלביקער צייט, עס איז געשאַפן גע־וואָרן אַן אָפּגעזונדערטקייט און א פּריוואַטקייט — סיי אין שאַפן, סיי אין געניסן — וואָס האָבן, ווי שוין באַמערקט, אַרויסגעבראַכט גרויסע מעלות, אָבער נאָך גרעסערע חסרונות. בלויז אין דער קינדער־שול איז נאָך געבליבן דער פּערזענלאַכער, דירעקטער דערציילער, און יעדער איינער וואָס האָט אַמאָל בייגעוואוינט דעם אומבאַשרייב־לאַכן כשוף פון מינדלאַכן דערציילן אין א סאָציאַלער סביבה, וועט טיף באַדויערן וואָס די דאָזיקע גרויסע אינסטיטוציע איז אין גאַנצן אונטערגעגאַנגען.

צוזאַמען מיט דער צייט פון שריפט און דרוק איז געקומען די גאַנצע ציוויליזאַציע אונזערע, וואָס האָט אויף א סך אַנדערע פעלדער צעבראָכן און צעפּיצלט דאָס צוזאַמען־לעבן פון מענטשן. דאָס איז א צייט ווען אַפילו אזעלכע קלאָר־געזעלשאַפטלאַכע דער־

שיינונגען ווי אָרימקייט און רייכקייט מאַכן, אין פֿלוג, דעם איינ־דרוק אַזוי ווי זיי וואָלטן אין גאַנצן אָפּהענגיק געווען אָן פּערזענ־לאַכער פּייאיקייט און מזל. דאָס פֿילט אָן די וועלט מיט פּערזענאַכע פּראָבלעמען וואָס יעדער פֿון אונז זוכט צו פֿאַרענטפֿערן אויף אַ פּריוואַטן אופֿן. פֿילט זיך דער איינצלנער שוואַכער און הילפֿלאָזער, דרייט ער זיך אין אַ פֿאַרפּלאָנטעטער נעץ פֿון בלאָנד־זשעניש און טעות'ן, און זוכט אין יעדן ווינקל אַ נייעם וועג. די פֿילאָמיטישע „ענערגיע", אַזוי צו זאָגן, ווערט דעריבער באַ אים פֿאַרוואַנדלט אין „וויסנשאַפֿטלאַכער", אין פּעסטשטעלערישער; יעדע מעשה ווערט גלייך אויסגעטייטשט פֿון אַ וועג־ווייזערישן שטאַנדפּונקט, זי ווערט אַ פּראָבלעם, אָדער אָן ענטפֿער אויף אַ פּראָבלעם. דאָס איז אפֿשר דער גרעסטער שאַפֿנדיקער מאָמענט אין מאָדערנעם געניסן. דאָ קומט ניט פֿאָר דאָס וואָס באַם לעקטאָר, ווען דער געדאַנק פֿונ'ם שאַפֿער ווערט אַ געדאַנק באַם געניסער, דאָ ווערן עפּיזאָדן פֿאַרוואַנדלט אין געדאַנקען וואָס ווייזן אַ וועג, אָדער וואָרענען, אָדער אַרבעטן אויס באַציאונגען צו וויכטיקע מאָמענטן פֿון לעבן. די וועלט פֿון דער מעשה ווערט אַ וועלט פֿון „זאַכן" פֿאַר וועלכע דער געניסער שאַפֿט אַלגעמיינע „וויסנשאַפֿטלאַכע" שייכות'ן. אין צייטן ווען דאָס פֿילאָמיטישע שאַפֿן איז ניט געווען פּריוואַט און ניט פּראָפֿעסיאָנאַליזירט, האָט זיך דאָס פֿילאָמיטישע געניסן דירעקט פֿאַרבונדן מיט ווייטערדיקן פֿילאָמיטישן שאַפֿן. אַ געהערטע מעשה פֿון איינעם איז גלייך געוואָרן אַ פֿאַקטאָר אין דער געשאַפֿענער מעשה פֿון אַן אַנדערן. דאָס זעלביקע באַגע־גענען מיר היינט באַ קינדער, ווען זיי פֿלעכטן איין מאָמענטן פֿון אַ געהערטער מעשה אין זייער דערציילן. אַזוי איז אויך היינט דאָס געניסן פֿונ'ם שאַפֿער, אַנדערש איז אָבער דאָס שאַפֿן פֿון געניסער.

עס איז איבעריק צו דערמאָנען אַז יעדער פֿון אונז פּאַסט אויף אַ מעשה, לייענט די מעשה, אויף זיין אייגענעם אופֿן. יעדעס ווערק איז אַנדערש פֿאַר יעדן לייענער. דאָס איז שוין זייער אָפֿט באַמערקט געוואָרן, און איז אָן אומבאַשטרייטבאַרער אמת. ניט ווייניקער אמת איז דער איינפֿלוס פֿונ'ם געלייענטן אויפֿ'ן אומ־דירעקטן, באַריכט־אַרטיקן דערציילערישן לעבן פֿונ'ם לייענער.

אויך דאָ ווייזט דאָס געניסן ארויס זיינע שאפנדיקע זייטן, אָבער דער עיקר איז דאָס וואָס דער עצם באַגריף געניסן האָט קיין שום זינען ניט אויב ער איז אין זיך ניט כולל קיין קרעאַטיווע מאָמענטן. אין ליטעראַטור און מוזיק איז פאַראַן אַ וויכטיקער פאַקט וואָס מען וואָלט קיינמאָל ניט געדאַרפט פאַרגעסן: „די ליטעראַרישע קונסט, און ספּעציעל מוזיק, מוז שטענדיק איבערגעשאַפן ווערן בעת מען לעבט זי איבער.... ליטעראַטור און מוזיק קענען, און געוויינטלאַך מוזן זיי, דורכגיין אַן אויסטייטשער איידער זיי קענען בכלל עקזיסטירן. אמת, מען קען לייענען אַ ליד אָדער אַ מעשה פאַר זיך, פונקט ווי מוזיק, אָבער ווייל מען קען זיי איבערשאַפן דורך אַן אויסטייטשער, וואָס פאַרמאָגט אַ גאַנץ אַנדערן טאַלאַנט פונ׳ם ערשטן קינסטלער, קענען זיי ווערן נייע שאַפונגען יעדעס מאָל ווען מען לעבט זיי איבער“.*) דער פּראָצעס פון לייענען איז מחייב אַזאַ אַקטיווע באַטייליקונג, וואָס אַ חוץ מוזיק, פאַרמאָגט עס קיין קונסט ניט. בלויז די פּריוואַטקייט און אָפּגעזונדערטקייט פונ׳ם ליטעראַרישן שאַפן האָט געקענט ווירקן אויפ׳ן קינסטלער, אַז ער זאָל זיך פילן ווי דער גאַנצער באַלאַבאָס איבער זיין ווערק. ער ווייסט, למשל, מיט לייכטקייט באַשטימען, וועלכער קריטיקער עס האָט ריכטיק אויפגעפאַסט זיין ווערק, און וועלכער — פאַלש. בעת אין דער אמת׳ן איז דער קריטיקער דער געזעלשאַפטלאַכער פאָרשטייער פונ׳ם שאַפנדיקן מאָמענט אין געניסן. זיין אויפפאַסונג פונ׳ם ווערק איז פונקט אַזוי פיל זיין אייגענע, פרייע, באַרעכטיקטע שאַפונג, ווי דעם שרייבערס אויפפאַסונג פונ׳ם ווערק איז דעם שרייבערס. דאָ איז ניט די פראַגע ווער עס איז גערעכט, עס איז בלויז אַ חילוק צווישן צוויי אופנים פון שאַפנדיקן געניסן. דעם שרייבערס אויפפאַסונג פון זיין אייגן ווערק איז בלויז אַן אויסדרוק פון זיין אייגענעם געניסן, ניט פון זיין שאַפן, אויב מיר קענען בכלל די צוויי מאָמענטן צעטיילן.

נאָך קלאָרער ווייזט זיך ארויס אַז שאַפן און געניסן זענען אין דער אמת׳ן צוויי זייטן פונ׳ם זעלביקן פּראָצעס, בעת מיר גייען צו

*) The Significance of Art, Eleanor Rowland, 1913, 136, 137.

צו דער פראַגע ניט פון דער געניסערישער נאָר פון דער שאַפערישער
זייט. מיר וועלן זיך צום ערשטן צוקוקן ווי אַזוי קינדער שאַפן. דאָ
איז דער גאַנצער ענין בולט'ער און פשוט'ער.

אין פינפטן קאַפּיטל איז מיר אויסגעקומען איבערצוגעבן עט־
לעכע מעשות פון אַ מיידעלע. אַזוי ווי צו איר האָב איך זייער אַ
נאָענטע שייכות, האָב איך דעריבער געהאַט גוטע געלעגנהייטן
ניט בלויז צו פאַרשרייבן אירע מעשות, נאָר אויך צו באַאָבאַכטן
זי אין מאָמענט פון שאַפן. אָפט מאָל, איידער זי האָט מיר דער־
ציילט איר מעשה, פלעגט זי זיך אַוועקלייגן אויף דער קאַנאַפּע און
זאָגן: „איך וועל צום ערשטן טראַכטן, דערנאָך וועל איך דיר דער־
ציילן אַ מעשה". דאָס איז געווען אַ ריין נאָכגעמאַכטע האַנדלונג
פון דעם וואָס זי האָט געזען באַ דערוואַקסענע. איז די מעשה וואָס
זי האָט מיר שפּעטער דערציילט געווען אַ רעזולטאַט פון'ם
פריערדיקן טראַכטן? לחלוטין ניט. וואָרים ווען זי פלעגט פאַרטיק
ווערן מיט'ן „טראַכטן" פלעג איך באַ איר גלייך פרעגן: וועגן וואָס
ווילסטו מיר דערציילן, מרים? אָבער מרים האָט מיר אין אַזעלכע
פאַלן געקענט העכסטנס זאָגן: איך וויל דיר דערציילן וועגן אַ מיי־
דעלע, אַ אינגעלע, אַ הינטעלע, א. ד. ג. ניט מער ווי אַ נאָמען פון אַ
זאַך. און גאַנץ אָפט פלעגט זי אפילו דאָס אויך ניט קענען זאָגן:
„איך וועל דערציילן וועל איך וויסן", אָדער זי פלעגט ענטפערן גאַנץ
פשוט: „איך ווייס ניט". די מעשה האָט זיך באַ איר תמיד גע־
שאַפן אין פּראָצעס פון דערציילן. אין איר פערטן יאָר פלעגט די
מעשה אָפט באַשטיין פון א שורה עפּיזאָדן אָן שום פאַרבינדונג,
אָדער זי פלעגט אָנהייבן עפּעס דערציילן און גלייך פאַרגיין צו
עפּעס אַנדערש א. א. וו. ערשט שפּעטער זענען די אָפּווייכונגען
געוואָרן זעלטענער און די מעשה האָט באַקומען מער גאַנצקייט.
שטענדיק אָבער איז דאָס שאַפן, דאָס אַריינברענגען נייע מאָמענטן,
און דער איבערגאַנג פון איין מאָמענט צום צווייטן, געבוירן געוואָרן
אין פּראָצעס פון דערציילן גופא. יעדער טראָט האָט אַרויסגערופן
דעם ווייטערדיקן טראָט, און אַזוי כסדר. טיילמאָל האָט זיך גלייך
באַם אָנהייב אַריינגעכאַפּט אין איר דערציילן אַ וואָרט וואָס שאַפט
איבער'חזר'ונג־סעריעס, און דאָס האָט טאַקע געשטערט די אַנט־

ווירקונג פון דער מעשה. אָט איז אַזאַ פאַל (זי איז אַלט געווען פיר יאָר מיט דריי חדשים):

„אַמאָל איז געווען אַ גרויס מיידעלע. הויך אַזוי ווי די מאַמע. גייט זי דערווייל שפּאַצירן. גייט זי קויפן עפּעס. אפשר מילך פאַר דער מאַמען צו טרינקען. אפשר מילך פאַר'ן גרויסן מיידעלע אַזוי גרויס ווי די מאַמע איז. אפשר שלאָפט זי שוין אין איר בעטעלע. און אפשר שלאָפט זי אין איר מאַמעס בעט. און אפשר איז שוין אויסגעלאָשען אין קיך".

דאָ זעט מען אַרויס וואָס דער „אפשר" האָט אויפגעטאָן. ער האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט אַ גאַנצע גלייך־ליניקע סעריע און ניט געלאָזן גיין דעם זיגזאַג באַרג־אַרויף אויף אַ נאָרמאַלן אופן. כאָטש אַ שוואַך שטייגנדיקער זיגזאַג האָט זיך דאָ יאָ דורכגעריסן ניט קוקנדיק אויף דער שטערונג פון'ם „אפשר".

און פונקט ווי עס זענען פאַראַן שטערנדיקע ווערטער און מאָ־מענטן, זענען אויך פאַראַן אַזעלכע וואָס סטימולירן די שאַפנדיקע כחות. וואָס עס זאָלן ניט זיין די סבות פון'ם געלונגענעם איינפאַל שפּילט ער אָבער אַן אומגעהייערע ראָלע אינ'ם קומענדיקן טראָט. יעדער שרייבער ווייס ווי גרויס עס איז די ווירקונג פון'ם שאַפן אינ'ם שאַפן. איר קענט זיך אָפט אַרומדרייען און טראַכטן שעה'ן לאַנג און דאַך־זאָל אייך אַלץ ניט קלאָר ווערן ווי אַזוי צו אַנטוויק־לען אייער טעמע. זעצט זיך אָבער אַוועק באַם שרייב־טיש און הייבט אָן עפּעס צו טאָן, ד. ה. שאַפט זיך נאָר באַדינגונגען דורך וועלכע איר זאָלט זיך אַוועקרוקן פון אַ געגעבענעם שטיי־פּונקט, און גלייך שווימען אַרויס געדאַנקען, וואָס וועקן נייע גע־דאַנקען און דער גאַנצער ענין ווערט באַלויכטן מיט אַ קלאָרקייט וואָס איז אייך פריער אפילו אויפ'ן זינען ניט געקומען.

אין פילאָמיטישן שאַפן — אויף דער ליטעראַרישער מדרגה — קומט פאָר דאָס וואָס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן בנוגע דער טבע פון לעבען בכלל. יעדע ענדערונג רופט אַרויס אַ נייעם סינטעז, וואָס רופט אַרויס אַ נייע ענדערונג, א. א. וו. מיט אַנדערע ווער־טער: יעדעס שאַפן פאַרענדיקט זיך מיט געניסן, וואָס רופט

ארויס אַ נייע שאַפונג, און די גאַנצע קייט ציט זיך ביז דעם מאָ־מענט וואָס מיר רופן „סוף“. אַ דיכטער האָט ניט, און קען ניט האָבן פאַר זיך דאָס גאַנצע ווערק מיט איין איינציקן אויסברוך פון שאַפן. העכסטנס כאַפּט ער לכתחילה אַן אַלגעמיינעם לויף, קוים־באַנומענע שייכות'ן. אין זעלטענע פאַלן קען ער אפילו האָבן אַ גאַנץ גרויסע צאָל דעטאַלן, אָבער ערשט די קאָנקרעטע שאַפונג־טעטיקייט איז בכח צו רעאַליזירן זיין אַלגעמיינעם פּלאַן. אין דער שאַפונג־טעטיקייט קומט די אַנטוויקלונג זעלטן ווען פאַר אַזוי ווי דער פריער־געאַנטער פּלאַן האָט פאַרלאַנגט. יעדער מאָמענט ווערט געענדערט, און דער „סוף“ איז אַ פועל יוצא ניט פונ'ם פּלאַן נאָר פונ'ם רעאַליזירטן פילאָמיטישן לעבן. דאָס ווערק איז, מיט איין וואָרט, פונקט אַזוי די סבה פונ'ם קינסטלער ווי דער קינסטלער פונ'ם ווערק.

דאָ זעען מיר, ווי שווער עס ווערט אָפּצוטיילן שאַפן פון געניסן. דער קינסטלער שרייבט אָן אַן עפּיזאָד און איז צופרידן. פון וואַ־נען קומט די צופרידנקייט? שטאַמט דאָס גליק־געפיל פון שאַפן אָדער פון געניסן? געוויינטלאַך זאָגט מען אַז ער איז צופרידן פון זיין שאַפן, אָבער אַזוי ווי ער האָט באַנומען זיין שאַפונג ווי אַ גאַנצע זאַך, געניסט ער דאָך פונ'ם באַנעמען, לייענען, אויפפאַסן; עס איז דאָך ניט ערגער ווי ער וואָלט עפּעס געלייענט פון אַ פרעמדן שרייבער, ד. ה. דאָס שאַפן ווערט תוך כדי דבור אַ געניסן, היינט ווי קען מען זאָגן אַז זיין גליק־געפיל שטאַמט בלויז פון שאַפן? ווי קען מען דאָ אָפּטיילן שאַפן פון געניסן? און וואָס איז, סוף סוף כל סוף, אפילו דער געלונגענער איינפאַל אויב ניט אַ שאַפנ־דיקער מאָמענט געבוירן אין געניסן? דער קינסטלער לעבט דאָך אין דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט; דאָ אָטעמט סיי זיין שאַפן, סיי זיין געניסן. ער לייענט, זעט, לעבט, און ווייל ער געניסט פון דעם אַלעמען איז ער בכח צו שאַפן. דער באַגריף פון אַן אַקטיוון שאַפער און אַ פּאַסיוון געניסער נעמט זיך פונ'ם איינדרוק, אַז דער געניסער האָט פאַר זיך אַ פאַרטיקן געשאַפענעם פּראָדוקט, בעת דער שאַפער שפּינט אַלץ ארויס פון אַן אָפּגעזונדערטער אומאָפּהענגיקער נשמה. דאָס איז אָבער אַן איינדרוק וואָס זיין פאַלשקייט דאַרף שוין איצט, דוכט מיר, זיין קלאָר פאַר יעדן.

א מעשה פאַרנעמט זיך מיט איינצלנע פאַלן און באַשטימטע מענטשן. פאַרשטייט זיך א מעשה הייסט אויפנעמען אַלע מאָמענטן וואָס גייען אַריין אין דער פסיכאָלאָגיע פון דערציילן. מיר אידענטיפיצירן זיך מיט געוויסע העלדן, שאַצן אָפּ די האַנדלונגען פון אַנדערע, און פאַראַלגעמיינערן די קאָנקרעטע שייכות'ן צו דער גרויס פון א וועלט־בילד. דאָס הייסט געניסן, אָבער דאָס הייסט אויך שאַפן. וואָרים כדי דער לייענער זאָל געניסן פונ'ם ווערק מוז ער ווייט אַריבערשטייגן די גרענעצן פון דער קאָנקרעטער שאַפונג, ער מוז שאַפן כדי ער זאָל קענען געניסן, פונקט ווי דער שאַפער מוז געניסן כדי ער זאָל קענען שאַפן.

# קאפיטל VIII

## „קונסט פאַר קונסט"

### א. צילן און צוועקן

ווען דער פינלענדער קונסט־פאָרשער, הירן, קלייבט זיך פאנאנדער אינ'ם אָפּשטאַם פון קונסט שטויסט ער זיך גלייך אָן אָן דער פראַגע וועגן איר אומאָפּהענגיקן כאַראַקטער, ד. ה. וועגן דעם אַז זי דינט ניט קיין דרויסנדיקע צילן נאָר איז אַ צוועק אין זיך אַליין. מיר ווייסן, זאָגט ער, אַז „מעטאַפיזיקער פונקט ווי פסיכאָלאָגן, העגעליאַנער פונקט ווי דאַרוויניסטן, אַלע זענען מסכים מיט דער דערקלערונג אַז אַ ווערק, אָדער אַ טעאַטער־פאָר־שטעלונג, וואָס מען קען דערוויזן אַז עס דינט אַ ניצלאַכן אָדער ניט עסטעטישן צוועק, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַן עכט קונסט־ווערק. אמת'ע קונסט האָט איר איינציקן צוועק אין זיך אַליין, און ווייזט צוריק יעדן דרויסנדיקן ציל. דאָס איז די טעאָריע וואָס עס האָבן אַוועקגעשטעלט מיט מער אָדער ווייניקער אָפנקייט קאַנט, שילער, ספּענסער, האַנעקען, גראָסע, גראַנט אַלען, און אַנדערע" *) אין משך פון גאַנצן ווערק האַלט הירן מלחמה מיט דער דאָזיקער טעאָריע, ניט ער קען זי צוריקווייזן, ניט ער קען זי אָננעמען. דאָס ערשטע איז ממש אוממעגלאַך צו טאָן ווייל עפּעס זעט זיך פּאָרט אין דער קונסט אַ געוויסע אָפּגעריסנקייט און דערווייטערטקייט פון באַלדיקע לעבנס־נויטן. ניט בעסער איז די צווייטע מעגלאַכקייט, ווייל גאַנץ אָפּענע קונסט־פאַקטן וואָלטן פּשוט רעוואַלטירט אַנטקעגן אַ פאַרזוך זיי אָפּצורייסן פון דער אַלגעמיינער וועלט און מאַכן זיי בלויז פאַר אַן „עפּעס אין זיך

*) The Origin of Art. Yrjo Hirn, 1900, 78.

אליין". ער שליסט דעריבער זיין ווערק מיט דער געמאַטערטער פשרה אַז „מען קען דערוויזן... אַז קונסט אויף איר העכסטער מדרגה טראָגט נאָך אין זיך די זעלביקע שייכות צו קאָנקרעטער ניצלאַכקייט פּונקט ווי אויף איר נידעריקסטער. קונסט הערט קיינמאָל ניט אויף צו אינפאָרמירן, הערט קיינמאָל ניט אויף צו באַפרידיקן... צו סטימולירן.. מיר מוזן אָבער דאָך אָננעמען אַן אומאָפּהענגיקן קונסט־אימפּולס."*) דאָס איז אָבער אַ פּשרה, וואָס איז אין דער אמת'ן קיין פּשרה ניט, ווייל עס בלייבן נאָך אַלץ איבער צוויי וועלטן: „שיינקייט" און „ניצלאַכקייט" צווישן וועלכע עס איז פאַראַן בלויז אַ צופעליקע פאַרבינדונג, אָבער ניט קיין נאַטירלאַכע בריק.

די גרעסטע צאָל טעאָרעטיקער איבער עסטעטיק, האָבן, דוכט מיר, ניט איינגעזען די האַרבקייט פון דער דאָזיקער דילעמע, און האָבן זיך דעריבער מיט אַ לייכט האַרץ געשטעלט אויף דער זייט פון „קונסט פאַר קונסט". עס קומט עפּעס אויס אַז אַזוי ווי ניצלאַכקייט איז דאָך לכל הדעות נידעריקער פון שיינקייט (אַזוי, ווינציקסטנס, דענקען די וואָס ווערן פאַרבלענדט פון שפּראַך און אַנאַליזירן ניט די באַגריפן „ניצלאַכקייט", „נידעריקער" און „שיינקייט"), מילא, נו, זאָל גלייבער די ניצלאַכקייט ליידן. ווי אַזוי מען קען נעמען אַזאַ ריזיקן אוניווערסאַל־מענטשלאַכן פאַק־טאָר ווי קונסט, און אים אַוועקשטעלן אין דרויסן פון די סאַמע ענערגישסטע לעבנס־פּראָצעסן, דאָס האָט, ווי עס ווייזט אויס, די עסטעטיקער ניט אָפּגעשראָקן. איז ממילא קיין וואונדער ניט ווען מען האַלט אַז „קונסט האָט ניט קיין צוועק אויסער זיך אַליין", אָדער „קונסט איז אָפּגעריסן פון דער פּראַקטישער וועלט און פאַרנעמט אַן אייגנאַרטיקע, אָפּגעזונדערטע פּאָזיציע," אָדער, לויט דער עקסטרעמער פאָרמולירונג פון קלייוו בעל: „כדי אָפּצור־שאַצן אַ קונסט ווערק דאַרפן מיר קיין זאַך ניט ברענגען פון לעבן, קיין וויסן וועגן זיינע אידייען און עסקים, קיין באַקאַנטשאַפט מיט

*) Hirn, l. c. 301.

זיינע עמאָציעס“.*) די דאָזיקע טעאָריע ווערט, ווי באַקאַנט, אויסגעדריקט אין דער קיילאַכיקער פאָרמולע „קונסט פאַר קונסט“. לאָמיר זשע קודם כל אַנאַליזירן די דאָזיקע פאָרמולע און אַגב אורחא זוכן אַן אויסוועג פון דער געשטעלטער דילעמע.

די פראַגע איז, ווי אַלע ווייסן, „וואָס איז דער צוועק פון קונסט“? דאָ זענען אָבער פאַראַן צוויי ווערטער, „צוועק“ און „קונסט“, וואָס פאָדערן אַ גענויערע דעפיניציע. אין וואָסער זינען ווערט דאָ באַנוצט דאָס וואָרט „קונסט“? וואָס דאַרפן מיר פאַרשטיין אונטער אַ „צוועק“? כדי קלאָרער אַרויסצוברענגען דעם ענין וועט קודם כל נייטיק זיין זיך פאַנאַנדער צו קלייבן אינ'ם זינען פון אַ „צוועק“.

אַ צוועק איז געוויינטלאַך דער ענדלאַכער רעזולטאַט פון אַ סעריע טעטיקייטן, האַנדלונגען אָדער שטרעבונגען. דערצו איז נייטיק אַ געוויסע אויסטייטשונג. וואָרים אַזעלכע ווערטער ווי „תכלית“ און „ציל“, האָבן אויך דעם זינען פון אַן ענדלאַכן רעזולטאַט. וואָס איז דער חילוק צווישן זיי? לאָמיר דערווייל אויסלאָזן דעם „תכלית“. ווייל צווישן דעם דאָזיקן באַגריף פון איין זייט און „צוועק“ און „ציל“ פון דער אַנדערער, איז פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשיד. דער אונטערשיד באַשטייט דערין וואָס דאָס ערשטע איז אין זיך ניט כולל קיין באַוואוסטזיניק געשטעלטע עובדא מצד דעם סוביעקט. דער תכלית פון אַ מענטשנס אַרבעט קאָן זיין אַזאַ וואָס ער האָט אין גאַנצן ניט אין זינען, וואָס ער מעג אפילו באַוואוסטזיניק איגנאָרירן, בעת ער איז מיט דער אַרבעט פאַרנומען. אַ פאָטער, למשל, זוכט אַ תכלית פאַר זיין קינד, און גיט אים די מעגלאַכקייט צו שטודירן. אָבער דאָס קינד טראַכט בלויז פון די קאָנקרעטע לימודים פון זיין שטודיום, אָבער ניט פונ'ם תכלית. די אַרבעט איז דעם קינדס,

*) Art, Clive Bell, 25.

אוים גערעכטיקייט צו בעל'ן זאָל באַמערקט ווערן אז בנוגע ליטעראַטור האָט ער אַן אַנדער מיינונג ווייל: „מיר אַלע שטימען איין אַז אין ליטעראַטור איז פאַראַן זייער אַ סך מאַטעריאַל וואָס איז ניט ריין עסטעטיש“. זע זיין אַרטיקל:
The “Difference” of Literature, The New Republic, Nov. 29, 1922.

אָבער דער תכלית פון דער אַרבעט געפינט זיך בלויז אין פּאַטערס באַוואוסטזיין. אַ צוועק אָדער אַ ציל איז שוין מחייב אַ קלאָר באַוואוסטזיין וועגן דעם רעזולטאַט צו וועלכן די טעטיקייט דאַרף פירן, און אין אַזאַ באַגריף פון אַן ענדלאַכן רעזולטאַט זענען מיר איצט על פי רוב פאַרינטערעסירט. וואָרים דער „קונסט פאַר קונסט" געדאַנק איז געבוירן געוואָרן אין אַן אַטמאָספערע וואו דער קינסטלער איז דער וויכטיקסטער אויסגאַנג־פונקט פאַר דער קונסט־טעאָריע. ממילא, הייסט עס, אַז די דאָזיקע פאָרמולע דאַרף פעסט־שטעלן דעם קינסטלערס באַוואוסטזיניקע אויפגאַבע אין מאָמענט פון שאַפן. אויף אַזאַ'ן אופן האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ צוועק, אָדער אַ ציל, אָבער ניט מיט קיין תכלית.

וואָס זשע איז אַזוינס אַ צוועק? ווען אַ מענטש שפּאָרט אָפּ פון זיינע הוצאות כדי צו קויפן אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט, למשל, איז דער אינסטרומענט אַ ציל, ניט קיין צוועק. יעדע אָפּגעשפּאָרטע מטבעה איז בלויז אַ מעגלאַך מיטל צו דערגרייכן דעם אינסטרומענט־ציל, אָבער איז ניט אָרגאַניש פאַרבונדן מיט אָט דעם ציל. וואָרים ווען ער וועט שוין פאַרמאָגן דאָס גאַנצע געלט וואָס איז נייטיק אויף צו קויפן דעם פאַרלאַנגטן אינסטרו־מענט, וועט נאָך אַלץ דערפון קיין אינסטרומענט ניט זיין. ער וועט זיך נאָך דאַרפן פאַרנעמען מיט אַ גאַנצער סעריע טעטיקייטן (נאָכקוקן אַנאָנסן, רעדן מיט אַגענטן, זיך נאָכפרעגן בא מבינים, א. אַ. וו.) כדי זיין ענדלאַכן ציל צו דערגרייכן. ווען אָבער זיין פאַרלאַנג זאָל זיין, זאָגן מיר, טויזנט דאָלאַר, דעמאָלט וואָלט עס געהייסן אַז דער אָפּשפּאָרער האָט זיך געשטעלט אַ צוועק, ניט קיין ציל. יעדע אָפּגעשפּאָרטע מטבעה וואָלט דעמאָלט געווען אַן אָרגאַנישע טייל פונ'ם ענדלאַכן רעזולטאַט צו וועלכן ער שטרעבט. די גאַנצע סעריע טעטיקייטן, וואָס דער אָפּשפּאָר־פּראָצעס פאָדערט, וואָלט דעמאָלט ממילא, פון זיך אַליין, געפירט צו די טויזנט דאָלער, צום צוועק.

די פאַרבינדונג צווישן אַ טעטיקייט און איר ציל ליגט בלויז אינ'ם באַוואוסטזיין פונ'ם סוביעקט, אין דער שטרעבונג, אָבער ניט אין דער טעטיקייט גופא. וואָרים פון דרויסן קוקנדיק איז דאָך בכלל ניט פאַראַן קיין שום ענלאַבקייט צווישן דעם

מיטל ((געלט) און דעם ציל (אינסטרומענט). אַ צוועק, ווידער, איז אַ ממילא׳דיקער מאָמענט אין אַ פּראָצעס; מיר רופן דעם מאָמענט „צוועק“ ווייל ער ווערט אויפגעפאַסט פונ׳ם שטאַנד־פּונקט פון אַן ענדלאַכן רעזולטאַט. דער גאַנצער זינען פון אַ צוועק ליגט בלויז אין דעם וואָס ער ווערט באַוואוסטזיניק אויפגעפאַסט, ווייל דערגרייכט ווערט ער סיי ווי סיי, צי מיר ווילן, צי נישט. ווען מיר שטעלן זיך, למשל, אַ צוועק דורכצולייענען צוואַנציק זייטן אין אַ בוך, דעמאָלט איז די צוואַנציקסטע זייט דער צוועק. נעמען מיר זיך אָבער צו לייענען דרייסיק זייטן קומען מיר אויך צו דער צוואַנציקסטער זייט. נאָר דעמאָלט איז אָט די זייט בלויז איין מאָמענט אין דער גאַנצער טעטיקייט, בלויז אַ רינגעלע אין דער גאַנצער קייט פון דער האַנדלונג־סעריע, אָבער אַ נויטווענדיק רינגעלע וואָס אָן אים וואָלט די גאַנצע סעריע צעבראָכן געוואָרן.

אין קונסט האָבן מיר קודם כל, און אַ חוץ אַ סך אַנדערע מאָמענטן, צו טאָן מיט צוועקן. יעדע טייל פון אַ קונסט־ווערק איז נאַטירלאַך אָרגאַניש פאַרבונדן מיט גאַנצן ווערק. יעדער עפּיזאָד פון אַ מעשה, יעדע שורה פון אַ ליד, יעדער מוזיקאַלישער טאָן, א. אַ. וו. פירט ממילא צו אַ גאַנצקייט פון וועלכער עס ווערט געשאַפן אַ קינסטלערישער פּראָדוקט. אָבער ווען מען רעדט וועגן אַ צוועק אין קונסט, איז קלאָר אַז דאָ ווערט „קונסט“ באַנוצט ווי אַ רעטאָרישע פיגור. מען זאָגט טאַקע קונסט אָבער מיינען מיינט מען דעם קינסטלער. וואָרים אַ צוועק, ווי שוין באַמערקט, איז אַן אויסדרוק פון אַ באַוואוסטזיניקער שטרעבונג, און דאָס קען נאָר האָבן אַ שייכות צו די לעבעדיקע פאַקטאָרן אין דער קונסט — שאַפער, קריטיקער, פאָרשער, געניסער, אָדער אַלע צוזאַמען — אָבער ניט, סתם אַזוי זיך, צו די ווערק. ווען מיר זאָלן זיך לאָזן פירן פון דער פּאָפּולערער אויפפאַסונג אַז דער קינסטלער איז דער איינציק לעבעדיקער פאַקטאָר אין קונסט־שאַפונג, קומט אויס אַז ווען מען רעדט וועגן אַ צוועק אין דער קונסט, מיינט מען באמת דעם קינסטלערס באַוואוסטזיניקע שטרעבונג.

עס וועט איצט זיין לייכט איינצוזען אַז אין דער פאָרמולע „קונסט פאַר קונסט“, איז דאָס ערשטע וואָרט אַ האָמאָנים פונ׳ם

לעצטן, ד. ה. אַז דאָ ווערן באַנוצט צוויי ווערטער (קונסט־קונסט) וואָס האָבן דעם זעלביקן קלאַנג, אָבער זענען אַנדערש לויט'ן טייטש, וואָרים דער אמת'ער זינען פון דער טעאָריע איז דאָך אַז קונסט איז, אָדער דאַרף זיין, אַ קלאָר פאָרמולירטער צוועק אין קונסט־שאַפונג. אָבער אַ צוועק בײַ וועמען? זיכער ניט סתם אַזוי זיך, בײַ דער קונסט, נאָר בײַ איר לעבעדיקן פאַרטרעטער, בײַם קינסטלער. דאָס הייסט, אַז אין „קונסט פאַר קונסט" גע־הערט דאָס ערשטע וואָרט צום שאַפונג־פּראָצעס און דאָס לעצטע צום שאַפונג־פּראָדוקט, בעת דער „פאַר", די פאַרבינדונג, האָט אַ שייכות צום קינסטלערס באַוואוסטזיין. אין לעצטן סך הכל האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט'ן געדאַנק אַז „קונסט" — דער פּראָ־צעס פון שאַפן, „פאַר" — איז, אָדער דאַרף זיין, אין קינסטלערס באַוואוסטזיין פאַרבונדן בלויז מיט „קונסט" — דעם געשאַפענעם ווערק.

דאָס וואָרט קינסטלער קען אָבער פאַרשטאַנען ווערן אויף צוויי באַזונדערע אופנים. ערשטנס איז עס אַ טיטל אָדער אַ דאַנק־אויסדרוק, ווי „פּראָפעסאָר" אָדער „גרויסער מענטש", עס איז אַן אויסדרוק פון אָנערקענונג. צווייטנס איז עס אַ וואָרט וואָס באַצייכנט בלויז אַ געוויסע אַרבעט אָדער פּראָפעסיע, ווי שניידער, דענטיסט, א. ד. ג. דאָ רעדן מיר וועגן דעם קינסטלער אין צווייטן זינען פונ'ם וואָרט, ווייל מיר באַהאַנדלען ניט זיין פּאָזיציע אין דער וועלט, און מיר פאַרגלייכן אים ניט מיט אַנדערע מענטשן. מיר האָבן פּראָסט פּשוט אין זינען זיין אַרבעט. צו זאָגן, דעריבער, אַז עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ קינסטלער אַז בעת ער טוט זיין אַרבעט טוט ער זי בשלמות, האָט ער בלויז זי און ניט קיין אַנדער זאַך אין זינען, איז פּונקט דאָס זעלביקע ווי מיר זאָלן זאָגן אַז אַ קינסטלער איז נאָר דעמאָלט אַ קינסטלער ווען ער איז אַ קינסטלער, אָבער ווען ער איז ניט קיין קינסטלער איז ער ניט קיין קינסטלער.

קלאָר ווי דער טאָג. בלויז אַ פאַרפירטער פונ'ם קלאַנג פון אַ פאָרמולע קאָן אַזאַ געדאַנק אָננעמען פאַר אַ קונסט־טעאָריע וועגן וועלכער עס קענען זיין חלוקי דעות. באמת איז דאָס גאָר אַ התראה צו קינסטלער זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דרויסנ־

דיקע אָריענטאַציעס, פון צילן. ווען עס איז פאַראַן אַ מעגלאַכקייט אַז אַ מענטש מיט טאַלאַנט זאָל אין שאַפונגס־מאָמענטן זוכן קינסט־לאַך צו שטערן דעם נאַטירלאַכן גאַנג פון זיינע אַסאָציאַציעס אין נאָמען פון אַ ציל, פון עפּעס וואָס וואַקסט ניט אָרגאַניש אַרויס פון דער צוזאַמענאַרבעט פון איצטיקע קינסטלערישע סיטואַציעס, דעמאָלט וועט ער אפשר דערגרייכן זיין ציל, אָבער ער וועט זיכער פאַרלירן זיין צוועק — עס וועט קיין קונסט־ווערק ניט געשאַפן ווערן. אין אַזאַ פאַל איז זיכער נייטיק צו דערמאָנען דעם קינסט־לער אָן דער פשוט'ער זעלבסט־פאַרשטענדלאַכקייט: קונסט פאַר קונסט; אַז זיין אייגנאַרטיקייט באַשטייט בלויז דערין וואָס ער האָט אין דער קונסט ניט קיין צילן, נאָר צוועקן. יעדער קינסטלער וואָס זוכט באַוואוסטזיניק צו פאַרווירקלאַכן אַ ציל אין זיין שאַפן — די פאַרטיידיקונג פון אַ אידייע, אָדער אַ פילאָסאָפישער טע־אָריע, א. א. וו. טרעט שוין דערמיט אַליין אַרויס פון זיין טעטיקייטס פעלד, און קומט אַריין אין גאָר אַן אַנדערע וועלט, וואָס איז אַ האָר ניט ווייניקער וויכטיק, וואָס איז אָבער ניט קיין קונסט. באַ אַ קינסטלער ריכטן מיר זיך אויף אַן אַנדער פּראָצעס; אַז צוזאַמען מיט'ן פולן געניסן פון זיין שאַפן זאָל זיך באַ אים אויסאַרבעטן אַ באַשטימטער לעבנס־בליק, אָבער אָט דער בליק קען ניט זיין קיין דיקטאַטאָר פונ'ם שאַפן. דער פּראָצעס פון קינסטלערישן שאַפן קען בטבע ניט פאַרטראָגן קיין צילן און ווערט באַהערשט בלויז פון צוועקן.

## ב. דאָס לשמה־באַוואוסטזיין

ווען די דאָזיקע דערשיינונג וואָלט געווען כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר קונסט, וואָלט באמת געווען שווער צו געפינען אַן אויסוועג פון דער פריער געשטעלטער דילעמע. אָבער צום גליק איז דאָס ניט אַזוי, וואָרים עס איז דאָך פאַר יעדן לייכט איינ־צוזען אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט'ן אַלט־באַקאַנטן לשמה־באַוואוסטזיין וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער מענטש־לאַכער טעטיקייט וואָס ווערט געטאָן פרייוויליק און מיט'ן גאַנצן האַרצן, און וואָס ווערט נאָך מער אינטענסיפיצירט אין צווייגן

וואו עס איז פאַראַן אַ פּרייע מעגלאַכקייט פאַר נייע און גרויסע וואַריאַציעס. ווען איר נעמט אַזעלכע פאַלן וואו אין די ענדלאַכע רעזולטאַטן ווייזן זיך קיין ספּעציעלע ניצלאַכקייט־מאָמענטן ניט ארויס, דעמאָלט קען מען אויסרעכענען אַ היפּשע צאָל מענטש־לאַכע אינטערעסן וואָס גלייכן זיך אוים מיט קונסט אין דעם פּרט. אַ מענטש קען, למשל, ווערן פאַרינטערעסירט אין לייענען געוויסע ביכער, און דורך דעם אָנהייבן זיך צו פאַרשאַפן אַ גרויסע ביבליאָטעק. אָבער עס איז אַן אַלגעמיינע כאַראַקטע־ריסטיק פון די מענטשן, אַז מיט דער צייט ווערט דאָס זאַמלען ביכער אַ צוועק אין זיך אַליין, און זיי קויפן ביכער כאָטש זיי וועלן קיינמאָל קיין מעגלאַכקייט ניט האָבן זיי איבערצולייענען. פּונקט ווי מיר זאָגן „קונסט פאַר קונסט", וואָלט מען אויף אַזאַ'ן אופן געקענט אָנווענדן די זעלביקע פאָרמולע אויף אַלע מענטש־לאַכע טעטיקייטן וואָס האָבן די דערמאָנטע כאַראַקטער־שטריכן. אַזוי וואָלט מען געקענט זאָגן „שאַך פאַר שאַך" אָדער „ביכער זאַמלען פאַר ביכער זאַמלען", אָדער „פילאָזאָפיע פאַר פילאָ־זאָפיע" אָדער „גליטשן זיך פאַר גליטשן זיך", און אַזוי כסדר.

מען וואָלט אַפילו געקענט צורעכענען אַהער אַזעלכע טעטי־קייטן וואָס ענדיקן זיך מיט גאַנץ קלאָרע ניצלאַכקייטן, ווייל דער כאַראַקטער פון ענדלאַכע רעזולטאַטן איז ניט אַלעמאָל אַ סבה פון דער געגעבענער טעטיקייט. אַן אָנגעשטעלטער אין אַ הילפס־אַנשטאַלט איז זיך אָפּט מאָל מוסר נפש אין זיין אַרבעט. אמת, ער באַקומט זיין געהאַלט, אָבער יעדער קלאָרער מענטש וועט איינזען אַז דאָס געהאַלט איז אַ פּועל יוצא פון זיין מסירת נפש, אָבער ניט איר סבה. דאָס זעלביקע איז אמת ווען אַ מענטשנס טעטיקייט ענדיקט זיך דערמיט וואָס ער באַקומט אַ סך כבוד. מיר זענען געוואוינט צו זען כבוד ווי אַ לעצטן רעזולטאַט, נעמען מיר און מאַכן אים פאַר אַן ערשטן מאָטיוו. אָט דער פעלער, וואָס מיר מאַכן רעזולטאַטן פאַר סבות, פאַרשאַפט אונז אַן אַ שיעור צרות אין גאַנצן געזעלשאַפטלאַכן לעבן. עס באַשווערט כסדר אונזער וועג צו פאַרשטיין די טבע פון מענטשן. אמת, ווען אַ דיכטעריש ווערק זאָל אַפילו אַריינברענגען אַ גרויסע הכנסה, וועט מען אַלץ ניט זאָגן אַז דאָס געלט איז די סבה פון'ם ווערק. דעם

דיכטער ראטעוועט דא אבער אונזער השערה אז ער איז מששת ימי בראשית ספעציעל געשאפן געווארן פאר דעם צוועק, און אפילו דא איז ער ניט קיין בן יחיד. אויך דעם שאך־שפילער וועלן מיר קיין דרויסנדיקע מאטיוון ניט צושרייבן, ווייל מיר האלטן אז זיין טאלאנט איז די „אמת'ע“ סבה פון זיין ארבעט. דאס זעלביקע איז פארשטייט זיך נאך אמת'ער בנוגע וויסנשאפט.

אויף וויפיל מיר אידענטיפיצירן קונסט מיט קינסטלער, איז בלי ספק פאראן אן אמת אין „קונסט פאר „קונסט“. פאר־שטייט זיך, אז ווי שוין באמערקט, איז דאס טאקע ניט קיין ספע־ציעלע קונסט־כאראקטעריסטיק, אבער קונסט ווייזט קלארער ארויס די דאזיקע לשמה־דערשיינונגען איידער א סך אנדערע טעטיקייטן וואס מיר טוען מיט'ן גאנצן הארצן. עס איז זייער מעגלאך אז די שטענדיקע קאנצענטראציע אויפ'ן קינסטלער, אויפ'ן מאמענט פון שאפן, האט אין דער קונסט, מער ווי אומעטום, אונטערגעשטראכן די זעלבסטפארשטענדלאכע אויפ־מערקזאמקייט אויף דעם שאפערישן באוואוסטזיין. אבער דאס — קען מען טענה'ן — איז בכלל א באגרענעצטע אויפפאסונג וועגן דעם געדאנק פון קונסט פאר קונסט. דארט — קען מען זאגן — האבן מיר ניט בלויז צו טאן מיט'ן קינסטלערס באוואוסטזיין אין מאמענט פון שאפן, נאר בכלל מיט קונסט ווי א דערשיינונג אין דער וועלט. קונסט איז אייביק; קונסט איז א באזונדערער, אויטאנאמער שטראם און וועלט־געשען; קונסט איז ניט בלויז עפעס העכערס, נאר דער עיקר עפעס אנדערשדיקס, עפעס וואס לעבט אן אייגן לעבן און אויף אייגענע קעסט. ווען מען זאל צוזאמען קלייבן אזעלכע און ענלאכע זאצן, און פראזן און אפא־ריזמען וועגן קונסט, וואס ציען זיך אין דער זעלביקער ריכטונג, וואלט מען געקענט אנזאמלען גאנצע ביכער. צו באווייזן דעם אבסורד פון אזעלכע געדאנקען וואלט מען אייגנטלאך ניט ווייט געדארפט גיין. א שטרענגע לאגישע צעגלידערונג וואלט אונז קלאר געוויזן אז די ענדלאכע רעזולטאטן פון יעדער מענטש־לאכער טעטיקייט מוז ארייננעמען אין זיך אי צוועקן, אי צילן, אי תכלית'ן, אי א סך אנדערע מעגלאכע קלאסיפיקאציעס וואס זענען געבויט אויפ'ן כאראקטער פון רעזולטאטן. צו זאגן אז

קונסט האָט בלויז צוועקן אָבער ניט קיין צילן, אָדער תכלית'ן, נעמט זיך, גלויב איך, פון שפּראַך־פאַרבלענדעניש, איינס פון די גרעסטע מכות פון מענטשלאַכן שכל. לאָמיר אָבער איצט דורכלאָזן דעם לאָגישן אַנאַליז. מיר קענען פיל מער לערנען וועגן דעם ענין ווען מיר וועלן זיך ווענדן אין דער פּסיכאָלאָגישער כפּערע. און מחמת דעם זעלביקן טעם וועלן מיר אויך איבערגיין צום מאָמענט פון געניסן.

## ג. די עסטעטישע עמאָציע

מיר לייענען אַ ראָמאַן, למשל, און האָבן הנאה. מיר לעבן איבער דאָס ספּעציעלע פאַרגעניגן וואָס בלויז אַ קונסט־ווערק קען געבן. פון וואַנען שטאַמט די הנאה וואָס דאָס ווערק האָט אונז פאַרשאַפן? וואָס איז די טבע פון דער דאָזיקער הנאה? „קונסט פאַר קונסט" איז, טעאָרעטיש גענומען, אַ פאַרזוך צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע. עס הייסט אַזוי: די קינסטלערישע הנאה איז אַן עלעמענטאַרער געמיטס־טאָן, אָדער אַן עמאָציע, וואָס דערוועקט זיך אין אונז בעת מיר ווערן אָנגערעגט פונ'ם איינציקן סטימול וואָס איז נאַטירלאַך פאַר דער דאָזיקער עמאָציע — קונסט. וואָס זשע איז דאָס אָט די עלעמענטאַרע קינסטלערישע עמאָציע? דערויף וועט יעדער מסתמא גלייך ענטפערן אַז דאָס איז די אַלט־באַקאַנטע עסטעטישע עמאָציע. אָט די עמאָציע גיט אונז גלייך צו פילן וואָס ס'איז קונסט און וואָס — ניט־קונסט. וואָרים באמת, איז דען נייטיק אַ מענטש זאָל זיך אָפּגעבן מיט דיעטעטישע פאָרשונגען כדי ער זאָל אונטערשיידן צווישן אַ גע־שמאַקן און אַ שלעכטן מאָלצייט? דאָס פאַרגעניגן וואָס מיר זוכן אין עסן זאָגט אונז שוין אַליין אונטער וואָס איז גוט און וואָס — שלעכט. אויב קונסט איז אַזוי עלעמענטאַר ווי דער נאַרונג אינסטינקט, קען מען זיך שוין זיכער פאַרלאָזן אויף דער עסטע־טישער עמאָציע.*)

*) אין דער אמת'ן איז אפילו בײַ עסן אויך דער ענין ניט אַזוי פּשוט. אויך דאָ זענען פאַראַן מאָדנע קאַפּריזן, אי בײַ קינדער אי בײַ דערוואַק־סענע, וואָס מען קען ניט דערקלערן מיט'ן הוילן געשריי „אינסטינקט".

אַזאַ געדאַנקען־גאַנג איז באַזירט אויף דער הנחה אַז קונסט איז דער נאַטירלאַכער סטימול און באַפרידיקער פון דער עסטעטישער עמאָציע. מיט איין וואָרט, ווי קאַנט זאָגט, און ווי טויזנטער דריקן עס אויס אויף פאַרשידענע אופנים יעדן טאָג, קונסט איז די שאַפונג פון שיינקייט. איז דאָס טאַקע אמת? און אויב עס איז פאַראַן אין דעם אַ גרויסער חלק אמת בנוגע איין קונסט (מאַלעריי) איז עס אויך אמת וועגן אַלע אַנדערע קונסטן, אָדער וועגן קונסט בכלל?

לאָמיר נעמען די פשוט׳סטע עסטעטישע דערשיינונגען: געוויסע קאָלירן אַפּעלירן מער, אַנדערע — ווייניקער. געוויסע טענער געפעלן, אַנדערע — ניט. אַ צירקל איז תמיד שענער פון אַ פיר־עק. עס איז אַ גרעסער פאַרגעניגן צו קוקן אויף אַ גלייכער ליניע איידער אויף אַ צעבראָכענער. דאָ האָבן מיר עסטעטישע דערשיינונגען פאַר עקסעלאַנס. און אַזעלכע עסטעטישע מאָמענטן וואָלט מען אייגנטלאַך געקענט אויסרעכענען פאַר יעדן חוש, ד. ה. מאָמענטן ווען דער געגעבענער חוש האָט אַ ספּעציעלע הנאה פון געוויסע סטימולן, כאָטש ווי ווייט מען קען זען ווערן קיין ספּעציעלע לעבנס־אינטערעסן ניט באַדינט דורך די דאָזיקע סטימולן. פאַרפום, למשל, איז אַן עסטעטיש פאַרגעניגן פאַר׳ן חוש הריח; זיסע זאַכן — בעת מיר זענען ניט הונגעריק — פאַרן חוש הטעם; סאַמעט אָדער פוטער — פאַר׳ן חוש המשוש; אַ געוויסער סאָרט ליבע וואַרעמקייט — פאַר׳ן טעמפּעראַטור חוש; געוויסע פיזישע איבונגען — פאַר׳ן מוסקול חוש; און געוויסע פאָרמען פון קערפּערלאַכע באַוועגונגען — פאַר אַנדערע קינעסטעטישע שפּירונגען. דאָס זענען אַלץ דערשיינונגען וואָס אַזאַ וואָרט ווי „שיינקייט“ קען האָבן אַ זינען. זאָלן מיר זאָגן אַז דאָס ספּעציפישע פאַרגעניגן פון אַ קונסט־ווערק געהערט צו דער עסטעטישער קאַטעגאָריע, ווי מיר געפינען זי אין די אויסגערעכנטע עלעמענטאַרע דערשיינונגען?

מען וועט נאַטירלאַך גלייך באַמערקן אַז די עסטעטישע מאָמענטן פון בלויז צוויי חושים האָבן זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ קונסט — אויער און אויג — אָבער די איבעריקע ניט. דאָס איז זיכער אמת. נאָר דאָ ליגט טאַקע די שוועריקייט.

אויב יעדער חוש האָט זיין עסטעטישן מאָמענט, פאַרוואָס האָבן צוויי חושים אונז דערפירט צו קונסט בעת די איבעריקע זענען געבליבן בא קליינע מאָמענטאַלע פאַרגעניגנס? מיר דאַכט אַז אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע פירט אונז ממילא צום שלום, אַז קונסט איז אין זיך טאַקע כולל עסטעטישע מאָמענטן, פונקט ווי אַלע אַנדערע פּראָצעסן אין לעבן, און אפשר מער פון אַלע אַנדערע, אָבער דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע, דאָס גרויסע אין אַלע קונסט־צווייגן, און ספּעציעל אין דער פילאָמיטישער צווייג, געהערט ניט צו דער עסטעטישער קאַטעגאָריע׳

דאָס אויער און דאָס אויג, די צוויי אינגסטע חושים, ד. ה. די וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט צום שפּעטסטן אין דעם פאָרוים־גאַנג פון לעבעדיקע באַשעפענישן, האָבן פאַר אונז געשאַפן אַ נייע וועלט: קונסט. אויער און אויג זענען אונזערע אינטעלעקטועלסטע חושים, ווייל זיי האָבן ניט קיין אוממיטלבאַרע באַרירונגען מיט זאַכן. זיי נעמען אויף זייערע סטימולן פון דער ווייט און זענען בכלל מער פאַרבונדן מיט אונזער אינטעלעקטועל לעבן ווי אַנדערע חושים. *) היינט ווי קומט עס וואָס קונסט, אַ טעטיקייט וועגן וועלכער מען רעדט נאָר אין טערמינען פון „האַרץ", פון געפיל, זאָל פאַרטראָטן ווערן פון די צוויי אינטעלעקטועלסטע חושים אונזערע? מיר דוכט אַז שוין דער פאַקט אַליין וואַרפט אַ שאָטן אויף דעם שטאַנדפּונקט פון אַ ריינער, אומבאַפלעקטער עסטעטיק

דער אמת איז אַז גראָד דעמאָלט ווען די צוויי אינגסטע חושים אונזערע הייבן זיך אָן צו באַפעסטיקן — בא די וואָרעם־בלוטיקע באַשעפענישן: פייגל און זייג־חיות — הייבן זיך אָן צו באַווייזן ניט בלויז פּרעכטיקע קאָלירן, גראַציעזע ליניעס און רייכע קלאַנ־גען, נאָר אויך רייצנדיקע ריטמישע באַוועגונגען, וואָס אויף זייער העכסטער מדרגה גיבן זיי אונז די טאַנץ־קונסט. איז בא חיות פאַראַן אַזא זאַך ווי אַן עסטעטישע עמאָציע? דאַרווין זאָגט אַז

*) א גרויסע צאָל ווערטער וואס דריקן אויס אינטעלעקטועלע טע־טיקייט שטאַמען, לויט זייער שורש, פון ווערטער וואס האָבן א שייכות צום חוש הראיה, ווי למשל, אינטואיציע, אינטראָספּעקציע, געזיכטס־פּונקט, בלינד (אין אינטעלעקטועלן זינען), רעפלעקציע, און אַ סך אַנדערע.

יאָ, און דאָס איז גאַנץ מעגלאַך, אָבער פון קונסט זענען זיי דאָך זיכער ווייט. קונסט איז דאָך נאָך אַלעמען אַ ריין מענטשלאַכע כאַראַקטעריסטיק, כאָטש בנוגע ריין עסטעטישער הנאה זענען מיר אפשר ניט די איינציקע באַשעפענישן אין דער וועלט.

די נייקייט וואָס דאָס אויער און דאָס אויג ברענגען אריין באַשטייט דערהויפּט אין דעם וואָס מיט זייער הילף ווערט מעגלאַך אויפצונעמען די ווירקלאַכקייט פון דער ווייטן; דאָס, פון וואָס דער חוש הריח איז בלויז אַ שוואַכער אָנהייב. צו באַנעמען זאַכן פון דער ווייטן זעט אויס צו זיין אַ נויטווענדיקע באַדינגונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ קונסט. ווייל בלויז דאָס גיט אַ מעגלאַכקייט צו שאַפן יענע קאָמפּליצירט־ציטריקע וועלט וואָס מען רופט „אַטמאָספערע", וואָס אָן דעם קען מען זיך קיין שום קונסט ניט פאָרשטעלן. אויער און אויג שפּילן אויך אַ באַזונדערע ראָלע אין פינקטלאַכן רעפּראָדוצירן פאָרשטעלונגען. דערין קען זיך קיין אַנדער חוש מיט זיי ניט פאַרגלייכן. פּרובירט זיך אַ ווײַלע פאָרשטעלן דעם טעם פון אַן עפּל, דאָס געפיל פון לעדער אין דער האַנט, דעם ריח פון פּאַרפום, דאָס אויסזען פון אַ באַקאַנט הויז און דעם קלאַנג פון אַ פידל, און איר וועט גלייך איינזען ווי אומבאַשטימט עס זענען די ערשטע דריי און ווי קלאָר די לעצטע צוויי. ווען מיר דערמאָנען זיך אַז די דאָזיקע צוויי חושים זענען די אַקטיווסטע אין אונזער גאַנצער אינטעלעקטועלער טעטיקייט, זעען מיר אַז אין זיי ליגן די ברייטסטע מעגלאַכקייטן סיי פאַר קלאָרע אָפּבילדער, סיי פאַר נייע קאָמבינאַציעס, און אין דעם זינען זענען זיי די קרעאַטיווסטע חושים.

אויער און אויג זענען אויך אונזערע סאָציאַלסטע חושים. דאָס אויפנעמען זאַכן פון אַ שטח, וואָס שפּילט אַזאַ אומגעהייערע ראָלע אין קונסט, איז אַ האָר ניט ווייניקער וויכטיק אין סאָציאַלן לעבן, וואו די נייטיקייט צו פאַרכאַפּן די אויפמערקזאַמקייט פון דער ווייטן, איז אַ באַשטימענדיקער פאַקטאָר. מיר זעען טאַקע אַז בא פייגל און זייג־חיות הייבט זיך אָן אַרויסווייזן בולט'ער און קלאָרער דאָס סטאַדע־געפיל צוזאַמען מיט די עסטעטישע מאָמענטן

אויף וועלכע איך האָב פריער אָנגעוויזן. א חוץ דעם איז דאָך אונז אַלעמען באַקאַנט אַז קאָליר, קלאַנג און באַוועגונג שפּילן אַן אומגעהייערע ראָלע אינ׳ם צוזאַמען לעבן פון באַשעפענישן מיט סטאַדישע געוואוינהייטן. און גייען מיר אַזוי אויף דעם וועג וואו די מעגלאַכקייט פאַר קונסט איז אויך אַ מעגלאַכקייט פאַר דער שאַפונג פון סאָציאַלע אָרגאַניזמען, גייען מיר אַזוי אויף דעם וועג, קומען מיר צו די לעצטע צוויי מענטשלאַכע דער־גרייכונגען: זשעסט און שפּראַך, וואָס דערהייבן זיך צו דער קונסט־מדרגה אין טעאַטער און ליטעראַטור, און זענען אויך אין דער אייגענער צייט די וויכטיקסטע מיטלען אין סאָציאַלן פאַרקער.

## ד. קונסט און עסטעטיק

אויב קונסט טראָגט אין זיך אַזעלכע שייכות׳ן, איז שוין דער קוואַל ניט אַזאַ „ריינער״, און צו רעדוצירן זי צו דער עסטעט־טיק פון צירקלען און ליניעס, זעט אויס צו זיין אין גאַנצן אויס׳ן וועג. אַזאַ טעטיקייט האָט תכלית׳ן וואָס שטייגן ווייט אַריבער דאָס מאָמענטאַלע באַוואוסטזיין פון שאַפער אָדער גע־ניסער און האָט צילן וואָס ציען זיך ווייט אַריבער די גרענעצן פון קונסט. אָפט מאָל באַקומט זיך אַ פּלאָנטער אין דער דאָזיקער פראַגע, בלויז דערפאַר וואָס מענטשן האָבן אַ יצר הרע צו מאַכן קאָמפּליצירטע זאַכן איינפאַך, ווי מיר זעען עס אינ׳ם אופן ווי ראַדזשער פריי דיסקוטירט מיט טאָלסטאָי׳ען. עס האַנדעלט זיך וועגן טאָלסטאָי׳סביישפּיל מיט אַ אינגל וואָס איז אַנטלאָפן פון אַ בער. לויט טאָלסטאָי׳ען קומט אויס אַז אויב דאָס אינגל קומט צוריק אין דאָרף און דערציילט פריער פון זיין זאָרג־לאָזיקייט, דערנאָך פון זיין פּלוצלונגער שרעק בעת דער בער איז אים אַנטקעגן געקומען, און צום סוף, פון זיין אָפּאָטעמען ווען ער איז אַנטלאָפן, און ער באַשרייבט עס אַזוי אַז זיינע צוהערער פילן אַזוי ווי ער, דעמאָלט איז זיין שילדערונג אַ קונסט־ווערק. פאַרשטייט זיך אַז דאָס וועט באַוועגן די דאָרפסלייט צו גיין הרג׳ענען דעם בער, און אויף אַזוי פיל, לויט טאָלסטאָי׳ען, איז דאָס קונסט, ווייל עס האָט אַ דירעקטן איינפלוס אויפ׳ן

לעבן. ראַדזשער פריי איז דערמיט ניט צופרידן. לויט אים קומט אויס אַז „אויף וויפיל דאָס אינגל טוט דאָס כדי צו באַוועגן די דאַרפסלייט אַרויסצוגיין הרג'ענען דעם בער, כאָטש ער מעג באַנוצן קינסטלערישע מעטאָדן, איז זיין רעדע ניט קיין ריין קונסט ווערק.“*) אויף אַזאַ'ן אופן קומט אויס לויט פריי'ן אַז מען קען ניט וויסן צו אַ ווערק איז אַ קונסט־ווערק ביז מען פרעגט דעם שאַפער וואָס ער האָט אין זינען געהאַט. דער עיקר איז אָבער דאָס וואָס די פראַגע וועגן „האָבן אין זינען“ איז גאָר ניט אַזוי פשוט. ווי איז דער דין אַז דעם אינגלס ציל איז טאַקע געווען אַז מען זאָל גיין הרג'ענען דעם בער אָבער אַזוי ווי ער האָט גענומען דערציילן, האָט ער, ווי געוויינטלאַך, פאַרגעסן אָן זיין ציל און זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויפ'ן צוועק פון אַרויסברענגען די שילדערונג וואָס שאַרפער און איינדרוקספולער?

איך ווייס ניט וואָס אָפּאַטאָשו האָט אין זינען געהאַט באַם שרייבן זיין טרילאָגיע, אָבער עס איז באַ מיר קיין ספק ניט אַז צווישן אַ סך אַנדערע צילן, האָט ער אויך געהאַט דעם ציל צו שאַפן אַ בעסערע פאַרשטענדניש צווישן אידן און פּאָליאַקן אין פוילן. יעדנפאַלס איז זייער מעגלאַך אַז אַזאַ געדאַנק האָט זיך געפונען אין זיין מח, און דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, אויף אַ האָר ניט געדאַרפט שטערן אַז זיין אַרבעט זאָל זיין ריינע קונסט. טאָלסטאָי און ראַדזשער פריי זענען קעגנער, אָבער זיי זענען ביידע מסכים אין איין פּונקט: ניצלאַכקייט, אָדער ווירקונג אויפ'ן לעבן, הייסט יענע ברוטאַלע פאָרם פון נוצען וואָס מען קען גלייך זען און אָנטאַפּן; קלאָר־מאָראַלע נוצן און פיזישע ווירקונג. טאָלסטאָי נעטרויט ניט דעם קונסט־פּראָצעס נופא, אַז ער וועט שוין פאַרזאָרגן דעם מאָראַלן איינפלוס, פריי, ווידער, מיט זיין קונסט־פאַר־קונסט, זעט ניט איין אַז קונסט האָט בכלל אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט מאָראַל. דעריבער ענדיקט טאָלסטאָי דערמיט וואָס ער לייגנט פאַר כללים פאַר קונסט, בעת זיינע קעגנער נעמען זי אין גאַנצען אַוועק פון לעבן. שווער צו זאָגן וואָס ס'איז ערגער.

*) Vision and Design. Roger Fry, 1920, 18.

די קונסט־פאַר־קונסט טעאָריע רעדוצירט קונסט צו דער מדרגה פון אַן עסטעטישן פאַרפום, אָדער אַ נאַשעריי. זי שטעלט אַוועק די גרעסטע טייל פון דער מענטשלאַכער פערזענלאַכקייט אין דרויסן פונ׳ם קונסט איינפלוס. די אָנהענגער פון דער טעאָריע האַלטן געוויינטלאַך, אַז קונסט איז אַ פּריוואַטע זאַך, האָט בלויז צו טאָן מיט דער פסיכאָלאָגישער פיקציע וואָס רופט זיך דער „איינצעלנער”, אַ באַשעפעניש וואָס איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. דערמיט ווערן לחלוטין פאַלש אויסגעטייטשט די פסיכישע אינסטרומענטן דורך וועלכע קונסט אַפּעלירט. קונסט ווערט דעמאָלט סוף כל סוף אַן אַנגענעמער צופאַל וואָס יאָ—יאָ, ניט—ניט, זי איז ניט קיין אָרגאַנישע טייל פון אַ מענשנס לעבן, ווייל זי האָט ניט קיין ציל, ווייל — קונסט פאַר קונסט.

צו רעדוצירן קונסט צו שיינקייט, צו זאָגן אַז די „ברידער קאַראַמאַזאָף” אָדער בעטהאָווענ׳ס „ניינטע סימפאָניע” אָדער ראָדענ׳ס „דענקער” האָבן הויפּטזאַכלאַך צו טאָן מיט שיינקייט, איז פּונקט ווי ווען מען וואָלט וועלן דערקלערן דעם ים דערמיט וואָס מיר קענען זיך אין אים באָדן. ווען מיר קומען צו ליטעראַטור ווערט עס פּשוט לעכערלאַך צו וועלן אַלץ דערקלערן מיט שיינקייט, סיידן מען מאַכט פון דעם וואָרט אַ טערמין וואָס נעהמט אַרום די גאַנצע וועלט. אָבער אין לעצטן פאַל ווערט „שיינקייט” אַ מעטאַפיזישע פאַרבאָרגנקייט, אָדער, נאָך אָפּטער, אַ רעטאָרישע שפּילצייג, וואָס קען שוין מער קיין שום זאַך ניט קלאָר מאַכן, און קען בלויז זיין אַ טעמע פאַר אַ „לייכטער פעדער”.

קונסט אַפּעלירט ניט צום „איינצעלנעם” אָדער צו אַן איינצעלנער עמאָציע, נאָר צום מ ע נ ט ש ן און אַלע זיינע שייכות׳ן צו זיך און צו דער וועלט. דער גאַנצער באַגריף פון אַן איינצעלנער אָפּגעזונדערטער עמאָציע איז פאַרפירעריש. קונסט איז דאָך ניט סתם אַזוי זיך אַ סטימול וואָס געפינט זיך צופעליק אין דער וועלט, נאָר אַ באַוואוסטזיניקער מענטשלאַכער פּראָדוקט אָפּגעקליבן פון מיליאָנען מעגלאַכע קאָמבינאַציעס. דער כח און דער זינען פון קונסט ליגט אינ׳ם וואונדערלאַכן סינטעז פון ווייטע און נאָענטע מאָטיוון סיי באַם

קינסטלער, סיי באַם געניסער, פונקט ווי דער גאַנצער זינען פון אונזער פּסיכאָפיזישער אָרגאַניזאַציע ליגט ניט אין באַזונדערע פּסיכאָלאָגישע און פיזיאָלאָגישע פונקציעס, נאָר אין דער געשאַפענער איינקייט, אין דער אַנסאַמבל שפּיל, אַזוי צו זאָגן.

מיר שאַפן און מיר זוכן קונסט ווי אַ פונקציע פון גאַנצן לעבעדיקן לעבן. מיר האָבן שוין פריער געזען די טיפערע כּוונות פון אונזער פילאָמיטישער טעטיקייט. די ליטעראַרישע קונסט זוכט אייגנטלאַך מיט מער זיכערקייט און גרעסערן פאַרנעם צו דערפילן די דאָזיקע פונקציעס. עס איז די פונקציע פון אַריינברענגען מער גערעכטיקייט אין דער וועלט, פאַר זיך אָדער פאַר אַנדערע; פון אוועקשטעלן לעבנס־פּראָצעסן ווי אַ התראה און זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר פון זיי; פון אויפכאַפן די גאַנצע ריכטונג פונ'ם לעבנס־שוואונג, פונ'ם זיגזאַג; פון זיין מיטשפּילער און באַאָבאַכטער אין דער זעלביקער צייט; פון אַריינפלעכטן זיך אין שייכות'ן מיט די פאַרוואָרפנסטע סאָציאַלע פאַרצווייגונגען; פון איבערלעבן די געשפּאַנטקייט פון אַ זיגזאַגלויף אין דער קאָמפּאַקטסטער פאָרם. א. אַ. וו. א. וו. דער ווערט פון אַזעלכע און פיל אַנדערע פונקציעס פון אַ קונסט קער גאָר ניט אָפּגעשאַצט ווערן. אַ טייל פון די ליטעראַריש־קינסטלערישע פונקציעס קענען גאַנץ אָפן אָנגעווענדט ווערן אין די איבעריקע קונסטן. אַנדערע געהערן בלויז צו ליטעראַטור, און יעדע קונסט האָט אירע אייגענע כאַראַקטעריסטישע פונקציעס, וואָס באַשטימען איר ראָלע אין לעבן. אַרום און אַרום איז אָבער קונסט אַ כאַראַקטעריסטיש מענטשלאַכע טעטיקייט, ווייל בלויז מיר זענען באַשעפעניש וואָס שטרעבן, דאַרשטן, האָפן און שטרעקן די הענט אין אומבאַגרענעצטע ווייטקייטן. אויף אַזוי ווייט דריקט זיך אויס אין קונסט די הויכע מדרגה וואָס מיר פאַרנעמען אין דער ביאָלאָגישער וועלט. אָבער אויך אונזער טראַגעדיע פאַרקערפּערן מיר אין דער קונסט, די טראַגעדיע פון אַ קראַפט וואָס פילט איר שוואַכקייט, פון אַ חכמה וואָס זעט אירע גרענעצן, און פון אַ לעבן וואָס ווייס פון זיין סוף.

## קאפיטל IX

# די אויפגאַבן פון פילאָמיטאָלאָגיע

### א.

דער ענין מעשות איז סיי דירעקט סיי אומדירעקט אָנגערירט געוואָרן אויף פאַרשידענע פעלדער פון מענטשלאַכן פאָרשן. דאָס איז אַ צו גרויסער, צו אָנזעענדיקער, און צו וויכטיקער מאָמענט אין לעבן אַז מען זאָל אים ניט באַמערקן. סיי די וויסנשאַפטן וואָס האָבן צו טאָן מיט'ן איינצלנעם מענטשן, סיי אַזעלכע וואָס באַשעפטיקן זיך מיט'ן געזעלשאַפטלאַכן לעבן האָבן זיך פריער אָדער שפּעטער געמוזט אָנשטויסן אָן דעם פילאָמיטישן פאַקטאָר. אמת, פילאָמיטיע איז אין ערגיץ ניט געווען קיין הויפּט־פּונקט, און האָט ממילא ניט באַקומען איר פולע אינדוקטיווע אויפמערקזאַמקייט. *) אָבער דאָס איז אַ חסרון וואָס קען בלויז פאַרריכט ווערן ווען מיר וועלן שאַפן אַ באַזונדער צווייג פון פילאָמיטישן פאָרשן, וואָס זאָל זיך באַנוצן מיט די רעזולטאַטן פון אַלע אַנדערע וויסנשאַפטן. ווען מיר וועלן זיך ווענדן צו קולטור־געשיכטע, פאָלק־לאָר, קונסט־פאָרשונג, ליטעראַטור־געשיכטע, קינדער־פּסיכאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע פון סטיל, פּסיכאָאַנאַליז, קריטיק, רעטאָריק און עסטעטיק, וועלן מיר אומעטום געפינען רעזולטאַטן וואָס האָבן אַ פילאָמיטאָלאָגישן ווערט. עס נייטיקט זיך איצט צוזאַמען צו ברענגען אָט די רעזולטאַטן, צו פּרובירן שאַפן אַן אייגן פעלד, מיט אייגענע אינטערעסן און אייגענע מחלוקות'ן. דאָס דאָזיקע בוך איז

---

*) אין אויסנאַם איז בלויז פּסיכאָאַנאַליז. אָבער דאָרט האָט מען זיך אָפּגעגעבן בלויז מיטן פאַנטאַזירן, וואו ענג־פּערזענלאַכע פאַרלאַנגען שפּילן געוויינטלאַך די הויפּט ראָלע, און מיט פּרימיטיווער מיטאָלאָגיע. דאָס זענען ניט קיין צענטראַלע דערשיינונגען פון פילאָמיטישן לעבן.

אייגנטלאַך בלויז אַ קליינער פאַרזוך אין אַזאַ ריכטונג.

פאַראַן אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען וואָס מיר קענען האָפן צו פאַרענטפערן בלויז אין ליכט פון אַ סך אָנשטרענגונגען אויף אַלע פעלדער וואו נאָר דאָס פילאָמיטישע פאַרנעמט אַ פּלאַץ. מיר ווייסן, למשל, אַז דער אונטערשיד צווישן פּרימיטיוון פאָלק־לאָר און אַ מאָדערנער ליטעראַטור איז אומגעהייער גרויס, אָבער פּרימיטיווע מעשות און קינדער מעשות האָבן זיכער אַ גאַנץ גרויסע ענלאַכקייט. מענטשן האָבן דאָס תמיד געפילט, און ווי ווייט עס איז אונז באַקאַנט האָט מען אומעטום דערציילט די קינדער אַזעלכע מעשות וואָס שטאַמען פון פריערדיקע צייטן. דאָס איז פאָרגעקומען אין גריכנלאַנד און אין רוים, און, ווי מיר האָבן געזען, קומט דאָס זעל־ביקע פאָר ביי איצטיקע פּרימיטיווע שבטים. דאָס הייסט נאָך ניט אַז די פילאָמיטישע שאַפערישקייט ביי פּרימיטיווע מענטשן און ביי די קינדער איז גלייך אויף אַלע, אָדער אפילו אויף די וויכטיקסטע פּונקטן. דאָס הייסט בלויז, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע ענלאַכקייטן מיט וועלכע מענטשן האָבן זיך אומבאַוואוסטזיניק גאַנץ שטאַרק גערעכנט. עס וואָלט בלי ספק געווען זייער וויכטיק צו אַנאַליזירן אָט די ענלאַכקייטן סיי פון אַ פּסיכאָלאָגישן סיי פון אַ ליטעראַ־רישן שטאַנדפּונקט. דאָס וואָלט אייגנטלאַך געדאַרפט זיין אַ גרוי־סע פילאָמיטאָלאָגישע אויפגאַבע. דערווייל אָבער, ווייסן מיר בלויז געוויסע אומבאַשטימטע אַלגעמיינקייטן וועגן דעם ענין. מיר האָבן אָנונגען, איינדרוקן און אומזיכערע ידיעות אויף וועלכע מען קען ווינציק וואָס בויען.

עס איז דאָ ממש שווער זיך אַרויסצודרייען פון׳ם כשוף פון אַ לאַנג־פאַרשפּרייטער טעאָריע. אַרויסצוזאָגן דעם געדאַנק אַז קינדער פון אַ געוויסן עלטער דערציילן, אָדער האָבן ליב, מעשות פון פּרי־מיטיווע מענטשן אויף אַ געוויסער מדרגה פון ציוויליזאַציע, דאָס בלויזע אַרויסזאָגן אַזאַ געדאַנק האָט איז זיך אַ מערקווירדיקן רייץ. מיר וואָלטן דעמאָלט געקענט איינטיילן די קינדער אין, זאָגן מיר, פיער כסדר׳דיקע עלטערס. דערנאָך וואָלטן מיר איינגעטיילט די פּרימיטיווע ציוויליזאַציע אויף ענלאַכע פיער מדרגות, אַזוי, אַז עס זאָל אויסקומען פאַר יעדן עלטער אַ געהעריקע מדרגה פון פּרימיטי־ווער ציוויליזאַציע. דאָס וואָלט געווען זייער שיין און, דערהויפּט,

איינפאַך. פון׳ם רייץ פון אָט דער טעאָריע האָט מען זיך אויף אַנדערע וויסנשאַפטלאַכע פעלדער טאַקע ניט געקענט באַפרייען, אָבער פון׳ם מזל וואָס אָט די טעאָריע האָט געהאַט קען מען זיכער דרינגען אַז אויך בנוגע פּילאָמיטישע טענדענצן איז אַזאַ גראַד־ליניקע טעאָריע אוממעגלאַך. דאָס לעבן איז צו קאָמפּליצירט, אַז מען זאָל קענען מאַכן ווייטע און אויסגעהאַלטענע פאַרגלייכן צווישן אַ געוויסן עלטער פון היינטיקע קינדער און אַ געוויסער מדרגה פון פּרימיטיווער ציוויליזאַציע, אַפילו ווען מען זאָל שוין דערלאָזן דעם באַגריף פון כסדר׳דיקע ציוויליזאַציע מדרגות.

דאָס הייסט נאָך אָבער באַין אופן ניט אַז עס זענען ניט פאַראַן קיין וויכטיקע ענלאַכקייטן צווישן קינדער און דעם פּרימיטיוון לעבנסשטייגער, כאָטש מען קען ניט איינזען קיין כסדר׳דיקייט און אויסגעהאַלטנקייט. דאָס מאַכט נאָך וויכטיקער און שווערער די פּילאָמיטאָלאָגישע אויפגאַבע. וואָרים אַ גוטע פאַרשטענדעניש פון אָט די פּונקטן פון ענלאַכקייט וועט פון איין זייט אָנווייזן אויף אַ סך וויכטיקע פּרטים אין פּילאָמיטישע טענדענצן, און פון דער אַנדער זייט וואַרפן אַ ליכט אויף דער אַלגעמיינער פאָלקלאָריסטישער און ליטעראַרישער עוואָלוציע.

קומען מיר אַביסל נענטער צו אונזער צייט, האָבן מיר אויך גענוג ספּעציעלע און וויכטיקע פּראָבלעמען פאַר פּילאָמיטאָלאָגישע פאָרשונגען. קינדער־פּסיכאָלאָגן ווייזן טיילמאָל אָן אויף טיפערע אונטערשידן צווישן אינגלאַך און מיידלאַך בנוגע לייענען. מען האָט זיך אָבער געגעבן צו ווייניק מי אויסצוגעפינען אויף וויפיל דאָס נעמט זיך פון אַ גאַנץ צופעליקן דרוק פון דרויסן. עס זענען פאַראַן ספּעציעלע פאָדערונגען וואָס מיר שטעלן אינגלאַך און אַנדערע צו מיידלאַך. עס זענען דאָך פאַראַן ספּעציעלע „אינגלאַך־ביכער“ און „מיידלאַך־ביכער“, ווי ווירקן אָט די פאַקטן אויף די לייען־אינטערעסן פון קינדער? מיר ווייסן, למשל, אַז אינגלאַך שפּילן זיך קיינמאָל ניט מיט קיין ליאַלקעס. מיר ווייסן אָבער אויך אַז ווען אַ אינגל פאַרווילט זיך יאָ אַמאָל צו שפּילן מיט אַ ליאַלקע, וועט מען אים גלייך מודיע זיין אַז דאָס פּאַסט ניט פאַר אים, אַז דאָס איז בלויז פאַר מיידלאַך. עס איז זייער מעגלאַך אַז בנוגע ביכער האָבן מיר אַ גאַנץ ענלאַכע לאַגע. אַ חוץ דעם איז מיר ניט באַקאַנט קיין

איין גרינטלאכע שטודיע איבער די אונטערשידן אין דערציילן, ד. ה. אין אייגן געשאפענע מעשות, צווישן אינגלאך און מיידלאך פון פארשידענע עלטערס. אויך דאס וואלט נאך קיין ענדגילטיקן ענטפער אויף דער פראגע ניט געגעבן, אבער דאס וואס פארשידענע עלטערס וואלטן דא געווען פארוויקלט, וואלט עס אונז לכל הפחות זייער פיל ארויסגעהאלפן. אין אלגעמיין, א וואקסנדיקע פילאמיטאלאגיע וואלט מיט דער צייט אנטוויקלט א געהעריקע טעכניס אונטערצוזוכן אזעלכע און ענלאכע פראגן, ביז מיר וואלטן טיפער אריינגעדרונגען אינ׳ם כאראקטער פון פילאמיטישע אינטערעסן און געקענט רעדן מיט מער באשטימטקייט וועגן אונטערשידן אין עלטער, געשלעכט,*)אפשר פאלק, און אפשר אויך געוויסע נעזעלשאפטלאכע שיכטן.

דערווייל געפינען מיר אין ביכער, אפילו פון גאנץ פארזיכטיקע שרייבער, פארשידענע גענעראליזאציעס וואס זענען געבויט אויף צופעליקע באאבאכטונגען און מיינונגען. ווען, למשל, מען דערציילט אונז אז וויבאלד מיר וועלן קינדער ניט דערציילן קיין וואונדער מעשות אין דער קינדהייט וועלן זיי שפעטער אויסוואקסן ציניקער, אדער וועלן בכלל שפעטער זיך באציען צו זאכן אויף א טרוקענעם אופן, **) ווען מען דערציילט אונז אזא מעשה, איז דאס געוואלטיק אינטערעסאנט. וויפיל וואלטן מיר ניט אוועקגעגעבן אויסצוגעפינען צי דאס איז טאקע אמת. דאס איז ניט בלויז

*) אינטערעסאנטע אינפארמאציע בנוגע טיפערע אונטערשידן צווישן אינגלאך און מיידלאך סיי אין זייער לייען־אינטערעסן, סיי אין לייען־פיואיקייטן, געפינט זיך אין דער נאר וואס פארעפענטלאכטער שטודיע Winnetka Graded Book List, Washburne and Fogel, 15.

עס איז אויך כדאי צו ברענגען א באמערקונג וואס ווילהעלם שטערן מאכט אין זיין פריער־דערמאנט בוך (ז. 142—143) : „לויט ווי ביז־איצטיקע באאבאכטונגען ווייזן זעט אויס, אז מיידלאך הייבן אן צו רעדן אביסל פריער פון אינגלאך, און גייען פארויס אויך אין זייער שפעטערדיקער אנטוויקלונג". אויב דאס זאל באשטעטיקט ווערן, וואלט מען זיך זיכער געדארפט רעכענען דערמיט ביים באטראכטן די פראגע וועגן די פילאמיטישע אונטערשידן צווישן אינגלאך און מיידלאך.

**) Religious Education Through Story-Telling. K. D. Cather, 1925, 89.

אינטערעסאַנט פון שטאַנדפונקט פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע, אָדער דערציאונג, נאָר בכלל ווי אַ פילאָמיטאָלאָגישע אַנטדעקונג, דאָס — אויב אמת — וואָלט דאָך אונז געוויזען אַ וועג צו מעסטן די ווירקונג פון פילאָמיטישן מאַטעריאַל. אָבער כאָטש די דערמאָנטע שרייבערין האָט אמת'ע פאַרדינסטן אויפ'ן פעלד פון קינדער מעשות, איז אָבער איר פריער־געבראַכטע השערה געבויט אויף לופט און זייפן בלאָזן. אַזעלכע השערות זענען אפשר דערלאָזבאַר אין פּאָפּולערע רעדעס וועגן דערציאונג, נאָר קיין וויסנשאַפטלאַכע באַווייזן זענען ניטאָ, און ווען זיי וואָלטן יאָ געווען וואָלטן זיי אַזאַ השערה מסתמא אין גאַנצן ניט באַשטעטיקט.

אַ באַזונדערס וויכטיקע פראַגע איז די פראַגע וועגן די גרעניצן צווישן דעם פשוט'ן באַריכט און דער מעשה, וואָס אַן אָנהויב דערפון איז געמאַכט געוואָרן אין אַ פריערדיק קאַפּיטעל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט שוין ממילא געפירט צו אַ סך ספּעציעלע שטודיעס, ווי, למשל, די ווירקונג פונ'ם מגיד און זיינע משלים, די אַנטוויקלונג פון בריוונשטעלעריי, די אַנטוויקלונג פון נייעס־שרייבן אין טעגלאַכע צייטונגען, (וואָס האָט זיך, גלויב איך, אָנגעהויבן מיט גאַנץ טרוקענע באַריכטן און האָט מיט דער צייט אַנטוויקלט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן געמיש צווישן דעם באַריכטאַרטיקן און דעם פילאָמיטישן), א. ד. ג. אַ חוץ דעם האָבן מיר די גרויסע דערשיינונג פון שונד, וואָס איז אַזוי ווינציק אויסגעפאָרשט געוואָרן. איך האַלט אַז דערמיט האָבן מיר ניט אַזוי ווייט געזינדיגט אַנטקעגן שונד ווי אַנטקעגן דער קינסטלערישער ליטעראַטור, ווייל דאָס איגנאָרירן שונד דערלאָזט ניט מיר זאָלן פאַרשטיין דאָס פילאָמיטישע אינ'ם מענטשן און, ממילא, זיינע העכערע ליטעראַרישע באַדערפענישן. עס דאַרף איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיין קלאָר פאַר יעדן פון אונז, וואָס פאַרמאָגט די מינדסטע וויסנשאַפטלאַכע נייגיריקייט, אַז ווען מיליאָנען מענטשן ווערן באַגייסטערט פאַר אַ זאַך דעמאָלט איז אונזער עובדא צו דערקלערן, ניט צו געבן דערויף אַ מאַך מיט דער האַנט. בלויז פאַר אַ נערוועזער סאַלאָן־דאַמע פּאַסט אין אַזאַ פאַל צו זאָגן „פע!“ דאָס גיט אונז גאָר ניט, פון דעם ווערט אונז קיין זאַך ניט קלאָר. פאַר אַן אמת'ער ליטעראַרישער פאַרשטענדעניש איז די געשיכטע פון שונד אַ האָר ניט ווײַ־

ניקער וויכטיק איידער די געשיכטע פון ליטעראַטור, און דאָך ווייסן מיר פון דער ערשטער כמעט גאָר ניט. מיר האָבן אפילו ניט קיין דעפיניציע וואָס זאָל, מעג עס זיין אויפ'ן סכעמאַטישסטן אופן, אונטערשיידן צווישן קונסט און שונד בכלל. עס איז קלאָר פאַר־וואָס שונד זאָל אָפטמאָל ארויסרופן דאָס געפיל פון „פע", אָבער אַ מעדיקער שטודירט אַלע פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן, אפילו די „מיאוס'ע" אויך. דאָס זעלביקע איז אמת אויך אין פילאָמיטיע. אַ וויסנשאַפטלאַכע דיסציפּלין וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַלע פילאָמיטישע און פילאָמיטיש־ליטעראַרישע מאַניפעסטאַציעס, וועט זיין פאַר אונז אַ גרויס געווינס. עס וועט געביטן ווערן די אָריענ־טאַציע, עס וועלן געשאַפן ווערן נייע ווערטן, וואָס וועלן אריבער־שטייגן די גרענעצן פון ליטעראַטור און שונד. דאָס וועט הייסן, אַז מיר קומען צו צום אמת'ן מקור פון דער ליטעראַרישער קונסט.

אין פלוג וואָלט מען געקענט מיינען, אַז די רייכע מאַטעריאַלן וואָס זענען געשאַפן געוואָרן און וואָס האַלטן אין איין געשאַפן ווערן אין פאַרבינדונג מיט ליטעראַטור, דאַרפן זיין אַ גרויסע הילף אין פילאָמיטאָלאָגישע אונטערזוכונגען. דאָס איז אָבער ווייט ניט אַזוי. בלויז ביי קריטיקער מיט גרעסערע, טעאָרעטישע אַמבי־ציעס קען מען געפינען געוויסע זייער וויכטיקע באַטראַכטונגען וואָס קענען זיין נוצלאָך פאַר אונזער צוועק. על פי רוב איז דער אָנגענומענער צוגאַנג צו ליטעראַטור גיכער אַ שטערונג איידער אַ הילף צו פאַרשטיין דעם ענין. דער שרייבער וועגן ליטעראַטור לעבט אין אַ ספערע וואָס פירט אים צו באַנוצן שפּראַך אויפ'ן זעלביקן אופן אויף וועלכן עס באַנוצט זי דער קינסטלער. ער האָט על פי רוב אין זינען ניט דאָס דערקלערן און פעסטשטעלן, נאָר דאָס שאַפן שטימונגען און באַציאונגען. דאָס אַליין וואָלט אים גע־מאַכט פילאָמיטאָלאָגיש איבעריק, אָבער ניט שעדלאָך. שעדלאָך ווערט ער דעמאָלט ווען ער נעמט אָן אַ גאַנץ קלאָרן טאָן פון אַ דערקלערער און מאַכט אַזעלכע פלוצלונגע איבערגענג פון וויסנ־שאַפטלאַכער שפּראַך צו דיכטערישן געמיט־אויסדרוק אַז עס באַ־קומט זיך פּשוט'ער אומזין. דעמאָלט ווערט ער פאַרפירעריש אי פאַר זיך אי פאַר'ן לייענער.

דאָס איז אמת אין אַלע שפּראַכן.*) אפילו אַ מענטש וואָס איז געוואוינט צו באַנוצן שפּראַך מיט וויסנשאַפטלאַכער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט באַקומט גאָר אַן אַנדער אָריענטאַציע ווען ער שרייבט וועגן ליטעראַטור. איך רעד שוין ניט וועגן די פאַלן ווען עס זינגט די מליצה און די שפּראַכלאַכע אָרנאַמענטיק, וואָס שטיצט זיך בלויז אויף קונציקע עפעקטן. אָבער אפילו דער ערנסטער ליטעראַטור דענקער וואָס איז באמת פאַרינטערעסירט עפּעס קלאָר צו מאַכן, פאַלט אָפט אריין אין שאָטנדיקע גענעראַליזאַציעס וואָס זענען געבויט אויף צופעליקע סברות.

סוף כל סוף איז גאָר ניט פאַראַן וואָס אויסצוזעצן אַנטקעגן אַזאַ מין שרייבן, נאָך אַלעמען ווענדט זיך עס דאָך אין גאַנצן אָן דער כונה פונ׳ם שרייבער. אויב זיין כונה איז אַרויסצוברענגען עמאָציאָנעלע שטעלונגען, דעמאָלט איז ער זייער פיל אָנגעוויזן אויף סטיל, טעכניק און לייכט־שוועבנדיקע גענעראַליזאַציעס, און זייער ווייניק אויף פאַקטן, צאָלן אָדער באַגריפן, ממילא מוז ער שרייבן אין הסכם מיט אָט די נויטן. אויך אין דער וויסנשאַפט — ספּעציעל אויף דער פילאָזאָפישער מדרגה — זענען טיילמאָל פאַראַן אַזעלכע נויטן, און דעמאָלט טוט דער וויסנשאַפטלער פונקט דאָס זעלביקע וואָס דער שרייבער איבער ליטעראַטור. אַרומצושוועבן אין אַ וועלט פון מיסטעריעס און ניט פילן אויף זיך דעם חוב, אַז מען דאַרף אַנאַליזירן אָדער פעסטשטעלן, איז אַן אַלגעמיין מענטשלאַך פאַרגעניגן. דאָס איז אייגנטלאַך די העכסטע פאָרם פון „אָראָפּרעדן זיך פון הארצן".

די צרה איז נאָר וואָס דאָס פירט אָפט צו אַן אַלגעמיינער „פרייהייט" פון געדאַנקען בעת מען שרייבט וועגן ליטעראַטור, וואו מען פילט זייער זעלטן, אַז מען דאַרף זיך וויסנשאַפטלאַך קאָנטראָלירן. עס קומט אויס אַז וועגן ליטעראַטור דאַרף מען בלויז „קענען שרייבן", דאָס איבעריקע איז שוין ניט אַזוי וויכטיק.

אָט שרייבט איינער וועגן אַש׳ן: „דעריבער טאַקע טרעפן מיר

*) זע די ביישפּילן וואָס אָגדען און ריטשאַרדס ברענגען פון דער ענגלישער ליטעראַטור וועגן דעם ענין.
The Meaning of Meaning, Ogden & Richards, 256.

ביי אש'ן פּראָבלעמען וואָס שטאַמען ניט פון זיין עצם איך, זיי זענען ניט דורך און דורך אויסגעוויטאָגט און אויסגעטראָגן אַליין דורך אים. זיי זענען שוין דורך אים איינגעזאַפּט פון לעבן. ער האָט זיי דערשפּירט אַלס קינסטלער, זיי אויפגענומען און באַשטראַלט מיט זיין דיכטערישן חיות. אָבער עס זענען דער עיקר צייט מאָטיוון, צייט־שטימונגען, וואָס קומען פון אויסן, פון ליטעראַטור און „לעבנס־השפּעות”. צו זאָגן אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַזעלכעס וואָס איז איינגעזאַפּט פון לעבן, וואָס שטאַמט פון ליטעראַטור און לעבן, וואָס דער קינסטלער דערשפּירט און באַשטראַלט מיט זיין דיכטערישן חיות, און דאָך שטאַמט עס אַלץ ניט פון זיין „עצם איך”, איז דאָס אַזאַ הוילער, אומזיניקער באַגריף פון אַן „עצם איך”, וואָס האָט מער קלאַנג איידער ממשות. אָבער ווען מען שרייבט וועגן ליטעראַטור איז נאָר ניט שייך אפילו צו פרעגן אַזעלכע קשיות. עס איז גאַנץ אָפט אַ מין אינטעלעקטועלע קאַליגראַפיע, אַ געדאַנקען־זשעסט. אָדער נעמט למשל אַזאַ מין זאָג: „אינטעלעקטואַליזם, אויב קינסטלעריש געבוירן, קינסטלעריש באַנומען — ניט ווי אַ טענדענץ, נאָר ווי אַ בלוטיקער טייל פון'ם קינסטלערישן וואָרט — איז ניט ווייניקער יחסן ווי געפיל, עמאָציע”. עס איז זייער מעגלאַך אַז דער דאָזיקער שרייבער ווייס גאַנץ קלאָר דעם טייטש פון „אינטעלעקטואַליזם” פון „עמאָציע”, און די איבעריקע ווערטער. אָבער עס לייגט זיך גאָר ניט אויפ'ן שכל ער זאָל האָבן געשריבן דעם ציטירטן זאַץ מיט'ן פולן באַוואוסטזיין פון פירוש המלות, ווייל דאָס וואָס ער זאָגט קען מיינען וואָס איר ווילט אין דער וועלט, און אפילו וואָס איר ווילט ניט.*)

---

*) אין אַרטיקלען איבער ליטעראַטור באַמערקט מען זייער אָפט אַן אופן פון רעזאָנירן וואָס מען וואָלט געקענט אָנרופן דער ליטעראַרישער „ד ע ר פ אַ ר”. דיכטער ווייזן געוויינטלאַך אַרויס אייגנאַרטיקייטן וואָס מען זוכט צו דערקלערן, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, זייער אַן אינטערעסאַנטע אויפגאַבע. אָבער בדרך כלל טוט מען עס אַזוי: „דער דיכטער, ראובן, זעט זאַכן בלויז פון אינווייניק, ד ע ר פ אַ ר איז ער אינדיווידועל”, אָדער: „באַם דיכטער, שמעון, איז די נאַטור אַ נאָענטע, אייגענע זאַך, ד ע ר פ אַ ר פילט ער זיך אַזוי היימיש מיט וואַלד און פעלד”. אויב די דאָזיקע אורזאַכלאַכע צוזאַמענהאַנגען האָבן

נאָך אַ ביישפּיל פון לייכטקייט אין לייכטזיניקייט ווען עס קומט צו ליטעראַטור האָבן מיר אין דער מבינות קריטיק. צו זאָגן מבינות וועגן אַ ליטעראַריש ווערק איז אפשר ניט קיין הויכע מדרגה פון קריטיק, אָבער זיכער אַ הויכע מדרגה פון אַ קריטיקער. מבינות איז אַ טעאָריע וואָס ווערט פּאַרווירקלאַכט, אַ סיסטעם פון פּרינציפּן וואָס ווערן אַוועקגעשטעלט אויף אַ נסיון דורך זייער אָנווענדבאַרקייט אין לעבן. בלויז אַזאַ קריטיקער, וואָס האָט שוין קלאָר פאָרמולירט זיין בליק און זיין אויפפאַסונג קען זיך פאַר־גינען צו טאָן די טאָג־טעגלאַכע אַרבעט פון אָנווענדן אין דער פּראַקטיק דאָס צו וואָס ער איז געקומען דורך לאַנגע אָנשטרענ־גונגען, ד. ה. דורך זיינע באַמיאונגען פעסטצושטעלן די ספּעצי־פישקייטן פון זיין געניסנדיקן שאַפן. מבינות־זאָגעריי איז אָפט־מאָל אַ קליינער רעזולטאַט, אָבער תמיד אַ רעזולטאַט פון אַ גרוי־סער אורזאַך. פּונקט ווי דער קלענסטער אומוויכטיקסטער דיאַג־נאָז פון אַ דאָקטער איז אַ פּועל יוצא פון אַ לאַנגן פּראָצעס פון לערנען און פאָרשן. אין ליטעראַטור אָבער איז מבינות — אָנ־שטאָט צו זיין דער סאַמע שפּיץ פון דער געביידע — דער ערשטער אויסגאַנג־פּונקט. אין שרייבן וועגן ליטעראַטור פילט מען אַז מען קען אַזוי פיל פאַרדעקן מיט שפּראַך, אַז אפילו דער אָנפאַנ־גער וועט זיך גאָר ניט שרעקן גלייך אַרויסצוקומען מיט מבינות, און וועלן דינען פאַר אַ פּראַקטיש עצה־געבער און וועג־ווייזער, דאָס וואָס אין אַ וויסנשאַפט איז ניט מעגלאַך.

אָט אָ דער גייסט וואָס ברענגט אַריין אין דער ליטעראַטור־טעאָריע אַזעלכע לייכט־פליסנדיקע דעדוקציעס, וואָס זענען אָפט געבויט אויף אַ צופעליקן איינפאַל, אָט אַזאַ גייסט איז סם המות פאַר יעדן פאַרזוך אין אַן אינדוקטיווער וויסנשאַפטלאַכער ריכטונג. עס איז קיין ספק ניט אַז דער פרייער זאָרגלאָזער אופן פון באַנוצן שפּראַך האָט זייער שטאַרק געווירקט אויף דער אָפטער קעגנער־

---

בכלל אַ זינען, מיינען זיי דאָס זעלביקע ווי מען וואָלט זאָגן: „יחזקאל גאָמבינער פירט געשעפטן, ד ע ר פ אַ ר איז ער אַ סוחר“, אָדער פאַרקערט. אָט דער ליטעראַרישער „ד ע ר פ אַ ר“ זאָגט אבסאָלוט גאָרניט, פונדעסטוועגן געפינען מיר אים שוין צו אָפט אין רעצענזיעס און אין עסייען איבער ליטעראַטור.

שאַפט, אַפילו שנאה, וואָס מענטשן פון קינסטלערישן לאַגער האָבן געפילט צו דער וויסנשאַפט וואו שטרענגע שפּראַכלאַכע פּינקט־לאַכקייט איז אַזוי נייטיק.*)

ד.

די שייכות צווישן פילאָמיטיע און חלומות זעט זיך נאָך בולט'ער אַרויס זינט די פסיכאָאַנאַליטישע פאָרשונגען זענען פאַר־עפנטלאַכט געוואָרן, וואָרים די פאָרמולע „דערפילונג פון אַ פאַר־לאַנג“ מיט וועלכער פרויד דערקלערט חלומות — כאָטש דאָס איז אַן איינזייטיקע פאָרמולע און קען ווייט ניט גיין — האָט אין זיך גענוג אמת און גענוג ענלאַכקייט צו געוויסע פילאָמיטי־שע עלעמענטן, אַז די שייכות'ן צווישן זיי זאָלן זיין פאַר אונז וויכטיק. אמת, אין חלומות האָבן מיר מער צו טאָן מיט בילדער ווי מיט שפּראַך, און אויף אַזוי פיל געהערן זיי גיכער אין דער ספערע פון פאַנטאַזירן איידער פון דערציילן. דאָך זענען דאָ פּאָרט פאַראַן שייכות'ן וואָס האָבן פאַר אונז אַ באַזונדערן ווערט.

אַ חוץ דעם האָבן מיר אויך אין חלומות צוויי זיגזאַגן, אַ זיגזאַג פון געשען און אַ זיגזאַג פון דערציילן, וואָס זענען ניט ביידע גלייך. וואָרים ווי פרויד האָט ריכטיק אָנגעוויזן, איז דער גע'חלומ'טער חלום גאָר עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס מען דער־ציילט בעת מען איז שוין וואַכעדיק. באַם דערציילן דעם חלום ברענגט מען אַריין ענדערונגען, און גראָד זייער וויכטיקע ענדע־רונגען, און דאָ האָבן מיר שוין אַ גאַנץ קלאָרע פילאָמיטישע דער־שיינונג.

קומען מיר צו הומאָר — אַזאַ געוואַלטיק וויכטיקער מאָ־מענט אין דערציילן — איז דאָס פעלד נאָך אַ סך וויכטיקער

---

*) היינטיקע צייטן איז שוין די דאָזיקע שנאה כמעט ווי פאַר־שוואונדן. פאַראַן גענוג געבילדעטע קינסטלער וואָס קענען שוין איינזען די טבע פון וויסנשאַפטלאַכער קרעאַטיוויטעט, און זיי פאַרשטייען שוין אויסגעצייכנט אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן קיין סתירה צווישן צוויי קעגנערישע אמת'ן. געיטע'ס ביטערע פאָלעמיק אַנטקעגן ניוטאָנען וואָלט היינט צו טאָג זיכער אַרויסגערופן אַ שמייכל באַ די היינטיקע געיטעס.

באארבעט איידער חלומות. הומאר איז נאך אלץ „דאס ווייטע, אומבאקאנטע לאנד" אין פסיכאלאגיע. אמת, די פסיכאאנאלי־טיקער האבן אויך דא געפארשט און געמאכט דרייסטע השערות. אבער זייערע רעזולטאטן בנוגע הומאר זענען זייער ארים. אין אלגעמיין, האב איך מורא, אז דאס דאזיקע פעלד ליידט זייער פיל צוליב דעם וואס עס ווערט באצייכנט מיט איין ווארט „הומאר". פון א לייכטער ווארט־שפיל, וואס רופט ארויס גע־לעכטער, ביז א ווערק ווי טביה דער מילכיקער, איז דאך אזא שווינדלענדיקער מהלך, אז עס לייגט זיך קוים אויפ'ן שכל מען זאל קענען דערקלערן ביידע מיט איין איינציקן פרינציפ. די פי־זיאלאגיע פון פרייד און געלעכטער איז היינט שוין א היפש ביסל קלאר, אבער פארוואס זאלן געוויסע סיטואציעס און אויסדרוקן ארויסרופן פרייד און געלעכטער, דאס איז אן ענין וואס איז נאך זייער טונקל. דערצו פאדערט זיך א באזונדער אנאליז פון דער ראליע פון דער קאמישער סיטואציע אינ'ם זיגזאג פון געשעעץ, און פון הומאר אינ'ם זיגזאג פון דערציילן, צוזאמען מיט א קלאסי־פיקאציע פון די געלעכטער־מאמענטן אין לעבן בכלל.

ה.

ווען אזעלכע פראבלעמען וועלן אוועקגעשטעלט ווערן אין שכנות מיט די מער דירעקטע פראבלעמען פון דער ליטעראַרישער קונסט וועט עס זיין א גרויס געווינס פאר אלע מאמענטן פון דערציי־לערישן שאפן. די פראגע פון סטיל און רעטארישע פיגורן, די פונקציעס פון פאעזיע און פראזע און — ואחרון אחרון חביב — די אייגנארטיקע היסטארישע אנטוויקלונג פון דער קינסטלערישער ליטעראטור, ווען אט די אלע פארשונגען ווערן פארייניקט און געפירט אונטער איין דאך, זעט מען ערשט וואסער ריזיקער בנין עס וואלט געקענט אויפגעבויט ווערן.

ווען מען קוקט זיך צו צו די אויפגאבן וואס עס האט פאר זיך א וויסנשאפט פון די מענטשלאכע פילאמיטישע טענדענצן, זעט מען די געוואלטיקע ראלע וואס דאס דערציילן, ווי עס ווערט דא פארשטאנען, שפילט אין לעבן. אין ווייטן און נאענט אל־

טערטום פונקט ווי אין דער מאָדערנער ציוויליזאַציע; אין די קינדער יאָרן, אין די מיטעלע יאָרן און אויף דער עלטער, אונטער אַלע באַדינגונגען און אין אַלע צייטן ווייזן זיך אַרויס די פונקציעס פון מעשות, ניט ווי צופעליקע איינפאַלן נאָר ווי אָרגאַנישע טיילן פון אַ געזונט, נאָרמאַל, מענטשלאַך לעבן. מען האָט אָפט דעפינירט דעם מענטשן לויט די ספּעציעלע כאַראַקטער־שטריכן וואָס בלויז ער אַליין פאַרמאָגט: אַ מענטש איז אַ באַשעפעניש וואָס לאַכט, וואָס דענקט, וואָס רעדט, א. א. וו. עס וואָלט נאָך אפשר געווען כאַראַקטעריסטישער צו זאָגן אַז אַ מענטש איז אַ באַשעפעניש וואָס דערציילט, אַ פילאָמיטיש באַשעפעניש.

# רשימה פון ענינים און נעמען.

